ס ע ל מ א  ל א ג ע ר ל ע ף

# די לעגענדע
— פון —
# יעסטא בערלינג

פון שוועדישן:
מ ר ד כ י  פ א ר ל ע ר ע ר

ע ר ש ט ע ר  ט י י ל

מיט דער ספעציעלער דערלויבעניש פון דער דיכטערין

פ א ר ל א ג  „ק ו ל ט ו ר - ל י ג ע", ו א ר ש ע

# באמערקונג

דער איבערזעצער האָט זיך באמיט, ווי ווייט מעגלעך צו האלטן זיך נאָנט צום אָריגינאל; נאטירלעך, אָן שאָדן — אויך ווי ווייט דער איבערזעצער איז געווען פעאיק דערצו, — פארן יידישן סטיל.

אָפטמאָל קומען דאָ פאָר פראזן-איבערחזרונגען. דער איבערזעצער האָט זיך נישט דערלויבט צו קירצן די איבער-חזרונגען, ווייל דאָס געהער צו די אייגנארטיקייטן פון לאגער-לעפס סטיל. אויך בנוגע דער צייט-פאָרם האָט זיך דער איבער-זעצער געהאלטן נאָנט צום אָריגינאל, באנוצנדיק די געגנווארטס-פאָרם, דאָרט וואו לאגערלעף באנוצט זי.

מ. פ.

מײן ברודער י ש ר א ל  י ע ק ב'ן
די איבערזעצונג געהײליקט.

מ. פּ.

## קאַפּיטל 1.

# דער גלח

ענדלעך, איז דער גלח געשטאנען אויפן באַלעמער.

די דאווענער האָבן אויפגעהויבן זייערע קעפּ. אלזאָ, ער האָט זיך פאַרט באוויזן! דעם היינטיקן זונטאָג וועט הייסט עס, די הייליקע מעסע יאָ קאָנען פאָרקומען, נישט ווי ס'איז געווען דער פאַל דעם פאָריקן און די פיל פריערדיקע זונטאָגן.

דער גלח איז געווען אַ וואוקסיקער, שלאנקער און הערלעך שיינער ייִנגערמאן. אויב מ'וואָלט אים צוגעפּאסט אַ העלם צום קאָפּ און אים אָנגעהאנגען אַ שווערד און אַ שויך-פּאנצער, וואָלט ער געקאָנט דינען אלס מאָדעל פאר אַ סקולפּטאָר, כדי אויסגעהאקט צו ווערן פון מארמאָר, און דער דאָזיקער סטאטוע וואָלט מען געקאָנט אַ נאָמען געבן נאָך איינער פון די שענסטע אלט-גריכישע געשטאלטן.

דער גלח האָט געהאט די טיפע אויגן פון אַ פּאָעט, און די פעסטע קיילעכדיקע גאָמבע פון אַ פעלדמארשאל. אלץ איז ביי אים געווען שיין, איידל און אויסדרוקספול, דורכגעגליט פון גאונות און גייסטיקן לעבן.

די עדה אין קירך האָט זיך דערפילט עפּעס אזוי מאָדנע צוגעשמידט, דערזעענדיק אים היינט אין אזא אומגעוויינלעכן מעמד. זיי זענען גיכער געוואוינט געווען צו זען אים אַ וואַקלדיקן ארויסקומען פון דער קרעטשמע, אין דער געזעלשאפט

פון פרייל̇עכע חברים, אָט, ל̇משל, אזעלכע ווי בערנקרייך, דער פוילקאָווניק מיט די גרויסע ווייסע וואָנסעס, אָדער דער בעל־כּוח קאפיטאן קרישאן בערג.

דער גלח האָט ל̇עצטנס אזוי פיל געשיכורט, אז ער האָט במשך פון א שיינע פּאָר וואָכן נישט געקאָנט דערפיל̇ן די פליכטן פון זיין אמט: די געמיינדע האָט געמוזט אריינ־טראָגן אן אָנקלאגע אויף אים, צוערשט צו זיין דעקאן, נאָכ־הער צום ביסקופּ, ווי אויך צום קאָנסיסטאָריום. איצט איז דער ביסקופּ אראָפּגעקומען אין דאָרף אריין חוקר־ודורש צו זיין די זאך און אָפּצוהאלטן דעם משפט איבער אים.

דער ביסקופּ איז איצט געזעסן אויבן־אָן, אויף „מזרח", מיט א גאָל̇דענעם צלם אויף דער ברוסט, און די שול־גל̇חים פון דער שטאָט קארל̇שטאד ווי אויך די פּראָבאָשטשן פון די שכנות'דיקע פּאראפיעס זענען געזעסן ארום אים.

דעם גל̇חס אויפפירונג איז שוין בלי־ספק וויט אריבער־געשטיגן די גרענעץ פון דערל̇אָזבארן, הגם צו יענער צייט — אָנהויב צוואנציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט — האָט מען בכל̇ל נישט אזוי שטרענג פאראורטיילט דאָס שכרות. אָבער דער דאָזיקער מענטש האָט צוליב זיין זויפן אָן א שיעור שטארק פארל̇אָזט זיין אמט, און איצט שטייט אים טאקע פאָר צו פארלירן דאָס גל̇חות.

ער איז געשטאנען אויפן באל̇עמער, אָפּוואַרטנדיק ביז די עדה וועט אָפּזינגען דעם ל̇עצטן פסוק פונם קאפיטל תהילים, וואָס מען זינגט פאר דער פריידיק.

שטייענדיק דאָרט פארזונקען אין מחשבות, האָט אים פל̇וצ־ל̇ינג באהערשט די באוואוסטקייט, אז אין דער דאָזיקער קירך האָט ער פאר זיך בלויז שונאים, — שונאים אויף אל̇ע שטענ־דערס, צווישן די פריצים וואָס אויפן באל̇קאָן; צווישן די פּוי־ערים; צווישן די קאָנפירמאציע־קינדער, וואָס אויף דער כאָר־בימה האָט ער אויך געהאט שונאים. וואוהין ער זאָל̇ איצט נישט ווענדן זיין בליק, — בלויז שונאים. א שונא איז געווען דער, וואָס האָט געדריקט די פּעדאל̇ן פונם אָרגל̇, און א שונא

אויך דער, וואָס האָט אויף אים געשפּילט. אויף די שטענדערס פון די קירך-גבאים האָט ער אויך געהאט שונאים, אלע האָבן אים געהאסט, אָנהויבנדיק פון די פיצלעך קינדער, וועלכע מען האָט אויף די הענט געבראכט אין קירך ביז צום שמש, — אַן אומפּריינטלעכער פארשטייפטער זעלנער, וועלכער האָט נאָך אמאָל אנטיילגענומען אין דער שלאכט ביי לייפּציג.

דער גלח האָט שוין געוואָלט פאלן אויף די קני פאר זיי און בעטן מען זאָל רחמנות האָבן אויף אים. אָבער באלד האָט אים באהערשט א טיפער כעס. ער האָט זיך איצט גוט דערינערט, ווער ער איז געווען פאראריאָרן בשעת ר'איז צום ערשטן מאָל ארויפגעשטיגן אויף דעם דאָזיקן באלעמער. דאַ-מאָלסט איז אויף זיין פערזענלעכקייט קיין שום שאנד-פלעק נישט געווען. אָ, ניין, דאמאָלסט איז ער געווען א טאדלאָזער מענטש און איצט איז ער דאָ געשטאנען און אראָפּגעקוקט אויף דעם מאן מיטן גאָלדענעם צלם ארום האלז, וועלכער איז דאָ אהערגעקומען, כדי אים צו משפטן.

בשעת ר'האט געדאווענט „פון פארנט", איז איין בלוט-פאליע נאך דער אנדערע אים געקומען אין פנים אריין: דאס איז געווען דער כעס.

ס'איז טאקע אמת, אז ער האט געשיכורט, אבער ווער האט עס א רעכט אים אנצוקלאגן דערפאר? צי האט דען עמיצער זיך אמאל מטריח געווען א קוק צו טון צו דעם גלחישן הייזל, וואו ער האט געמוזט פארברענגען זיין לעבן? דער סאסנאווער וואלד האט פינסטער און אומעטיק איינגעקוקט אין די פענסטער, די פייכטקייט האט געקאפּעט פון די שווארצע סופיטן און אראפּגערונען איבער די פארשימלטע ווענט. צי האט דען דער מענטש נישט געדארפט האבן א גלעזל בראנפן, כדי צו דערהאלטן ס'חיות אין זיך, בשעת א רעגן אדער א שניי-זאוויערוכע האט אריינגעכליאסקעט דורך די צעבראכענע פענסטער-שויבן און דאס אפּגעלאזענע, שלעכט באארבעטע שטיקל גלחישע נחלה האט נישט געוואלט געבן גענוג ברויט, כדי נישט צו פארהונגערן?

ער האט געטראכט, אז ער איז גראד אזא גלח, ווי זיי האבן זיך עס כשר פארדינט. אלע האבן זיי דאך געשכורט אן א מאָס, טא פארוואס האט נאר ער אליין זיך געדארפט באהערשן? דער מאן, וועלכער האט אקארשט צו קבורה געבראכט זיין ווייב, האט זיך בשעת דעם מנחם-אבל-מאלצייט אנגעזויפן ביז טויט שכור. דער פאטער, וועלכער האט געלאזט טויפן זיין ניי-געבוירן קינד, האט באלד דערנאך געמאכט א זויף-הוליאנ-קע. צוריקגייענדיק פון קירך, האָבן די מתפללים תמיד גוט גע-שיכורט, אזוי אז אהיימקומענדיק איז דער רוב פון זיי געווען אנגעשיכורט ביז צום פארלירן דעם באוווסטזיין. נישקשה, ס'איז זיי בנאמנות אנגעשטאנען צו האבן א שכורן גלח אויך!

דעם ביטערן טראפן האט ער זיך אויסגעלערנט ליב צו האבן בשעת זיינע אמטלעכע רייזעס, ווען ער האט אין זיין דינעם פאלטנדל געמוזט מאכן מיילן-ווייטע נסיעות איבער פארפרוירענע טייכן, וואו פון אלע זייטן האבן געבלאזן שרעקלעך קאלטע ווינטן. ווי אויך בעת ר'האט זיך איבער די זעלביקע טייכן אין שטורם און שלאקס-רעגן ארומגעטראסקעט אין אן אפן שיפל. דאסגלייכן בשעת ער האט אין א שניי-זאווערוכע געמוזט ארויסשטייגן פונם שליטן און מאכן פארן פערד א וועג דורך די שניי-קופעס, וואס זענען געווען הויכע ווי הייזער, ווי אויך בעת ר'האט זיך געמוזט שלעפן איבער די ווייטע וואלד-זומפן...

די טעג פון א גאנץ יאר האבן זיך פויל געשלעפט אין שווערן אומעט. סיי דער פויער, סיי דער פריץ זענען מיט אלע זייערע מחשבות ארומגעגאנגען געבוגדענע צום שטויב פון דער ערד. אבער אין אוונט האבן זייערע נשמות, באפריי-טע דורכן בראנפן, אראפגעווארפן פון זיך די קייטן פון די טאג-טעגלעכע דאגות. דאן איז געקומען די באגייסטערונג, ס'הארץ האט זיך דערווארעמט, ס'לעבן האט געשטראלט, גע-זאנג האט געהילכט, און רויזן האבן געשמעקט. די שיינק-שטוב פונם גאסט-הויז האט זיך דאן פאר אים פארוואנדלט אין א רייצנדן בלומען-גארטן אונטער א דרומדיקן הימל. וויינטרויבן

און אליוון זענען אראפגעהאנגען איבער זיין קאפ, מארמאר־סטאטועס האבן געבלאנקט אינם טונקעלן געצווייג, חכמים און פאעטן האבן ארומשפאצירט אונטער פאלמען און פלאטאנען.

ניין, ער, דער גלח, וועלכער איז איצט געשטאנען אויפן באלעמער, ער האט געוואוסט, אז אין די דאָזיקע מקומות איז א לעבן אן בראנפן נישט קיין לעבן. אלע זיינע צוהערער האבן עס אויך געוואוסט און דאך האבן זיי אים איצטער גע־וואלט פאראורטיילן.

זיי האבן פון אים געוואלט אראפרייסן די גלחישע טאגע, דערפאר, וואס ער איז שכורהייט געקומען אין הויז פון זייער גאט. אך, צי האבן דען אט די אלע מענטשן געהאט, צי האבן זיי גאָר געוואלט האבן אן אנדערן גאט, אחוץ דעם בראנפן?

אָפדאוונענדיק „פון פאָרנט" האָט ער, בוקנדיק זיך, אָפגעזאָגט דעם „פאָטער אונזער".

אן אטעמלאָזע שטילקייט האָט בשעת דער דאָזיקער תפילה געהערשט אין קירך. אָבער פלוצלינג האָט דער גלח פעסט אָנגעכאפט די ביידע קראגן־בענדלעך פון דער טאָגע. ס׳איז אים איצט פאָרגעקומען, אז די גאנצע עדה מיטן ביסקופ בראש גנבענען זיך אויפן באלעמער ארויף, כדי פון אים אראָפ־צורייסן די טאָגע. ער איז געלעגן אויף די קני און נישט געוואגט אויסצודרייען דעם קאָפ, אָבער ער האָט ווי געפילט, אז זיי רייסן אין די בענדלעך, און ער האָט זיי אלע בולט געזען, — אי דעם ביסקופ, אי די שול־גלחים און די פראָ־באָשטשן, ווי אויך דעם קירך־אויפזעער און די גאנצע עדה מתפללים און אין לאנגער ריי, — רייסנדיק און פליקנדיק אין די בענדלעך, כדי לויז צו מאכן די טאָגע. אין זיין דמיון האָט ער אויך בולט געזען דעם המשך פון דער דאָזיקער סצענע: אָט אלע די מענטשן, וועלכע האָבן איצט מיט אזא ברען געריסן פון אים די טאָגע, וועלן לסוף פאלן איינער איבערן אנדערן, בשעת די בענדלעך וועלן זיך אָפרייסן. און די גאנצע ריי מענטשן אונטן אין קירך, וועלכע האָבן זיך נישט געקאָנט צושטופן צו אים און האָבן בלויז געקאָנט

שלעפּן דעם נאָנטסטענס פּאָלעס, וועלן אויף פאלן. ער האָט עס זיך אזוי לעבעדיק פאָרגעשטעלט, אז ר'האָט אזש געמוזט שמייכלען דערביי. אָבער גלייכצייטיק האָט א קאלטער שווייס ארויסגעשלאָגן אויף זיין שטערן. אך, ווי שוידערהאפט דאָס אלץ איז פאָרט!

ער וועט, הייסט עס, איצט ווערן א פארשטויסענער מענטש, און אלץ צוליבן בראָנפן! א דעגראדירטער גלח וועט ער ווערן. א פארטריבענער פון זיין פאראפיע. צי איז דען אויף דער וועלט פאראן נאָך א געמיינערע זאך?

ער וועט איצט ווערן א בעטלער אויף די שליאכן, ליגן שכורערהייט אין שאָסיי-גרוב, גיין אָנגעטון אין שמאטעס און זיך חבר'ן מיט שלעפּערס...

די תפילה האָט זיך געענדיקט. ער האָט איצט געזאָלט אָנהייבן זיין פריידיק. אָבער א פּלוצלינגדיקער געדאנק האָט אים מיט אמאָל פארהאלטן די ווערטער אויף די ליפּן. ער האָט א טראכט-געטון, אז דאָס איז שוין ס'לעצטע מאָל, וואָס ער מעג שטיין אויף א באלעמער און פארהערלעכן גאָטס כבוד.

צום לעצטן מאָל! דאָס האָט אים טיף גערירט. ער האָט שוין איצט לגמרי פארגעסן אָן זיינע פריערדיקע מחשבות וועגן בראָנפן און וועגן ביסקופּ. איצט האָט ער בלויז געטראכט וועגן דעם, אז ער מוז אויסנוצן די לעצטע געלעגנהייט זיינע צו קאָנען אנטפּלעקן גאָטס כבוד.

ס'האָט זיך אים געדאכט, אז די פּאָדלאָגע פון דער קירך זינקט איין טיף, זייער טיף, צוזאמען מיט די צוהערער, און אז דער דאך הייבט זיך אויף אויף איין זייט, אזוי אז ער קאָן קוקן גלייך אין הימל אריין. ער איז איצט אן איינזאמער און פאר-לאָזענער געשטאנען אויפן באלעמער; זיין גייסט איז אוועק-געפלויגן צום אָפענעם הימל, וואָס איבער אים. זיין קול איז געוואָרן שטארק און גוואלטיק, און ער האָט אָנגעזאָגט גאָטס כבוד.

ער איז געווען א מענש פון אימפּראָוויזאַציע. ער האָט פארלאָזן די צוגעגרייטע אָנגעשריבענע פריידיק, און די מחשבות

האָבן זיך צו אים אראָפּגעלאָזן ווי א מחנה היימישע טייבעלעדי־ער האָט דערביי געהאַט דאָס געפיל, ווי נישט ער אליין רעדט דאָס. אָבער גלייכצייטיק איז אים קלאָר געווען, אז דאָס איז דאָס העכסטע גליק וואָס א מענטש קאָן דערגרייכן אויף דער וועלט: צו רעדן וועגן גאָטס הערלעכקייט, און אז קיין מענטש קאָן נישט שטייגן העכער אין פּראַכט און גלאַנץ ווי ער, ווען ער שטייט און זאָגט אָן גאָטס כבוד.

אזוי לאנג ווי די פייער־צונג פון באַגייסטערונג האָט איבער אים געפלאַמט, האָט ער כסדר גערעדט. אָבער ווי נאָר זי איז פאַרלאָשן געוואָרן און דער דאַך האָט זיך צוריק אראָפּ־געלאָזט אויף דער קירך, און די פּאָדלאָגע איז צוריק ארויפּ־געקומען פון ערגעץ טיף, טיף אונטן, — האָט ער זיך ווידער אראָפּגעבוקט און געוויינט, וואָרום ער האָט געוואוסט, אז ער האָט דאָ איבערגעלעבט דעם שענסטן מאָמענט פון זיין לעבן, און אז דאָס וועט זיך שוין קיינמאָל מער נישט איבערחזרן.

נאָך דער גאָט־דינסט איז פאָרגעקומען די קירך־אינספּעק־ציע און די אלגעמיינע פאַרזאמלונג פונם פּאַראָפיע־ראַט. דער ביסקופּ האָט געפרעגט, צי די גמינע האָט זיך עפּעס צו באַ־קלאָגן אויף איר גלח.

אָבער דער גלח איז שוין איצט נישט געווען בייז און ווידערשפעניק, ווי פאַר דער פרייִדיק. ניין, איצט האָט ער זיך געפילט פאַרשעמט, און אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַך, איצטער וועלן דאָך אלע מיאוסע בראָנפן־געשיכטעס אויפגעדעקט ווערן!

אָבער קיין איינע פון זיי איז נישט געוואָרן אויפגעד־דעקט. א פולקאָמע שטילקייט האָט געהערשט ארום דעם גרויסן טיש אין גמינע־שטוב.

דער גלח האָט אויפגעהויבן זיין בליק: צוערשט אויפן קירכן־אויפזעער... ניין, ער האָט געשוויגן, דערנאָך אויף די גבאים און דערנאָך אויף די חשובסטע פּויערים, און אויף די הויפּ־אייגנטימער און פּריצים... זיי האָבן אלע געשוויגן, צו־

נויפגעפרעסט די ליפן און אביסל זשענירט אראָפּגעקוקט אויפן טיש.

„מסתמא ווארטן זיי נאָר, אז עמיצער זאָל אָנהויבן״, האָט דער גלח געטראַכט.

באַלד דערנאָך האָט איינער פון די גבאים א הוסט גע־טון און געזאָגט:

— איך מיין, אז מיר האָבן א וואוילן גלח!

— דער חשובער ביסקופּ האָט דאָך געהערט, ווי ער האָט געפּריידיקט, האָט זיך דער קירכן־אויפזעער אָנגערופן.

דער ביסקופּ האָט עפּעס אריינגעוואָרפן א וואָרט וועגן אָפּט־דורכגעלאָזענע זונטאָג־מעסעס.

— מילא, דער גלח איז דאָך אויך נישט מער ווי א מענטש, ער קאָן דאָך אמאָל קראַנק ווערן, אזוי גוט ווי אלע אנדערע מענטשן, האָט איינער פון די פּויערים געמאכט א באמערקונג.

דער ביסקופּ האָט געגעבן אָנצוהערן וועגן זייער אומצו־פרידנקייט מיטן גלחס אויפפירונג און שלעכטע מדות.

אָבער זיי האָבן אים אלע ווי איינער פארטיידיקט. ער איז דאָך נאָך אזוי יונג, זייער גלח, האָבן זיי געטענהט. און נישקשה, ס׳איז נישט געפערלעך! אָ, וואָלט ער נאָר תמיד גע־וואָלט אזוי פּריידיקן ווי ער האָט עס היינט געטון, וואָלטן זיי אים נישט געוואָלט אויסטוישן אפילו אויפן חשובן ביסקופּ בכבודו ובעצמו.

ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין שום אָנקלאָגער, בכן האָט זיך אויך נישט געקאָנט געפונען קיין שופט.

דער גלח האָט געפילט, ווי זיין הארץ צעוואקסט זיך אין אים און דאָס בלוט פליסט אים לייכט אין די אָדערן. הייסט עס, אז ער גייט שוין נישט מער ארום צווישן שונאים. ער האָט געוואונען זייערע הערצער, גראָד דעמאָלט ווען ער האָט זיך לחלוטין נישט געריכט דערויף. ער וועט א פּנים להבא אויך מעגן זיין א גלח!

נאָך דער קירך־אינספּעקציע האָט דער ביסקופּ און די

קארלשטאדער שול-גלחים, ווי אויך די שכנותדיקע פּראָבאָשטשן און חשובסטע מיטגלידער פונם גמינע-ראט געגעסן מיטאָג אינם גלחישן הייזל. א פּראָבאָשטשאָווע פון א שכנותדיקער פּאראפיע האָט איבערגענומען די באלעבאטישקייט ב צ רייטן די סעודה, מחמת דער גלח איז נאָך געווען א בחור. זי האָט אלצדינג איינגעאָרדנט אויפן בעסטן שטייגער. ערשט איצט האָט דער גלח באמערקט, אז זיין הייזל זעט גאָרנישט אויס אזוי שרעקלעך, ווי אים האָט זיך ביז-איצט געדאכט. דער גרויסער מיטאָג-טיש איז געווען געדעקט אונטער די סאָסנעס און געמאכט זייער א געמיטלעכן איינדרוק מיט זיין ווייסן טישטוך און מיטן בלויען און ווייסן געפעס, ווי אויך מיט די פינקלדיקע גלעזער און איינגעקנייטשטע ווייסע סערוועטקעס. צווויי בזשאָזעס זענען געשטאנען און זיך געבוקט איבערן ארייננגאנג, יאלאָוויעץ-צווייגלעך זענען געווען אויסגעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע אין פּאָדער-הייזל, און אין דער הויך, ביים סאמע שפּיץ דאַך, איז געהאנגען א גרויסער בלומען-קראנץ. אין די שטובן זענען געשטאנען בלומען און פארשפּרייט זייער זיסן דופט איבערן גאנצן הויז. דער שימל-ריח איז פארטריבן געוואָרן, און די גרינע פענסטער-שייבלעך האָבן ממזריש געבלינצלט אין זונען-שיין.

דער גלח איז געווען זייער פרייליך געשטימט, און ער האָט אין זיך א נדר געטון מער נישט צו שיכּורן.

אויך אלע איבעריקע געסט פון מאָלצייט זענען געווען אין א גוטער שטימונג. די, וואָס האָבן געפּועלט ביי זיך צו זיין גרויסמוטיק און האָבן מוחל געווען, זענען געווען פריילעך, און די חשובע גלחים האָבן זיך אויך געפרייט, וואָס זיי זענען פּטור געוואָרן פון א סקאנדאל. דער גוטער ביסקופּ האָט אויפגעהויבן זיין כּוס און גערעדט וועגן דעם, אז ער האָט זיך אויף דער דאָזיקער נסיעה אוועקגעלאָזט מיט א שווער געמיט, מחמת ס'זענען צו אים דערגאנגען זייער שלעכטע קלאנגען וועגן דעם יונגן גלח. ער איז ארויסגעגאנגען, כּדי זיך צו טרעפן פּנים-אל-פּנים מיט א רשע, אָבער, זעט איר, דער דאָזיקער רשע האָט זיך גאָר פארוואנדלט אין א צדיק, וועלכער

וועט פיל מער אויפטון ווי זיי אלע. דער דאָזיקער פרומער הער האָט נאָך גערעדט וועגן די רייכע מתנות, מיט וועלכע זיין יינגערער אמטס-ברודער איז פון דער השגחה עליונה באַשאָנקען געוואָרן, און האָט זיי זייער גערימט. נישט דערפאר, כדי ער זאָל ביי זיך חלילה ווערן גדלותדיק, נאָר כדי ער זאָל אָנשטרענגען אלע זיינע כחות און גוט אכטונג געבן אויף זיך אַליין, ווי ס׳מוז טון דער, וועלכער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס אַן אומגעהייער שווערע און טייערע משא.

בשעת דעם דאָזיקן מיטאָג איז דער גלח נישט געוואָרן שכור, אָבער באַרוישט איז ער פאָרט געווען. פון גרויסן, אומדערוואַרטעטן גליק האָט זיך אים פארדרייט דער קאָפּ. פריער האָט דער הימל איבער אים אָנגעצונדן דעם פלאַם פון געטלעכער באגייסטערונג, און נאָכדעם האָבן אים די מענטשן געשענקט זייער ליבע. אַפילו נאָך אין אָוונט, ווען די געסט זענען שוין געווען אַוועקגעפאָרן, איז דאָס בלוט נאָך אַלץ מיט אַ פיבערדיקער היץ געפלאָסן אין זיינע אָדערן. ער איז וואַך געווען ביז טיף אין דער נאַכט און געזעסן אין זיין שטוב ביים אָפענעם פענסטער, דורך וועלכן ס׳האָט אַריינגעשטראָמט די נאַכט-קילע לופט און האָט אַ ביסל געקילט זיין גליק-פיבער און געשטילט דעם מתיקותדיקן אומרו אין זיין נשמה, וואָס האָט אים גערויבט דעם שלאָף.

דאן האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ קול:

—דו ביזט וואַך, דו גלח?

עפּעס אַ מאַנסביל האָט געשפּרייזט איבערן גראָז צום פענסטער-צו. דער גלח האָט ארויסגעקוקט און דערזעען דעם קאַפּיטאַן קרישאַן בערגן,—איינעם פון זיינע געטרייסטע גוטע ברידער ביים גלעזל. אַ נע-ונדניק, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אָבער דערפאר אַ ריז. הויך איז ער געווען ווי דער פעלז, וועלכן מען רופט „גורליטאַס בארג-קאָפּ” און נאריש ווי אַ בארג-שד.

— געוויס בין איך נאָך וואך, קאפּיטאַן, האָט דער גלח געענטפערט, דו מיינסט, אז מען קאָן שלאָפן אין אזא נאכט?

הערט אָקאָרשט, וואָס דער דאָזיקער קאַפּיטאַן קרישאַן דערציילט אים! דער ריז האָט זיך משער געווען, וועגן וואָס דאָ האָט זיך געהאַנדלט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גלח וועט שוין קיינמאָל נישט האָבן מער קיין רו, וואָרום די שול-גלחים פון קאַרלשטאַד, וועלכע זענען דאָ איינמאָל אַהערגע-קומען, האָבן דאָך נאָכאַמאָל געקאָנט קומען און צונעמען די טאָגע פון זיין חבר, דעם גלח, — אויב ער וועט ווייטער שיכּורן.

אָבער איצט האָט ער, קאַפּיטאַן קרישאַן בערג, צוגעלייגט זיין שווערע האַנט צום גוטן אויפטו. איצט האָט ער עס אַזוי געמאַכט, אַז די קאַרלשטאַדער שול-גלחים זאָלן שוין נישט האָבן מער קיין חשק צוריקצוקומען, נישט זיי און נישט אפילו דער ביסקופּ. מהיום והלאה קאָן דער גלח מיט זיינע גוטע ברידער שיכּורן וויפל זייער הארץ גלוסט, און דוקא דאָ אינ׳ם גלחישן הייזל.

ווירקלעך, לאָמיר הערן, סאַראַ גרויסע טאַט ס׳האָט אויס-געפירט טאַקע ער, קרישאַן בערג, — דער שטאַרקער קאַפּיטאַן!

בשעת דער ביסקופּ און דיביידע שול-גלחים זענען אריין אין זייער געדעקטער קאַרעטע און די טירלעך זענען געוואָרן גוט פאַרמאַכט הינטער זיי, דאַן איז דער קאַפּיטאַן ארויפגעקראָכן אויפן קאָזיאָל און זיי צוגעפירט אַ שטיקל וועג, אַ מייל צוויי, כּדי אליין אויך צו מאַכן אַ שפּאַציר אין דער דאָזיקער ליכטיקער זומער-נאַכט.

און דאַן האָט ער, קרישאַן בערג, געגעבן די דאָזיקע אדונים צו פילן ווי לויז דאָס לעבן זיצט אינם מענטשלעכן גוף. ער האָט געלאָזט לויפן די פערד מיט אַ ווילד-משוגענעם גאַלאָפּ. אַ מצוה אויף זיי, דאָס וועט פאַר זיי זיין שוין איינ-מאָל רבי-געלט, באַכאַמאָל נישט צו וועלן זיך מישן אין פרעמדע עסקים און שטערן אָן אָרנטלעכן מענטשן צו נעמען אַמאָל אַ כּוסהלע!

אפשר מיינט איר, אַז ער איז מיט זיי געפאָרן איבערן גלייכן שאָסיי — און אפשר מיינט איר, אַז ער האָט זיי אָפּגע-

היטן פון שטויסן? אָסור! ער איז געפאָרן איבער גריבער און איבער פעלדער, באדעקטע מיט פּיעניעס, ער איז מ׳ט א משוגענעם גאלאָפּ געפלויגן בארג-אראָפּ; ער איז געפאָרן אזוי נאָנט נעבן ברעג פון טייך, אז דאָס וואסער האָט געשפּריצט איבער די רעדער! ער איז שיער נישט געבליבן שטעקן אין זומפּן. ער האָט אָן אויפהער געטריבן די פערד, בעת מען איז געפאָרן בארג-אראָפּ פון הויכע גלאטיקע בארג-משופּעקייטן, אזוי אז די צעיוּשעטע בעלי-חיים האָבן געמוזט שטייף צעשפּרייטן זייערע פיס און זיך אראָפּגליטשן פון די פעלזן. בשעת מעשה זענען די חשובע גייסטלעכע מיט בלאסע פּנימער געזעסן הינטער די לעדערנע פאָרהענגלעך, און כסדר תּפילות גע-מורמלט. אן ערגערע נסיעה ווי די דאָזיקע האָבן זיי נאָך, כ׳לעבען, קיינמאָל נישט מיטגעמאכט.

און שטעלט אייך נאָר פאָר, ס׳אַרא מראה זיי האָבן גע-האט, ווען זיי זענען אָנגעקומען צום גאסט-הויז אין ריסעטער. לעבעדיקערהייט אפילו, אָבער רחמנא לצלן, מיט אזוינע צעשאָקלטע גלידערים, א שטייגער ווי יעגער-שרויט אין א לע-דערנעם בייטל.

— וואָס זאָל דאָס באדייטן, קאפּיטאן קרישאן? האָט דער ביסקופּ מיט קוים באהערשטן כעס געפרעגט, בשעת קרישאן בערג האָט פאר זיי אויפגעעפנט דאָס טירל פון דער קארעטע.

— דאָס באדייט, אז דער חשובער ביסקופּ וועט מוחל זיין זיך צווויימאָל איבערלייגן די זאך, איידער ער וועט אויפ-סניי מאכן אן אינספּעקציע-נסיעה צו יעסטא בערלינג, האָט קאפּיטאן קרישאן געענטפערט, — און דעם דאָזיקן פּסוק האָט ער זיך פריער גוט אייגעחזרט, כדי ער זאָל זיך חלילה נישט פארהאקן אין דער עברי.

— טאָ גיב זשע טאקע אָפּ א גרוס יעסטא בערלינגן, האָט דער ביסקופּ געזאָגט, אז סיי איך און סיי א צווייטער ביסקופּ וועט שוין צו אים מער נישט קומען!

זעט איר, וועגן דעם דאָזיקן אויפטו זיינעם האָט דאָס דער שטארקער קאפּיטאן קרישאן דערציילט דעם גלח, שטיי-

ענדיק ביים אָפֿענעם פֿענסטער אין דער זומער-נאכט. און איך מוז אייך זאָגן, אז דער קאפּיטאַן האָט זיך זייער געאײַלט אים דאָס צו דערציילן, ווארום ווי נאָר ער האָט באוויזן אוועק-צופירן די פֿערד אין שטאַל פֿונם גאסט-הויז, אזוי איז ער גלייך אוועק צום גלח, כדי אים איבערצוגעבן די דאָזיקע ידיעה.

— איצט, גלח, קאָנסטו שוין זיין רואיק, דו ליבהארצי-קער ברודערל! האָט דער קאפּיטאַן געזאָגט.

אך, קאפּיטאַן קרישאַן! די שול-גלחים מיטן ביסקופּ זענען וואָס אן אמת, מיט בלאסע פּנימער געזעסן הינטער די לעדערנע פֿאָרהענגלעך פֿון דער קארעטע. אָבער דער גלח אינם אָפֿענעם פֿענסטער האָט אין דער ליכטיקער זומער-נאכט נישט אן ערך פֿיל בלאסער אויסגעזען! אך, קאפּיטאַן קרישאַן!

דער גלח האָט אפילו שוין אויפגעהויבן זיין האנט און זיך מיט א ירגזון פֿארמאָסטן אויפֿן ריזס חמורישן פּרצוף, אָבער ער האָט זיך פֿאָרט איינגעהאלטן. ער האָט מיט א שטארקן קלאפּ צוגעמאכט דאָס פֿענסטער, געבליבן שטיין אינמיטן שטוב און געטרייסלט זיינע געביילטע פֿויסטן קעגן הימל.

וואָסער באַטייט האָט שוין, מ׳שטיינס-געזאָגט, געקאָנט האָבן דער פּלאַם פֿון באַגייסטערונג, וואָס האָט געפֿלאטערט איבערן אָנזאָגער פֿון גאָטס כבוד. אויב גאָט אַליין וויל טריי-בן אזעלכע קאטאָוועס מיט אים!

צי וועט דען נישט דער ביסקופּ איצט מיינען, אז קא-פּיטאַן קרישאַן האָט אויסגעפֿירט א שליחות פֿונם גלח? צי וועט ער דען איצט נישט מיינען, אז זיינע רייד בייטאָג, און אויך די גאנצע דרשה זיינע, איז געווען נישט מער, ווי הוילע צביעות און שקר? איצט וועט ער זיך שוין אויף אן אמת נעמען צום דין-ומשפּט איבער אים. יאָ, איצט וועט מען אים שוין זיכער צונעמען דאָס גלחות און אים פֿארטרייבן פֿון דער פּאראפֿיע.

אין באַגינען האָט זיך שוין דער גלח מער נישט געפֿו-נען אין זיין אָרימען הייזל. ער האָט אפילו נישט געטראכט

וועגן פארטיידיקן זיך; גאָט האָט פון אים חוזק געמאכט, גאָט האָט אים נישט געוואָלט העלפן. און ער האָט געוואוסט, אז איצט וועט ער שוין סיי ווי דעגראדירט ווערן, ווייל גאָטס רצון איז אזוי. נו, האָט ער שוין אלצאיינס געקאָנט תיכּף אוועקגיין.

דאָס איז געשעען אין אָנהויב פון די צוואנציקער יאָרן, אין ניינצענטן יאָרהונדערט, אין א פארוואָרפן דערפל, אינם מערבדיקן טייל פון דער שוועדישער פראָווינץ ווערמלאנד.

דאָס דאָזיקע ערשטע אומגליק, וואָס האָט געטראָפן יעסטא בערלינגן, איז אָבער נישט געווען דאָס לעצטע.

פאר זשרעבאקעס, וואָס קאָנען נישט פארליידן קיין שפּאָרן אָדער בייטש, איז דאָס לעבן זייער שווער דורכצוהאַלטן. ביי יעטוועדן שמיץ וואָס זיי באקומען, לאָזן זיי זיך אוועק מיט א משוגענעם גאלאָפּ איבער ווילדע וועגן, גלייך צו באדנאָפּגרונטן. וויבאלד דער וועג איז שטיינערדיק און די נסיעה איז פיל מיט דאגות און צרות, געפונען זיי שוין נישט קיין אנדער עצה, ווי נאָר איבערצוקערן די משא אין שאָסיי-גרוב און זיך פון דאָרט אוועקצולאזן אין א ווילד געלויף.

.2

## דער בעטלער

אין א אויסערגעוויינלעך קאלטן טאג אין חודש דעצעמ־בער איז א בעטלער געקומען וואנדערנדיק איבער די בערגלעך וואס ארום ברובי. ער איז געווען אנגעטאן אין צעפליקטע שמאטעס און זיינע שיך זענען שוין געווען אזוי אויסגעריבן, אז דער שניי האט אים גענעצט די פיס.

די אזערע לעיוועץ אין ווערמלאנד איז א לאנגער, שמאלער וואסער־פאס, וועלכער ווערט אין עטלעכע ערטער פארשמעלערט אין לאנגע, זייער שמאלע דורכגויסן. די דאזיקע אזערע ציט זיך אין צפון ביז צו די פינישע וועלדער, און אין דרום ביז צו דער ריזיקער אזערע ווענערן. אסך פאראפיעס שפרייטן זיך אויס אויף אירעביידע ברעגן, אבער די גרעסטע און רייכסטע פון זיי איז די גמינע ברובי. זי פארנעמט א באדייטנדיקן שטח פון ביידע ברעגן, סיי אויף דער מזרחדיקער, סיי אויף דער מערבדיקער זייט, אבער אויף דער מערבדיקער זייט ליגן די גרעסטע פריצישע הויפן, ווי למשל, די גרויס־מאגנאטישע גיטער עקעבי אין ביערנע, ווייט בארימטע מיט זייער עשירות און שיינקייט; אויך דאס גרויסע דארף ברובי ליגט דארט מיט זיין אכסניה, געריכט־בנין, סטאראסטווע, מיט דער פארמעגלעכער פלעבאניע פונם פראבאשטש, מיטן ארימען גלחישן הייזל און מיטן גרויסן יריד־פלאץ.

ברובי ליגט אויף א גלייכער משופעקייט. דער בעטלער איז שוין געהאט פארבייגעגאנגען די אכסניה, וואָס ליגט צו־פוסנס פונם העכסטן בערגל, און קוים זיך געשלעפט ארויף־צו, צום גלחשין הייזל, וואָס ליגט גאָר הויך, כמעט ביים סאמע שפּיץ־בארג.

פאָרויס פאר אים איז בארג־ארויף געגאנגען א קליין מיידעלע, וועלכע האָט נעשלעפּט א שליטל, אָנגעלאָדן מיט א זאק מעל. דער בעטלער האָט אנגעיאָגט דאָס מיידעלע און מיט איר פארפירט א שמועס.

— ס׳איז מיר א גרויסער חידוש, וואָס אזא קליין פערדעלע דארף שלעפּן אזא גרויסע משא! האָט ער געזאָגט.

דאָס קינד האָט זיך אויסגעדרייט און אים אָנגעקוקט זי איז געווען א מיידעלע פון א יאָר צוועלף, מיט פאָרשנדי־קע שארפע אויגן און צונויפגעפּרעסטע ליפּן.

— הלוואי וואָלט גאָט געגעבן, אז דאָס פערדל וואָלט געווען קלענער און די משא נאָך גרעסער, וואָלט עס גע־סטאיעט אויף א לענגערע צייט, האָט זי געענטפערט.

— שלעפּסטו עס טאקע אהיים, דיין אייגענע פּאשע?

— גאָט איז מיין עדות, אז ס׳איז אזוי; איך מוז מרי אליין פארשאפן מיין חיונה, כאָטש איך בין נאָך אזוי קליין!

דער בעטלער האָט אָנגענומען ביי די הינטערשטע שליטן־פלעקער און אונטערגעשטופּט.

דאָס מיידעלע האָט זיך נאָכאמאָל אויסגעדרייט און אים ווידער אָנגעקוקט.

— דו זאָלסט זיך גאָרנישט איינרעדן, אז דו וועסט עפּעס באקומען דערפאר, האָט זי געזאָגט.

דער בעטלער האָט זיך צעלאכט.

— דו ביזט זיכער דעם ברוביער גלחס טעכטערל... דאָס דערקענט מען אָן דיר...

— יאָ, יאָ, ס׳פארשטייט זיך... אודאי בין איך... כאָטש איך מוז דיר זאָגן, אז ס׳זענען פאראן אזעלכע קינדער, וואָס האָבן נאָך אָן אָרימערן־טאטן, אָבער א שלעכטערן טאטן ווי מיי־

נער, דאָס האָט שוין קיינער נישט. יאָ, ס'איז אמת, ווי ס'איז איצטער טאָג אויף דער וועלט, כאָטש ס'איז א חרפּה און א שאנד, אז זיין אייגן קינד זאָל דאָס ברויכן זאָגן.

— מען זאָגט, אז ער איז א קארגער און א בייזער, דער טאטע דיינער, האָט זיך דער בעטלער אָנגערופן.

— יאָ, ער איז א קארגער, און טאקע א בייזער אויך, אָבער מענטשן זאָגן, אז זיין טאָכטער ווערט מסתמא זיין פיל ערגער פון אים, ווען זי וועט אויפוואקסן.

— האָסטו געהערט, איך מיין אויך, אז די מענטשן וואָס זאָגן דאָס זענען באמת גערעכט; איך וואָלט א שטייגער גע-וואָלט וויסן, וואו דו האָסט ערגעץ געפּאקט דעם דאָזיקן זאק מעל?

— נו יאָ, וואָס האָב איך דען מורא פאר דיר, האָט דאָס אלטע קעפּל געענטפערט, איך וועל דיר זאָגן: באגינען האָב איך גענומען תבואה פון טאטנס שפּייכלער און איצט בין איך דערמיט געוועזן אין מיל.

— און וועט ער דיך נישט זען, בשעת דו וועסט איצט אהיימקומען, שלעפּנדיק דאָס זעקל מעל?

— ווי איך זע, ביזטו זיכער צו-פרי אראָפּ פון דער לערן... פארשטייסטו מיך, דער טאטע מיינער איז אוועק צו דערליידיקן עפּעס אן ענין אין דאָרף.

אָבער אין א ווײַלע ארום האָט דער בעטלער געזאָגט:

— הער נאָר, דו מיידעלע, עפּעס קומט דאָ עמיצער אָן צו פאָרן הינטער אונז. איך הער שוין אפילו דאָס סקריפּן פונם שניי אונטער די שליטן-שינעס. שטעל זיך נאָר פאָר, אויב דאָס איז טאקע דיין טאטע, וואָס קומט איצטער אָן!

דאָס מיידעלע איז געבליבן שטיין, א ווײַלע זיך איינגע-האָרכט און פאָרשנדיק געקוקט ארום זיך, און מיטאמאָל האָט זי זיך ביטער צעוויינט.

— אוי ווי איז מיר, האָט זי געהעשעט. ס'איז דאָך טאקע דער טאטע מיינער. ער וועט מיך דערהרגענען!

— נו יאָ, מיין קליין מיידעלע, א גוטע עצה וואָלט איצט

געוועזן א טייערע זאַך, אָבער א שנעלע עצה — נאָך בעסער ווי גאָלד און טאָלערס, האָט דער בעטלער געזאָגט.

— הער זיך איין, האָט דאָס קינד געזאָגט, דו קאָנסט מיר העלפן, נעם דעם שטריק און שלעפ צוריק אוועק דאָס שליטעלע, וועט דער טאטע מיינען, אז דאָס איז דיין שליטעלע און דיין זעקל מעל.

— אָבער וואָס וועל איך שפּעטער טון דערמיט? — האָט דער בעטלער געפרעגט און זיך ארויפגעלייגט דעם שטריק איבערן אקסל.

— שלעפּ דאָס איצט אוועק וואוהין דו ווילסט, אָבער דערנאָך, ווען ס'וועט פינסטער ווערן, זאָלסטו מיט דעם צוקומען צו דער פלעבאניע. איך וועל דיך שוין דאָרט אָפּווארטן. זאָלסט למען השם קומען מיטן זאק מעל און מיטן שליטעלע. דו הערסט?!

— גוט, איך וועל פּרובירן.

— גאָט באהיט, אויב דו וועסט נישט קומען! האָט דאָס מיידעלע אויסגערופן, אוועקלויפנדיק פון אים, און זיך געאיילט צו קומען אהיים פריער פארן טאטן.

דער בעטלער האָט מיט א שווער הארץ אויסגעדרייט דאָס שליטעלע און זיך אומגעקערט צו דער אכסניה.

דער דאָזיקער אָרימאן האָט זיך נעבעך געוועבט זיין אייגענעם חלום, בשעת ער האָט דאָרט געטיאָפּטשעט אינם שניי מיט זיינע האלב-באָרוויסע פיס. ער איז געגאנגען און בשעת-מעשה געטראכט וועגן די גרויסע וועלדער אויף צפון פון דער אָזערע לעיוועץ, וועגן די גרויסע פינישע וועלדער.

דאָ אונטן אינם דאָרף ברובי, וואו ער האָט איצט גע-וואנדערט לענג-אויס דעם דורכגוס, וואָס פארבינדט דעם אוי-בערשטן און אונטערשטן טייל פון לעיוועץ, אין די דאָזיקע מיט זייער רחבהדיקייט און פרייליכקייט בארימטע מקומות, וואו איין פּריצישער הויף ליגט נעבן צווייטן, איין הויטע נאָך דער אנדערער, — דאָ אין דער דאָזיקער געגנט איז אים יעטוועדער וועג געווען צו שווער, יעדע שטוב צו ענג, יע-

דעס בעט צו הארט. דאָ אין די דאָזיקע מקומות האָט ער גע־מוזט בענקען נאָך דעם פרידן פון די אייביקע, סודותפולע וועלדער.

דאָ האָט ער פון יעדן היי-בוידעם געהערט דאָס געקלאַ־פעריי פון די צעפּעס, ווי מען וואָלט דאָ קיינמאָל נישט גע־קאָנט פּאַרטיק ווערן מיטן אויסדרעשן די תּבואה. שליטנס אָנ־געלאָדענע מיט אויסגעהאַקטע ביימער און מיט קוילן זענען כסדר אַראָפּגעקומען פון די אומאויסשעפּלעכע וועלדער. פורלעך, אָנגעלאָדענע מיט רוי-אייזן, האָבן זיך אין אן אומענדלעכער ריי געשלעפּט אין טיפע שניי-שפורן, וואָס הונדערטער פאַר זיי האָבן אויסגעפּיילט. דאָ האָט ער אויך געזען שליטנס אָנגע־פּאַקטע מיט פּאַרנדיקע, וועלכע האָבן זיך געאיילט פון איין פּריצישן הויף צום צווייטן, און ס'איז אים פאַרגעקומען ווי די פייע פון פרייד אליין וואָלט אויף די דאָזיקע שליטנס געהאַלטן די לייצעס אין אירע הענט, און די פייעס פון שיינ־קייט און ליבע וואָלטן פון הינטן געשטאַנען אויף די שליטן־שינעס. אך, ווי דער דאָזיקער אביון האָט עס נעבעך געבענקט צום פרידן אין די טיפע אייביקע וועלדער!

דאָרט, וואו די ביימער-שטאַמען שטאַרצן אַרויס גלייך ווי קאָלאָנעס פונם פּלאַכן באָדן, דאָרט, וואו דער שניי ליגט אין שווערע שיכטן אויף די אומבאַוועגלעכע צווייגן, וואו דער ווינט האָט פאַרלוירן זיין מאַכט און שפּילט גאַנץ שטיל בלויז אויף די נאָדלען פון די סאָסנע-קרוינען, דאָרט האָט ער געוואָלט וואַנדערן אַלץ טיפער און טיפער אין וואַלד אַריין, ביז וואַנען ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען די כּחות וועלן אים פאַרלאָזן און ער וועט אַנידערפאַלן אונטער איינעם פון די גרויסע ביימער, שטאַרבנדיק פון הונגער און קעלט.

ער האָט געבענקט צו דעם גרויסן מורמלענדיקן בית־הקברות, וואָס אויף צפון פון דער אָזערע לעיוועזן. דאָרט, וואו די מאַכט פון פאַרניכטונג וועט אים מנצח זיין, וואו הונגער, קעלט, מידקייט און דער בראָנפן וועלן ענדלעך אומברענגען

דעם דאָזיקן מנוולדיקן גוף, וואָס האָט ביז איצט אַלצדינג גע־קאָנט אויסהאַלטן.

ער איז געקומען צו דער אכסניה און דאָרט געוואָלט אָפּוואַרטן ביזן אָוונט. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שיינק־שטוב און איז אַזוי אין אַפּאַטישער רו געזעסן אויף דער באַנק, וואָס נעבן דער טיר, חלומדיק וועגן די אייביקע וועלדער.

די קרעטשמערקע האָט אים פון גרויס רחמנות געשאַנקען אַ טרונק בראָנפן. זי האָט אים אפילו געגעבן צוויי שנעפּסלעך, מחמת ער האָט זיך געבעטן ביי איר מיט אַזעלכע אינערלעכע תחנונים!

אָבער מער האָט זי אים נישט געוואָלט געבן, און דער בעטלער איז צוליב דעם שרעקלעך פאַרצווייפלט געוואָרן. ער מוז נאָך אַביסל טרינקען פונם דאָזיקן שטאַרקן זיסן בראָנפן, ער מוז נאָך אַמאָל פילן ווי דאָס האַרץ טאַנצט אים פון פרייד, און ווי די מחשבות פלאַמען־אויף אונטער דער באַרוישונג. אָ, דער דאָזיקער זיסער תבואה־וויין! אין זיינע ווייסע פאַליעס שווימען אַרום די זומערדיקע זון, דאָס זומערדיקע פייגל־גע־זאַנג, דער גאַנצער אַראָמאַט און שיינקייט פונם זומער. איידער ער וועט פאַרשוואונדן ווערן אין נאַכט און חושך, וויל ער זיך נאָכאַמאָל אָנטרינקען מיט זון און גליק!

און דערום האָט ער צוערשט אוועקגעגעבן דאָס מעל, דערנאָך דעם זאַק און צום סוף דעם שליטן אויך — אַלץ פאַר דעם דאָזיקן זיסן בראָנפן! פון דעם אַלעם האָט ער זיך גוט אָנגעשיכורט, און ר'איז אַזוי אַ פּאָר שעה פונם נאָכמיטאָג איבערגעשלאָפן אויף אַ באַנק אין שיינק־שטוב.

בשעת ר'האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איצט איז פאַר אים געבליבן בלויז נאָך איין זאַך אָפּצוטון: היות דער מנוולדיקער גוף האָט שוין איבערגענומען די גאַנצע ממשלה איבער זיין נשמה, היות ער האָט פאַרשכורט אַלץ, וואָס אַן אָרים קינד האָט אים אַנגעטרויט, היות ער איז נישט מער ווי אַ שאַנד פאַר דער ערד, — מוז ער זי זען צו באַ־פרייען פון דער משא פון אַזוי פיל געמיינקייט. ער מוז דע־

נשמה זיינער צוריקגעבן איר פרייהייט, לאָזן איר צוריק אוועק־גיין צו גאָט.

ער איז געלעגן אויף דער באַנק, וואָס אין שיינק־שטוב און זיך אליין געמשפט! „יעסטא בערלינג, א דעגראַדירטער גלח, אָנגעקלאָגט פאר פארשכורן דאָס מעל פון א הונגעריק אָרים קינד, ווערט פארמשפט צום טויט, וואָסער טויט? צום טויט אין די שניי־קופּעס!"

ער האָט גענומען זיין היטל און איז מיט וואקלעדיקע טריט ארויס פון דער קרעטשמע. נישט ר'איז געווען פול־שטענדיק וואך, און נישט פולשטענדיק ניכטער. ער האָט זיך צעוויינט פון מיטלייד מיט זיך אליין, מיט זיין אָרימער באַ־שמוצטער נשמה, וועלכע ער מוז איצט אומבאדינגט פריילאָזן.

ער איז נישט ווייט אָפּגעגאנגען און אויך נישט אוועק פונם שליאך, ביים סאמע שאָסיי־גרוב איז געלעגן א גרויסע שניי־קופּע. האָט ער זיך דאָרט אוועקגעוואלגערט, כדי צו שטארבן. ער האָט פארמאכט די אויגן און פרובירט איינצו־שלאָפן.

קיינער ווייסט נישט ווי לאנג ער איז דאָרט אזוי געלעגן, אָבער ער האָט נאָך געזשיפּעט, בשעת דעם ברוביער גלחס טאָכטער איז געקומען צולויפן איבערן וועג, האלטנדיק א לאמטערן אין האנט, און אים דאָרט געפונען ליגן אין דער שניי־קופּע. זי איז געשטאנען א פּאָר שעה צייט און געווארט אויף אים. דערנאָך איז זי אראָפּגעלאָפן איבער די בערגלעך פון ברובי, כדי אים אויפצוזוכן.

זי האָט אים גלייך דערקענט, און זי האָט אים גענומען שאָקלען, און מיט אלע כוחות געשריגן—כדי אים אויפצוועקן.

זי האָט זיך אומבאדינגט געמוזט דערוויסן, וואו ער האָט אהינגעטון איר זאק מעל, זי האָט אים געמוזט אָפּראטעווען לפּחות אויף אזוי פיל, ער זאָל איר קאָנען זאָגן, וואָס איז געוואָרן פון איר שליטעלע און איר מעל־זאק. איר טאטע וואָלט זי פּשוט דערהרגעט, אויב זי וואָלט פארטאכלעוועט זיין שליטעלע. זי האָט דעם בעטלער א ביס געטון אין

א פינגער, צעדראפעט זיין פנים און בשעת מעשה געשריגן ווי א משוגענע.

אָבער דאן איז עמיצער אָנגעפאָרן אויפן שליאך.

— צו אלדי רוחות, ווער שרייט דאָס דאָרט אזוי? האָט א בייז קול געפרעגט.

— איך וויל וויסן, וואו דער דאָזיקער פארשוין האָט אהינגע-טון מיין זעקל מעל און מיין שליטעלע, האָט דאָס קינד געהעשעט און מיט געביילטע פויסטלעך געקלאפט דעם בעטלער אין ברוסט.

— א פארפרוירענעם מענטשן דראפעסטו דאָס אזוי? אוועק פון דאנען, דו ווילדע קאץ!

א וואוקסיקע מגושמדיקע פרוי איז אראָפּ פון דעם צוגע-פאָרענעם שליטן און צוגעגאנגען צו דער שניי-קופּע. זי האָט געכאפּט דאָס קינד פארן קארק און אוועקגעשליידערט צום שליאך צו, נאָכדעם האָט זי זיך איינגעבויגן, ארונטערגערוקט אירע אָרעמס אונטערן בעטלערס גוף, אים אויפגע-הויבן פאמעלעך צוגעטראָגן צום שליטן און אים דאָרט אוועקגעלייגט.

— קום מיט צו דער אכסניה, דו ווילדע קאץ איינע, האָט זי אויסגערופן צום גלחס טאָכטער, וועלן מיר הערן, וואָס דו האָסט דאָ צוזאָגן אין דעם ענין.

— — — — — — — — — — — —

אין א שעה ארום איז דער בעטלער געזעסן אויף א שטול נעבן דער טיר פון דער פיינסטער שטוב פון דער אכסניה. פאר אים איז געשטאנען די באפעלערישע פרוי, וועלכע האָט אים געראטעוועט פון פארפרוירן ווערן אין דער שניי-קופּע.

יעסטא בערלינג האָט גלייך דערקענט ווער זי איז. אָט פונקט אזא ווי ער האָט זי אין דעם מאָמענט געזען, בשעת זי האָט זיך איצט אהיים אומגעקערט פון די וועלדער, ביי דער ארבעט מיטן לײַדעווען די האָלץ-קוילן, אָט אזא, מיט אירע פארסאזשעטע הענט און מיט דער קריידערנער ליולקע אין מויל, אָנגעטון אין א קורצן פעלצל פון שעפּסן-פעל אָן אונטערשלאק, אין א קליידל מיט קאָלירטע פאסן פון היימיש נעיועבטן וואָל-שטאָף און אויף די פיס א פּאָר שיך פון גראָבן

יוכט, געניטע מיט דראטוועס, און מיט א מעסער־שײדל אין בוזים,— אָט אזא ווי ר׳האָט זי איצט געזעען, מיט די גרויע פלאטשיק ארויפגעקעמטע האָר איבער א געעלטערט, אָבער שײן פנים,— פונקט אזא האָט ער זי שוין טויזנט מאָל געהערט באשרײבן. דערום האָט ער גלײך פארשטאנען, אז ר׳האָט זיך דאָ צוזאמענגעשטויסן מיט דער בארימטער מאיאָרין פון עקעבי.

זי איז געווען די מעכטיקסטע פרוי פון דער גאנצער פראָווינץ ווערמלאנד. זי האָט געהערשט איבער זיבן הוטעס, און זי איז געוואוינט געווען צו באפעלן און געהאָרכט צו ווערן.

דאקעגן, ער איז, נעבעך, געווען א פארמשפטער מענטש, וועלכער איז ארומגעגאנגען הויל און בלויז און געוואוסט, אז יעדער וועג איז פאר אים צו שווער, יעדע שטוב צו ענג. און דעריבער האָט ער געפיבערט פון שרעק, בשעת איר בליק האָט אויף אים גערוט.

זי איז רואיק געשטאנען און געקוקט אויף דער קופע מענטשלעכער מיאוסקייט, וואָס זי האָט דאָ געהאט פאר זיך, אויף די רויטע געשוואָלענע הענט, אויף דער אויסגעדארטער פיגור און אויף דעם הערלעכן קאָפּ, וואָס האָט אפילו אין דער דאָזיקער געפאלנקייט און פארוואָרלאָזקייט געשטראַלט מיט א ווילדער שײנקייט.

— הערט נאָר. איר זענט אודאי יעסטא בערלינג, דער משוגענער גלח? האָט זי געפרעגט.

דער בעטלער איז אומבאוועגלעך געזעסן אויף זײן אָרט און געשוויגן.

— און איך בין די מאיאָרין פון עקעבי.

א שוידער איז דעם בעטלער אדורך איבערן לײב. ער האָט צענויפגעלײגט זײנע הענט און געוואָרפן אויף איר א א בענקשאפטלעכן בליק, וואָס וועט זי מיט אים איצטער טון? וועט זי אים צווינגען צו לעבן? ער האָט געצאפלט פאר איר כוח. ער איז דאָך שוין געווען אזוי נאָנט צום פרידן און די אײביקע וועלדער!...

זי האָט אָנגעהויבן דעם קאמף מיט אים, זאָגנדיק, אז דעם ברוביער גלח׳ס טאָכטער האָט שוין צוריק באקומען איר שליטעלע און איר זאק מעל, און אז זי, די מאי־אָרין, האָט פאר אים, אזוי גוט ווי פאר א סך אנדערע היימלאָזע מענטשן, א מקום־מקלט אין קאוואלערן־פליגל פונם פריצישן הויף אין עקעבי. זי האָט אים פאַרגעשלאָגן א לעבן פול מיט לוסטיקייט און פארגעניגנס, אָבער ער האָט איר געענטפערט, אז ער מוז שטארבן...

דאן האָט זי א קלאפּ געטון מיט דער פויסט אין טיש און אים געלאָזט הערן איר מיינונג וועגן אים.

— אזוי גאָר, איר ווילט שטארבן... אזוי, אזוי... איר ווילט דאָס, הייסט עס!... איך וואָלט זיך גאָרנישט געחידושט דערויף, אויב ס׳וואָלט טאקע אין דער אמתן אזוי געווען, אז איר לעבט. נאך אָבער, טוט אָקאָרשט א קוק, סארא אויסגעדארטן גוף איר האָט! און אזעלכע מאכטלאָזע אברים, און אזעלכע מאטע אויגן—און איר מיינט נאָך אלץ, אז איר האָט נאָך עפּעס־וואָס אָפּצוטויטן! צי מיינט איר דען, אז מען מוז דוקא ליגן גלייך אויסגעצויגן און פארשטייפט, אונטער א צודעק פון א טרומנע, כדי צו זיין טויט? הא, יעסטא בערלינג?... צי גלויבט איר דען נישט, אז איך שטיי דאָ און זע, ווי טויט איר זענט שוין איצט?...

איך זע, אז איר האָט א שקעלעט־שארבן פאר א קאָפּ, און ס׳דאכט זיך מיר, אז ווערים קריכן אייך פון די אויגן־לעכער... צי פילט איר דען נישט, אז איר האָט א פולן מויל מיט ערד?... הערט איר דען נישט, ווי די שקעלעט־ביינער קנאקן אין אייך, בשעת איר רירט זיך? איר האָט זיך דערטרונקען אין בראָנפן, יעסטא בערלינג, און ס׳פעלט אייך נישט קיין סך צום טויט! דאָס וואָס ס׳באוועגט זיך נאָך איצטער אין אייך, זענען די שקעלעט־ביינער, און איר פארגינט זיי נישט צו לעבן; ס׳הייסט אויב איר ווילט דאָס אָנרופן לעבן? דאָס איז פונקט, ווי איר וואָלט די מתים נישט געוואָלט פארגינען א טענצל איבער די קברים־בערגלעךביים שיין פון די שטערנס.

צי שעמט איר זיך טאקע אזוי דערפאר, וואָס איר זענט דעגראדירט געוואָרן, וואָס איר ווילט עפעס איצטער שטארבן? ס'וואָלט פאר אייך, כלעבן, געווען א פיל גרעסערער כבוד, אויב איר וואָלט אויסגענוצט אייער פעאיקייט און געברענגט עפעס א נוצן דער וועלט. כ'מיין אזוי! פארוואָס זענט איר נישט באלד געקומען צו מיר, וואָלט איך דאָך אייך געהאָלפן אויפן בעסטן אופן? נו יאָ, כ'פארשטיי, אז איר האָפט אויף פיל כבוד פון דעם, וואָס מען וועט אייך אנטון תכריכים און אוועקלייגן אויף שפענער אין א טרומנע און ס'וועט הייסן, אז איר זענט א שיינער מת.*)

דער בעטלער איז רואיק געזעסן און כמעט געשמייכלט, בשעת זי האָט ארויסגעדונערט אירע צאָרנדיקע ווערטער: „געלויבט צו גאָט, קיין שום סכנה", האָט עס אין אים גע-יובלט, „קיין שום סכנה! די אייביקע ווילדער וואַרטן אויף דיר, יעססא בערלינג, און די מאיאָרין האָט נישט קיין שום מאכט אפצווענדן דיין נשמה פון דאָרטן".

די מאיאָרין האָט געשוויגן און איז א פאָר מאָל הין און צוריק געגאנגען איבערן שטוב. דערנאָך האָט זי זיך אוועק-געזעצט ביים קאמין, ארויפגעשטעלט די פיס אויף דער פליטע און אָנגעשפארט די עלנבויגנס אָן די קני.

— צו אלדי רוחות! האָט זי געזאָגט און שטיל געלאַכט צו זיך אליין. ס'איז פאראן פיל מער אמת אין דעם, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, ווי איך אליין באמערק עס. יעססא בערלינג, גלויבט איר דען נישט, אז ס'רוס מענטשן אויף דער וועלט זענען טויטע, אָדער האלב-טויטע? גלויבט איר, אז איך לעב? אָ, ניין, ניין! יעססא בערלינג, איר מעגט זיך אָקאָרשט פאר-גינען א קוק צו טון אויף מיר! איך בין, וואָס אן אמת, די מאיאָרין פון עקעבי, און איך בין זיכערלעך די מעכטיקסטע פרוי פון גאנץ ווערמלאנד. ווען איך טו נאָר א ריר מיט א פינגער, לויפט דער וואָיעוואָדע אליין א שליחות פאר מיר, און ווען

---

*) ביי די סקאנדינאווער איז עס א גרויסער כבוד פארן מת, אויב ער זעט אויס, ווי ער וואָלט געשלאָפן. מען זאָגט דאן: א „שיינער מת". מ. פ.

איך ווינק מיט צוויי פינגער, לויפט דער ביסקופ, און ווען איך טו א מאך מיט דריי פינגער, טאנצן סיי דאָס גאנצע קאָנסיסטאָריום, סיי די ריכטער און הוטעס-אייגנטימער פון גאנץ ווערמלאנד אלע צוזאמען א פּאָלקע אויפן מארק-פּלאַץ פון קארלשטאד. דאָך... צו אלדי רוחות, יונגאטש, איך זאָג אייך, אז איך אליין בין אויך נישט עפּעס מער ווי אן אנגעטוועגער מת... איין גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, ווי ווינציק לעבן ס׳איז אין מיר פאראן!

דער בעטלער האָט זיך איינגעבויגן איבערן שטול און און מיט געשפּאנטע חושים זיך צוגעהערט צו אירע רייד. די אלטע מאיאָרין איז געזעסן נעבן פייער און זיך געשאָקלט. זי האָט לחלוטין נישט געקוקט אויף אים, בשעת זי האָט גערעדט.

— גלייבט איר דען נישט, אז אויב איך וואָלט געווען א לעבעדיקער מענטש, און כ׳וואָלט אייך געזעען זיצן אין אזא קלאָגעדיקן און אומגליקלעכן מעמד, ארומטראָגנדיק זיך מיט מחשבות וועגן זעלבסטמאָרד, — גלייבט איר דען נישט, אז איך וואָלט זיי אייך מיט איין בלאָז ארויסגעיאָגט פון זי-נען? דאן וואָלט איך פאר אייך געהאט טרערן און תחנונים, וואָס וואָלטן אייך תיכף געצוואונגען מיר נאָכצוגעבן און איך וואָלט אויסגעלייזט אייער זינדיקע נשמה. אָבער איצטער בין איך דאָך טויט.

צי האָט איר נישט געהערט, אז איך בין אמאָל געווען די שיינע מארגארעטא צעלסינג? המ... דאָס איז שוין א לאנגע געשיכטע, אָבער נאָך עד-היום זיך איך טיילמאָל און וויין מיר אויס מיינע אלטע אויגן איבער איר! פארוואָס זאָל מארגארעטא צעלסינג זיין טויט און מארגארעטא זאמצעליוס זאָל נאָך אלץ לעבן, אדרבא, זאָגט, יעסטא בערלינג, פארוואָס זאָל עס פון זיי ביידן גראָד דער מאיאָרין פון עקעבי באשערט זיין צו לעבן? צי ווייסט איר דען, סארא מענטש מארגארעטא צעלסינג איז געווען? אָ, יעסטא בערלינג, זי איז געווען שלאנק און צארט און באשיידן און אומשולדיק!... זי איז געווען פון די, וואָס אויף זייער קבר וויינען די מלאכים.

זי האָט נישט געוואוסט פון קיין שום בייז, קיינער האָט איר נישט אָנגעטון קיין עגמת-נפש. זי איז געווען גוט צו יעדן איינציקן, און שיין איז זי געווען ווי די וועלט!

און אמאָל האָט געלעבט א הערלעכער מאנסביל, וועלכער האָט געהייסן אלטיינגער. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, ווי אזוי ער איז עפעס ארויפגעקומען דאָרט אהין, אין דער ווילדער געגנט פון עלוודאלד, וואו מארגארעטא צעלסינגס עלטערן האָבן געהאט זייער פאָלווארק. אים האָט דאָס מארגארעטא צעלסינג דערזען: ער איז געווען א שיינער, הערלעכער מאנסביל, און ער האָט זיך אין איר פארליבט.

ער איז אָבער געווען אן אָרימער, און זיי האָבן צווישן זיך באשלאָסן צוווארטן פינף יאָר צייט, אָט אזוי ווי ס'שטייט געשריבן אין די מעשהלעך פאר קינדער.

ווען ס'איז פארביי דריי יאָר, האָט זיך צו איר געשדכנט אן אנדערער מאנסביל. ער איז געווען א מיאוסער און א שלעכטער, אָבער אירע עלטערן האָבן געמיינט, אז ער איז רייך. און דעריבער האָבן זיי מיט שיינע ריידעלעך און לאָקונגען, דערנאָך מיט דראָונגען, קלעפ און הארבע דיבורים געצוואונגען די יונגע מארגארעטא צעלסינג, זי זאָל אים נעמען פאר א מאן. זעט איר, מיין יונגערמאנטשיקל, אין דעם טאָג ווען דאָס איז געשען, איז מארגארעטא צעלסינג געשטאָרבן.

זינט דעמאָלט איז שוין מער נישטאָ קיין מארגארעטא צעלסינג, בלויז די מאיאָרין זאמצעליוס איז איצט פאראן, און זי איז קיינמאָל נישט געווען קיין גוטע און נישט קיין באשיידענע, זי האָט געגלייבט אין אלדאָס בייז און קיין שום אכט נישט געלייגט אויף דאָס גוטע אינם מענטשן.

יעסטא, איר ווייסט מסתמא, וואָס דערנאָך איז געשען. מיר האָבן געוואוינט אינם הויף זשעי, דאָ ביי דער לעיווען — דאָס הייסט, דער מאיאָר און איך, אָבער ער איז נישט געווען רייך, ווי מענטשן האָבן געזאָגט. כ'האָב אויך אָפט זייער שלעכטע צייטן געהאט.

אין א שיינעם העלן טאָג איז אלטרינגער צוריקגעקומען, און איצטער איז ער שוין געווען א גרויסער עושר. ער איז גע־וואָרן דער בעל־הבית פון עקעבי, וואָס ליגט בשכנות פון זשעי. יאָ, ער איז געוואָרן דער בעל־הבית איבער נאָך זעקס גיטער און הוטעס, וואָס ביי דער לעיוועו; ער איז געווען א פעאיקער, אן אונטערנעמערישער מענטש. מיט איין וואָרט, ער איז געווען א הערלעכער מאן. ער האָט אונז געהאָלפן אין אונזער אָרימקייט. מיר זענען געפאָרן אין זיינע קארעטעס, ער האָט אריבערגעשיקט שפייז אין אונזער קיך, וויין אין אונזער קעלער, ער האָט אויסגעפילט מיין לעבן מיט שמחות און פאר־ווייל ונגען. דער מאיאָר איז אוועק אויף מלחמה, אָבער א דאגה האָבן מיר געהאט דערמיט! איין טאָג בין איך געווען צו־גאסט אין עקעבי, צומאָרגנס איז אלטרינגער אריבערגעקומען צו אונז קיין זשעי. אָ, ס'איז אוועק אן אמתדיקער קאראהאָד פון פאר־געניגנס ביי די ברעגן פון לעיוועו.

אָבער בייזע צינגער האָבן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אלטרינגערן און מיר. אויב מארגארעטא צעלסינג וואָלט נאָך דעמאָלט געלעבט, וואָלט זי זיך שטארק מצער געווען דערפון, נאָר מיר האָט עס גאָרנישט געארט. דאָך האָב איך עס נאָך דעמאָלט נישט פארשטאנען, אז אויב איך בין אזוי געפיללאָז, איז עס בלויז דערפאר, ווייל איך בין שוין דעמאָלט געווען טויט.

די רכילות וועגן אונז האָט אויך דערגרייכט צו מיין פאָטער און מוטער, בעת זיי זענען נאָך דאָרט ארומגעגאנגען צווישן די קופּעס האָלץ־קוילן, וואָס אין די פינסטערע וועל־דער פון עלוודאל. די אלטיטשקע האָט זיך גאָרנישט לאנג מישב געווען; זי איז אראָפּגעפאָרן דאָ אהער, כדי צו רעדן מיט מיר א פּאָר ערנסטע ווערטער.

איינמאָל בשעת דער מאיאָר איז נישט געווען אין דער היים און איך בין צוזאמען מיט אלטרינגערן און נאָך עטלעכע געסט געזעסן ביים טיש, איז זי געקומען צופאָרן. איך האָב זי געזען אריינקומען אין מיין עס־שטוב, אָבער איר הערט,

יעסטא בערלינג, איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט דערפילן, אז זי איז דאָס מיין מוטער! איך האָב זי באגריסט ווי א ווילד־פרעמדן מענטשן און זי פארבעטן צו מיין טיש, צום מאָלצייט.

זי האָט צו מיר געוואָלט רעדן ווי צו א טאָכטער, אָבער איך האָב איר דערקלערט, אז זי האָט זיכער א טעות געהאט, וואָרום מיינע עלטערן זענען שוין פון לאנג טויט, זיי זענען ביידע געשטאָרבן אין טאָג פון מיין חופה.

ערשט דאן איז זי איינגעגאנגען אויף דער ראָל, וואָס איך האָב איר צוגעטיילט. זי איז שוין דאמאָלסט געווען א זיבעציק־יעריקע זקנה און זי איז אדורכגעפאָרן דרייסיק מייל במשך פון דריי טעג. איצט האָט זי זיך שוין אָן שום צערעמאָניעס אוועקגעזעצט צום מיטאָג־טיש און גענומען עסן; זי איז געווען אן אומגעהויער קראפטפולע פרוי.

בעתן עסן האָט זי געזאָגט, אז ס׳איז טאקע זייער טרויעריק, וואָס איך האָב געהאט אזא שווערע אבדה גראָד, אין יענעם טאָג.

— אבער דאָס טרויעריקסטע איז געווען דאָס, האָב איך איר געענטפערט, וואָס מיינע עלטערן זענען נישט געשטאָרבן כאָטש איין טאָג פריער, וואָרום דאן וואָלט מיין חתונה מיטן מאיאָר זאמצעליוס נישט צושטאנד געקומען.

— איז דען די גנעדיקע מאיאָרין נישט צופרידן מיט איר גורל? האָט זי דערויף געפרעגט.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, איצטער בין איך שוין צופרידן; איך וועל תמיד זיין צופרידן און וועל דערפילן דעם ווילן פון מיינע פארשטאָרבענע עלטערן.

זי האָט מיך געפרעגט, צי ס׳איז טאקע געווען דער ווילן פון מיינע עלטערן, אז איך זאָל מיר און אויך זיי אָנטון אזא חרפה און פארראטן מיין מאן. א גאָר קנאפן כבוד פארשאף איך מיינע עלטערן דערמיט, וואָס אלע האלטן מיך א׳ן די מיילער.

— זאָלן זיי שלאָפן ווי זיי האָבן זיך אויסגעבעט, האָב איך איר געענטפערט. און איבעריקנס, דארף די פרעמדע פרוי

פארשטיין, אז איך האָב נישט בדעה צו דערלאָזן, עמיצער זאָל באַליידיקן די טאָכטער פון מיינע עלטערן.

נאָכדעם האָבן מיר געגעסן,— אָבער בלויז מיר ביידע. די מענער ארום אונז זענען שטיל געזעסן און צומאָל ניעט בכוח געווען אויפצוהייבן גאָפל און מעסער.

די אַלטע איז ביי מיר פארבליבן א מעת-לעת צייט, כדי זיך אָפּצורוען. דערנאָך איז זי צוריק אהיימגעפאָרן.

אזוי לאנג ווי איך האָב זי געזעען, האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט משיג זיין, אז זי איז דאָס מיין מוטער, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אז מיין מוטער איז טויט! ——

בשעת זי האָט שוין געזאָלט אוועקפאָרן, בין איך נעבן איר געשטאנען אויף די שטיגן, און איר קארעטע איז שוין געווען צוגעפאָרן, האָט זי זיך צו מיר געווענדעט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— איך האָב דאָ פארבראכט א גאנצן מעת-לעת, און דו האָסט מיך נישט באגריסט ווי דיין מוטער. איך בין דאָ אהער-געקומען איבער וויסטע וועגן, און אין משך פון בלויז דריי טעג האָב איך דורכגעמאכט דרייסיק מייל! מיין גאנצער גוף פיבערט פון חרפה איבער דיר, ווי מען וואָלט אים אויסגע-שמיסן מיט ריטער. הלוואי זאָלסטו אויך אזוי פארלייקנט ווערן ווי דו האָסט מיך פארלייקנט! דו זאָלסט אזוי פארשטויסן ווערן, ווי איך בין דאָ פארשטויסן געוואָרן! הלוואי זאָל דער שליאך ווערן דיין היים, דער סטאָג שטרוי אין מיטן פעלד דיין בעט, און די האָלץ-ברענערײ אין וויסטן וואלד, דיין קיך. שאנד און שפּאָט זאָל תמיד זיין דיין שכר, און זאָלן דיך אנ-דערע שלאָגן, ווי איך שלאָג דיך!

און זי האָט מיר געגעבן א שטארקן פּאטש אין באק.

אבער איך האָב זי אויפגעהויבן אויף מיינע הענט, אראָפּ-געטראָגן פון די שטיגן, און ארייננגעזעצט אין דער קארעטע.

— ווער ביזטו דאָס, וואָס דו שעלסט מיך? האָב איך זי בייז געפרעגט, ווער ביזטו, וואָס דו שלאָגסט מיך? דאָס לייד איך נישט פון קיינעמען.

און איך האָב איר צוריקגעגעבן א פאטש אין פּנים.

אין דער זעלבער רגע איז די קארעטע אָפּגעפאָרן, אָבער איך הערט, יעסטא בערלינג, אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָב איך געוואוסט, אז מארגארעטא צעלסינג איז שוין טויט; וואָרום זי איז געווען זייער א גוטע און אומשולדיקע, זי האָט נישט געוואוסט פון קיין שום בייז. די מלאכים האָבן געווײנט אויף איר קבר. זי, אויב זי וואָלט נאָך געלעבט, וואָלט זיכער נישט געווען געשלאָגן איר אייגענע מוטער!

דער בעטלער, וועלכער איז געזעסן ביי דער טיר, האָט זיך שטארק פאראינטערעסירט צוגעהאָרכט. אויף איין מינוט האָבן די דאָזיקע ווערטער פארטושט דעם לאָקנדיקן געראַויש פון די אייביקע וועלדער אין צפון. זעט איר — די דאָזיקע מעכטיקע פרוי האָט פון זיך געמאכט זיינס א גלייכן אין זינד, א שוועסטער און מיטגייערין אויפן וועג צום אונטער־גאנג, — און אלץ צוליב דעם, כּדי אים צו שענקען מוט צום לעבן! אויף דעם אופן וועט ער זיך, הייסט עס, דערוויסן אז ס׳זענען חוץ אים פאראן נאָך אנדערע מענטשן אויף דער וועלט, וואָס אויך זיי ווערן שיער נישט דערדריקט פון צער פון אייגענער שולד־באוואוסטקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאנגען צו דער מאיארין.

— נו, יעסטא בערלינג, ווילט איר שוין איצטער לעבן? האָט זי געפרעגט מיט א קול וואָס האָט זיך געשטיקט פון טרערן. צו וואָס זאָלט איר דען שטארבן? ס׳וואָלט אפשר אמאָל פון אייך געוואָרן א גוטער גלח, אָבער דער יעסטא בערלינג, וועמען איר האָט דערטרונקען אין בראָנפן, איז זיכער קיינמאָל נישט געווען אזוי ווייס־בלענדנדיק אומשולדיק, ווי די מארגארעטא צעלסינג, וועלכע איך האָב דערשטיקט אין שנאה. נו, ווילט איר שוין איצט לעבן?

יעסטא איז געפאלן אויף די קני פאר דער מאיאָרין.

— זייט מיר מוחל! האָט ער געזאָגט. איך קאָן נישט לעבן!

— איך בין שוין אן אלטע פרוי, פארהארטעוועט אין

פיל צער, האָט די מאַיאָרין געענטפערט, און איך זיץ דאָ און מאַך מיך צו שאַנד פאַר א בעטלער, וועלכן איך האָב א האַלבּ-פאַרפרוירענעם געפונען אויף א קופּע שניי נעבען שאָסיי-גרוב. א מצוה אויף מיר! טאַקע אַזוי, גייט און ווערט א זעלבסט-מערדער, וועט איר לפּחות פאַר קיינעם נישט קאָנען איבער-חזרן דאָס, וואָס איך האָב אייך דאָ אין אָנפאַל פון טפשות דערציילט.

— פרוי מאַיאָרין, איך בין נישט קיין זעלבסטמערדער, איך בין א פאַרמשפּטער צום טויט! מאַכט מיר נישט צו שווער דעם קאַמף! איך טאָר נישט לעבן! מיין גוף הערשט איבער מיין נשמה, דעריבער מוז איך זי אַרויסלאָזן אויף דער פריי, איך מוז זי לאָזן צוריק אַוועקגיין צו גאָט.

— אַזוי גאָר, און איר גלויבט טאַקע, אַז זי וועט קומען אַהינצו?

— זייט געזונט, פרוי מאַיאָרין, און א יישר כוח אייך!

— זייט געזונט, יעסטאַ בערלינג!

דער בעטלער האָט זיך אויפגעהויבן און איז מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שווערע, שלעפּעדיקע טריט צוגעגאַנגען צו דער טיר. די דאָזיקע פרוי האָט אים נעבעך שווער גע-מאַכט דעם וועג צו די גרויסע סודותפולע וועלדער!

ווען ר'איז צוגעקומען צו דער טיר, האָט ער דערפילט, אַז ער מוז זיך אויסדרייען. דאַן האָט ער זיך געטראָפן מיטן בליק פון דער מאַיאָרין, וועלכע איז רואיק געזעסן און אים נאָכגעקוקט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ פלוצלינגדיקע פאַרענדערונג פון א געזיכט-אויסדרוק. ער איז געבליבן שטיין און פאַרחידושט זי אָנגעקוקט. זי, וועלכע איז נאָר-וואָס געווען אין כעס אויף אים און צאָרנדיק געדראָט, איז איצט שטיל געזעסן אין רואיקער געלייטערטקייט, און אירע אויגן האָבן געלויכטן פון באַרמהערציקער, מיטלייד-פולער ליבע. אויך אין אים, אין זיין אייגן פאַרווילדעוועט האַרץ האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אונטער דעם דאָזיקן בליק, ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ איןביישטידל פון דער טיר,

אויפגעהויבן די הענט איבערן קאָפּ און זיך אזוי ביטער צע־וויינט, אז ס׳הארץ האָט געקאָנט פּלאצן.

די מאיאָרין האָט אוועקגעשליידערט די קריידענע ליולקע אין פייער אריין און איז צוגעגאנגען צו יעסטאן. אירע באַוועגונגען זענען מיט אמאָל געוואָרן ווייכע און צערטלעכע, ווי פון א מאמע.

— נו... נו... יונגל מיינער... האָט זי שטיל געזאָגט.

זי האָט אים אראָפּגעבויגן צו זיך אויף דער באנק, וואָס ביי דער טיר, אזוי אז איצט האָט ער געוויינט מיטן קאָפּ אָנגעשפּארט אויף איר קני.

— ווילסטו נאָך אלץ שטארבן, יעסטא? האָט זי מיט א מילדן קלאנג אין איר שטים געפרעגט.

דאן האָט ער זיך ווידער געוואָלט אוועקרייסן פון איר. זי האָט אים אָבער מיט כּוח צוגעהאלטן.

— יאָ, איצטער, יעסטא בערלינג, וויל איך דיר זאָגן, אז דו מעגסט שוין טון ווי דו ווילסט. אָבער דאָס זאָג איך דיר צו, אז אויב דו ווילסט לעבן, וועל איך נעמען צו מיר דעם ברוביער גלחס טאָכטער און מאכן פון איר א לייט, אזוי אז זי וועט שפּעטער זיכער דאנקען גאָט דערפאר, וואָס יעסטא בערלינג האָט ביי איר צוגענומען איר זעקעל מעל. אלזאָ, די ווילסט, צי ניין?

יעסטא האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און איר גלייך אריינגעקוקט אין די אויגן.

— איר מיינט עס אויף אן אמת, פרוי מאיאָרין.

— יאָ!

ער האָט דאן פארבראָכן זיינע הענט פון גרויס פארצווייפלונג. ער האָט פאר זיך דערזעען דעם קליינעם מיידעלס כיטרע אויגן, די צענויפגעפּרעסטע ליפּן אירע און די אויסגעדארטע קליינע הענטלעך. איצט אלזאָ וועט דאָס דאָזיקע יונגע באשעפעניש באקומען שוץ און דערציאונג, פון איר גוף וועט ווערן אָפּגעמעקט דער שטעמפּל פון דערנידערונג און

פון איר נשמה דאָס שלעכטקייט. איצטער איז פאַר אים פאַר־שטעלט געוואָרן דער וועג צו די גרויסע וועלדער.

— איך וועל זיך נישט טויטן —, אזוי לאנג ווי זי וועט זיין אונטער דער פרוי מאיאָרינס השגחה, האָט ער לסוף גע־זאָגט. כ'האָב געוואוסט, אז די מאיאָרין וועט מיך צווינגען צו לעבן, כ'האָב באלד דערפילט, אז די פרוי מאיאָרין איז מעכ־טיקער פאַר מיר.

— יעסטא בערלינג! האָט זי פייערלעך אויסגערופן, איך האָב געקעמפט פאַר דיר, ווי פאַר מיר אליין. איך האָב גע־זאָגט צו גאָט: „אויב ס'איז נאָך אין מיר פאַראַן עפּעס א פונק פון דער אמאָליקער מארגארעטא צעלסינג, בעט איך דיך, גרויסער גאָט, — דו זאָלסט דערלאָזן, אז זי זאָל דאָ ארויס־טרעטן און זיך באווייזן, כדי דער דאָזיקער מענטש זאָל נישט גיין טויטן זיך!" גאָט האָט עס דערלויבט, און דו האָסט זי געזעען, און דעריבער האָסטו נישט געקאָנט אוועקגיין! און זי, די אמאָליקע מארגארעטא צעלסינג, האָט צו מיר געשושקעט, אז צוליב דעם דאָזיקן אָרימען קינד וועסטו מסתמא אוועקווארפן דיינע מחשבות וועגן זעלבסטמאָרד. א, איר פליט אביסל צו דרייסט, איר ווילדע פייגל, אָבער דעם רבונו של עולם איז באקאנט די נעץ וואָס פאנגט אייך!

— יאָ, ער איז א גרויסער און וואונדערלעכער גאָט, האָט יעסטא בערלינג געזאָגט, ער האָט פון מיר געטריבן לצנות און מיך פאַרשטויסן פון זיך, אָבער ער האָט מיך נישט גע־וואָלט לאָזן שטארבן, זאָל געשען זיין ווילן!

פון דעם טאָג אָן, איז יעסטא בערלינג געוואָרן א קא־וואלער, דאָס הייסט א שטענדיקער גאסט אין עקעבי. צוויי מאָל האָט ער פּרובירט אוועקצוגיין פון דאָרט און מאכן פאַר זיך א וועג, כדי צו קאָנען לעבן פון אייגענער פּראצע. ס'ערשטע מאָל האָט אים די מאיאָרין געשענקט א נחלה נעבן עקעבי. ער האָט זיך אהינצו אריבערגעקליבן און בדעה געהאט זיך איינ־צואָרדנען אלס ערד־ארבעטער. ביז א געוויסער צייט איז עס א ם טאקע געלונגען! אָבער ס'איז אים באלד נמאס געוואָרן

די איינזאמקייט און די טאָג-טעגלעכע האָרעוואניע. און ער איז צוריק געוואָרן א קאוואלער פון עקעבי. ס'צווייטע מאָל איז עס געווען דאמאָלט, ווען ר'איז געוואָרן א הויז-לערער פונם יונגן גראף העבריק דאָנא אינם אלטן מאגנאטישן שלאָס באָרג. אין דער דאָזיקער צייט האָט ער זיך פארליבט אין דער יונגער גרעפין עבבא דאָנא, דעם גראפס שוועסטער. היות אָבער זי איז געשטאָרבן, גראָד דאמאָלסט, ווען ר'איז שוין געווען נאָנט זי צו געווינען, האָט ער שוין אוועקגעוואָרפן יעדן געדאנק צו ווערן עפעס אנדערש, ווי נאָר א קאוואלער פון עקעבי. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז פאר א דעגראדירטן גלח זענען פארשפארט אלע וועגן צו רעאביליטאציע.

3.

# די געגנט

איך מוז בעטן די, וועמען די לאנגע אָזערע, דאָס פּרוכטבארע פלאך-לאנד און די בלויע בערג פון מיין היימי-שער געגנט זענען שוין פון פריער באקאנט, אז זיי זאָלן מוחל זיין איבערמישן די פּאָר בלעטלעך, וואָס געפינען זיך דאָ, מחמת דאָס דאָזיקע בוך וועט סיי-ווי זיין גענוג גרויס.

יעדער וועט אָבער פארשטיין, אז די דריי עלעמענטן פון דער דאָזיקער סצענע מוז איך באשרייבן פאר די יעניקע, וועלכע קאָנען זיי נאָך נישט, מחמת דאָס איז די ארענע, וואו יעסטא בערלינג און די איבריקע חברים זיינע, די קאוואלערן פון עקעבי, האָבן פארבראכט זייער פריילעך לעבן. די פון מיינע לעזער, וועלכע האָבן שוין אמאָל געזען די דאָזיקע לאנדשאפט, וועלן מיר אָבער גערן מודה זיין, אז די אויפגא-בע דאָס צו באשרייבן שטייגט אריבער די כּחות פון יעדן שרייבנדיקן מענטשן.

איך וואָלט זיך דאָ אפילו געקאָנט באנוגענען מיט דער דערקלערונג, אז די אָזערע הייסט לעווען, אז זי איז לאנג און שמאָל און אז זי פארנעמט א שטח, וואָס הייבט זיך אָן פון די ריזיקע פינסטערע וועלדער אין צפון-ווערמלאנד, ביז צום טאָל פון דער גוואלטיק-גרויסער אָזערע ווענערן אין דרום. וועגן דעם פלאך-לאנד וואָלט איך בלויז דאָס געקאָנט זאָגן,

אז עס שפרייט זיך אויס אויף ביידע ברעגן פון דער אָזערע לעזיווען. און וועגן די בערג, אז זיי שליסן ארום דעם אָזערע-טאָל מיט א ציינערדיקער קייט. דאָס וועט מיר אָבער פאָרט נישט קלעקן אויף פאָרצושטעלן ווי געהעריק די אָזע־ע, ארום וועלכער ס׳האָבן זיך געוועבט מיינע קינדערישע חלומות און נעבן וועלכער ס׳זענען אויפגעטרעטן די העלדן פון מיין יוגנט-לעכער פאנטאזיע.

די דאָזיקע אָזערע האָט אירע קוואלן זייער הויך אין צפון, און דאָרט, מוז איך אייך זאָגן, איז באמת א הערלעכע געגנט פאר אן אָזערע! דער וואלד און די בערג הערן קיין-מאָל נישט אויף צו זאמלען וואסער פאר איר. א גאנץ קיילעכיק יאָר פאלן אין איר אריין שטראָמען און קוועלכלעך. זי פאר-מאָגט פיינעם, ווייסן זאמד זיך אויסצוציען אויף אים, ערד-שפיצן און קליינע אינזעלעך, וואָס זי שפיגלט-אָפּ אין איר וואסער און אויף וועלכע ס׳איז א נחת פאר׳ן אויג א קוק צו טון. וואסער-רוחות און וואסער-מיידלעך האָבן דאָרט א ברייט פעלד פאר זייערע קונצשטיק, און נישט ווייט פון אי־רע קוואלן צעוואקסט זי זיך מיטאמאָל ברייט און שיין. דאָרט אויבן, אין צפון, איז זי פריילעך און חנוודיק: מען דארף נאָר א קוק-טון אויף איר אין א זומער-באגינען, בשעת זי ליגט נאָך אונטערן נעפל-שלייער און אזוי ווי נאָר-וואָס פון שלאָף אויפגעוואכט,— כדי מען זאָל גלייך באמערקן ווי מונטער זי איז. לכתחילה טרייבט זי א ווײלע קאטאָוועס: זי קריכט פאמעלעך, אָבער מאקע גאָר פאמעלעך אפער פון דער דינער ארומהילונג. נאָר אזוי כשופדיק שיין איז זי דאן, אז מען קאָן זי קוים-וואָס דערקענען. אָבער מיטאמאָל טוט זי א פליק-אראָפּ פון זיך דעם גאנצן צודעק, און אָט ליגט זי דאָרט אין נייעם-נאקעט, פאר-רויטלט זיך און גלאנצט אינם פרימאָרגן-ליכט!

אָבער די אָזערע שטעלט זיך נישט צופרידן מיט דעם דאָזיקן שפילעוודיקן לעבן. זי שנורעוועט זיך צענויף אין א שמאָלן דורכגוס, ברעכט זיך אדורך איבער עטלעכע פלאכע זאמד-בערגלעך, אין דער ריכטונג צו דרום-צו, און זוכט זיך

אויס א ניי מלכות; זי ווערט גרעסער און מעכטיקער, זי האָט איצט אויסצופילן אומענדלעכע טיפענישן און צו באַצירן אַן אַרבעטזאַמע געגנט. דאָ ווערט שוין דאָס וואַסער טונקעלער, דער ברעג עטוואָס איינטאָניקער, די ווינטן ווערן בייסיקערע, דער גאַנצער אויסזען פון דער אומגעגנט אַ שטרענגערער. נאָר אפילו דאָ איז זי נאָך אַלץ אַ פּראַכטפולע און הערלעכע אָזערע. ס'איז נישט איבערצוציילן די שיפן און האַנדל־טראַנס־ווערס, וואָס ווערן איבער איר אַריבערגעפירט. שפּעט, זייער שפּעט באַקומט זי צייט צו גיין אין איר ווינטער־רו אַריין, — זעלטן־ווען פריער ווי נאָך ווייַנאַכטן. אָפטמאָל איז זי אויך זייער בייז געשטימט. זי קאָן זיך טיילמאָל שוימען ווייס פון כעס און אומדרייען זעגל־שיפן מיטן דעק קאַפּויר, אָבער זי קאָן אויך ליגן שטיל, אין אַ פאַרחלומטער רואיקייט, און אָפּ־שפּיגלען דעם הימל.

די דאָזיקע אָזערע וויל אָבער קומען נאָך ווייטער אין דער וועלט אַריין, הגם די ברעג זעען־אויס צו ווערן אַלץ אומפרייַנטלעכער, און וואָס ווייטער זי קומט אויף דרום־אַראָפּ, אַלץ ענגער ווערט איר דאָס אָרט, אַזוי, אַז איינמאָל מוז זי אַלס גאָר שמאָלער דורכגוס קריכן צווישן זאַמד־ברעגן. דערנאָך צעשפּרייט זי זיך צום דריטן מאָל, אָבער שוין נישט מיט דער זעלביקער הערלעכער שיינקייט און מעכטיקייט, ווי העכער שטראָם־אַרויף.

די ברעגן זינקן אַראָפּ אַלץ נידריקער און נידרי־קער און ווערן איינפאָרמיקע, מילדערע ווינטלעך בלאָזן דאָ, און די אָזערע גייט פרי אין איר ווינטער־רו אַריין. אפילו איצט איז זי נאָך אַלץ שיין. זי האָט שוין אָבער פאַרלוירן איר יוגנטלעכע ברויזנדיקייט און איר מאַנהאַפטיקע קראַפט — זי איז, אָט אַזוי זיך, אַן אָזערע ווי אַלע אַנדערע אָזערעס. מיט צוויי אָרעמס טאַפּט זי דעם וועג צו דער ריזיקער אָזערע ווענערן, און ווען זי געפינט אים לסוף, וואַרפט זי זיך מיט איר רעשט ביסל כחות אַראָפּ פון גלייכע אָפּריסן און גייט

מיט איר לעצטער, דונערנדיקער טאט אין איר אייביקער רו אריין.

פונקט אזוי לאנג ווי דער טייך איז אויך דאָס פלאַך־לאַנד; נאָר מיר מעגן גלייבן, אז ס׳איז אים נעבעך שווער זיך אדורכצוקריגן צווישן דער אָזערע און די בערג, — אָנהייבנדיק פונם קעסל־טאָל ביים צפונדיקן סוף־פונקט פון דער אָזערע, וואו עס וואגט ערשט קוים זיך אויסצושפרייטן, און דערנאָך אלץ ווייטער אראפּ אויף דרום, ביז עס לייגט זיך אלס זיגערן אוועק אין באקוועמלעכער רו ביים ברעג פון דער אָזערע ווענערן. ס׳קען גאָר נישט זיין קיין רייד וועגן עפּעס אנדערש, ווי נאָר אז דאָס פלאַך־לאַנד וואָלט גערן געוואָלט מיטגיין מיטן ברעג פון דער לעיוען, אזוי לאנג ווי ער ציט זיך, אָבער די בערג דערלאָזן עס נישט.

אגב, ווען כ׳האָב שוין דאָ דערמאָנט וועגן די בערג, מוז איך אייך זאָגן, אז דאָס זענען ריזיקע גראניט־מויערן, באַ־וואָקסענע מיט וואלד. אין זיי זענען פאראן פיל בארג־דורכ־ריסן, וואו ס׳איז זייער שווער אדורכצוגיין, אָבער דאָרט גע־פינט זיך א שפּע טאָרף און שטיין־מאָך, און אין יענע צייטן איז דאָרט געווען א היים פאר א שלל ווילדפרעט. און אין דער סאמע הייך, צווישן די פלאטשיקע, ווייט־אויסגעשטרעקטע בארג־קאמען קאָן מען אמאָל אָנטרעפן א פלאכן זומפּ, וואָס איז צוגעדעקט מיט א ווייכן באָדן־שיכט, אָדער א סאזשעלקע מיט שווארץ, מוטנעם וואסער; אויף טייל ערטער געפינט זיך א גרוב, וואו מען האָט אמאָל געבּרענט האָלץ־קוילן, אָדער אן אָפענער פלאץ, וואו מען האָט אויסגעהאקט די ביימער, אָדער א שטיק ערד, וואָס מען האָט דאָרט אויסגעבּרענט די איבערגעבליבענע פּיעניעס, כדי דאָס אש דערפון זאָל באמיסטיקן דעם באָדן — דאָס אלץ זאָגט עדות דארויף, אז אויך די בערג קאָנען פאר־טראָגן מענטשלעכע ארבעט. אָבער געוועינלעך ליגן די בערג אין זאָרגלאָזער רו און שטעלן זיך צופרידן דערמיט וואָס זיי דערלאָזן, אז אויף זייערע משופּעקייטן זאָלן ליכט און שאָטן זיך שפּילן אין זייער אייביקער שפּיל.

מיט די דאָזיקע בערג פירט דאָס פלאַך־לאַנד, וואָס איז פרום און רייך און האָט ליב ארבעט, א כסדרדיקע מלחמה, הגם גאַנץ גוט־ברודעריש.

— ס'איז דאָך די והותר, זאָגט דאָס פלאַך־לאַנד צו די בערג, וואָס איר שטעלט אויף אייערע מויערן ארום מיר, דאָס איז א גאַנץ גוטער שוץ פאר מיר. מער דארף איך נישט.

די בערג האָבן אָבער גאָרנישט געוואָלט הערן אזעלכע טענות: זיי האָבן ארויסגעשיקט א גאַנצע שורה בערגלעך און הויך־פלאַכן, אזש ביז אראָפּ צום סאמע ברעג פון דער אָזערע. זיי האָבן אויפגעשטעלט הערלעכע אויסקוק־טורעמס אויף יעדן ערד־שפּיץ, און פּאַקטיש פארלאַנגט זיי אַזוי זעלטן דעם ברעג פון דער אָזערע, אז דאָס פלאַך־לאַנד קאָן זיך בלויז אויף עטלעכע ערטער קאָלערן אין וויכן זאמד, וואָס ביים ברעג. זיין גאַנץ באַקלאָגן זיך איז אן אומזיסטע טרחה.

— דו, מעגסט, כ'לעבן, צופרידן זיין, וואָס מיר שטייען דאָ! זאָגן די בערג, גיב אָקאָרשט א טראכט וועגן דער צייט פאר ווינאכט, בעת די אייז־קאַלטע נעפּלען וויקלען זיך טאָג־טעגלעך איבער דער אויבערפלאַך פון לעיוועץ! נישקשה. מיר טוען דיר א גוטע געפעליקייט אויף דעם אָרט, וואו מיר שטייען!

דאָס פלאַך־לאַנד באַקלאָגט זיך דערויף, וואָס עס האָט אַזוי וויניק פלאַץ און קאָן זיך נישט ארומקוקן אין דער וועלט.

— ווי נאריש דו ביזט, ענטפערן די בערג, ווען דו וואלסט נאָר א קליין ביסל געפילט, ווי קאַלט ס'בלאָזט דאָ ביי דער אָזערע! גלויב אונז, מען דארף לפחות האָבן א פלייצע פון גראַניט און א פעלץ פון סאָסנע, כדי צו קאָנען דאָ איבער־האַלטן! און איבעריקנס, קאָנסטו זיך באַנוגענען מיטן קוקן אויף אונז.

נו יאָ, קוקן אויף די בערג, — דאָס פלאַך־לאַנד טוט עס טאַקע. אים זענען גוט באַקאַנט אַלע אויסטערלישע שאַטירונ־גען פון ליכט און שאָטן. עס ווייסט, ווי אַזוי זיי זינקען אין דעם נאָכמיטאָג־ליכט אראָפּ צום האָריזאָנט; גאָר, גאָר

בידריקע זענען זיי דאן און בלויז שוואך-העלבלויע, אָבער אינם באגינען- אָדער אָוונט-ליכט הויבן זיי זיך ווידער אויף ביז צו א בכבודדיקער הויך, און דאמאָלסט זענען זיי שאפיר-בלויע ווי דער הימל אין זעניט. טיילמאָל ווידער, קאָן דאָס ליכט אזוי שארף פאלן אויף זיי, אז זיי ווערן גרינע אָדער שארף-בלויע, און יעדע סאָסנע, יעדן דורכגאנג, יעדן דורכן ריס אין די בערג, זעט מען פון א מיילן-וויטן מהלך.

ס'געשעט אפילו אמאָל, אז אויף טייל ערטער רוקן זיך די בערג אָפּ אין א זייט און לאָזן דעם פלאך-לאנד צוקומען און א קוק טון אויף דער אָזערע. אָבער ווען עס דערזעט זי אין איר ווילדן צאָרן, בשעת זי שיפּעט און שפּריצט ווי א ווילדע קאץ, אָדער ווען עס דערזעט ווי זי איז באדעקט מיט קאלטן רויך, דערפון וואָס דער וואסער-רוח איז אונטן אויפ-דעק באשעפטיקט מיט ברויען ביר און וואשן וועש, — אָ, דאַן גיט שוין דאָס פלאך-לאנד געדעכט די בערג און ציט זיך ווי-דער צוריק אין זיין ענגער תפיסה אריין.

די מענטשן האָבן שוין זינט לאנגע דורות באארבעט דאָס דאָזיקע הערלעכע פלאך-לאנד, און דאָרטן האָט זיך טאקע אנטוויקלט א גרויסער ישוב. וואו נאָר עפּעס א טייכל ווארפט מיט זיינע ווייס-שוימיקע קאסקאדעס אראָפּ פון א בארג-משופּע-קייט, דאָרט זענען אנטשטאנען טארטאקן און מילן. אויף די ליכטיקע אָפענע ערטער ווידער, וואו דאָס פלאך-לאנד קומט צו צו דער אָזערע, דאָרט זענען גלחישע וואוין-הייזער אויפגעבויט געוואָרן; אָבער נעבן די ברעגן פונם טאָל, נאָך האלב-וועגס בארג-ארויף איבער די משופּעקייט, אויפן הארטן, שטיינערנעם באָדן, וואו די תבואה האלט זיך נישט—דאָרט ליגן פויערישע כאטעס און הייזלעך פון עמעריטן-אָפיצירן, און וואו נישט-וואו איז אויך פאראן א פּריצישער הויף.

איך מוז אָבער דאָ באמערקן, אז אין די צוואנציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט נאָך די דאָזיקע געגנט נישט פארמאָגט אזוי פיל באארבעט אקערלאנד ווי איצטער. גרויסע שטחים פון דעם באָדן, וואָס לאָזט זיך איצט באאר-

בעטן, זענען דענסמאָל נישט געווען עפּעס אנדערש ווי בלויז וואַלד, אָזערע און זומפּ. דער ישוב איז אויך נישט געווען אזא צאָלרייכער ווי איצט. די מענטשן האָבן דאָרטן ס׳רוב געצויגן זייער חיונה פון פירן פערד-און-וואָגן אָדער פון טאָג-ארבעט אין די הויטעס, וואָס זענען דאָרט געווען לרוב; אָדער זיי האָבן גאָר געארבעט אין אנדערע מקומות; די ערד-ארבעט האָט נאָך נישט אלעמען געקאָנט מפרנס-זיין.

צו יענע צייטן האָבן זיך די איינוואוינער פונם פלאַך־לאנד געקליידעט אין מלבושים פון היימיש געוועבטן שטאָף, געגעסן ברויט פון האָבער-מעל און זיך באנוגנט מיט א טאָג־פּארדינסט פון פינפאונצוואנציק גראָשנס. די נויט איז ׳וואָס אן אמת, צווישן א סך פון זיי געווען זייער גרויס, זי איז אבער אָפט געלינדערט געוואָרן פון א פריילעך געמיט און א געבוירענער פעאיקייט צו פארשיידענע מלאכות, ווי אויך פון פלייסיקייט, וואָס פלעגט זיך אלעמאָל ארויסווייזן, בשעת זיי האָבן געארבעט אין דער פרעמד.

אָבער זיי אלע דריי, די לאנגע אָזערע, דאָס רייכע פלאַך־לאנד און די בלויע בערג, האָבן דאמאָלסט געבילדעט איינע פון די שענסטע געגנטן, און ס׳איז נאָך עד היום אזוי; דאָס־גלייכן זענען די דאָרטיקע איינוואוינער אויך נאָך ביז היינטיקן טאָג קרעפטיקע, מוטיקע און זייער באגאבטע מענטשן. איצט האָט דער דאָזיקער ישוב געמאכט א גרויסן שריט פאָרווערטס סיי בנוגע באהעביקייט, סיי בנוגע בילדונג.

הלוואי זאָלן זיי מצליח זיין אין אלצדינג, — אָט אלע די מענטשן, וואָס וואוינען דאָרט אויבן אין צפון, ביי דער לאנגער אָזערע און נעבן די בלויע בערג! און דאָ וועל איך דערציילן א ביסל זכרונות טאקע פון זיי אליין.

.4

## די ווינילי-נאכט.

סינטראם הייסט דער בייזוויליקער פריץ פונם הויף פאָרס, ער, וואָס מיטן אומגעלומפערטן גוף ווי ביי א מאלפע און מיט די לאנגע אָרעמס, מיטן פליכעוואטן קאָפּ און מיאוסן גרימאסע-דיקן פרצוף, ער, וואָס זיין תאוה איז אלעמען צו טון שלעכטס.

סינטראם הייסט דער בעלעבאס, וועלכער נעמט-אָן בלויז שלעפּערס און מעסער-שטעכערס אלס פאראָבקעס און באשעפטיקט נאָר רכילות'ניצעס און פליאָטקע-מאכערינס אלס דינסט-מיידלעך; ער רייצט זיינע הינט ביז ווילדן משוגעת, דורך דעם, וואָס ער שטעכט זיי אריין נאָדלען אין דער מאָרדע; און ער לעבט גליקלעך בלויז צווישן צאָרנדיקע מענטשן און צערייצטע חיות.

סינטראמס בעסטער פארגעניגן איז — פארקליידן זיך אין געשטאלט פון א שטן, מיט הערנער און א ווידל און פערדישע קאָפּיטעס און א האָריקן גוף, און אָט אזוי אומגעריכטערהייט ארויסטרעטן פון א פינסטער ווינקעלע אָדער פון אונטערן אויוון-אפּער, צי גאָר פון דער האָלץ-קאמער, און איבערשרעקן קינדער און אלטע ווייבער.

סינטראם פרייט זיך, ווען ער קאָן אלטע פריינטשאפט פארבייטן אויף נייער שנאה, און ר'האָט שטארק הנאה פון פארסמען מענטשנס הערצער מיט שקר.

אָט דער דאָזיקער פארשוין הייסט סינטראם, און איינ־מאָל איז ער אָנגעקומען קיין עקעבי !.

— — — — — — — — — — — —

העי, שלעפּט אריין דעם גרויסן האָלץ־שליטן אין קוזניע אריין, שטעלט זיך אפּ מיט אים אויף דער מיטן פּאָדלאָגע, און לייגט א ברעט איבער די פלעקער ! אָט אזוי איז שוין פאראן א טיש. הורא פארן טיש ! עולם, דער טיש איז פארטיק !

אהער איצט מיט שטולן, און אלץ וואָס מען קאָן נאָר זיצן דארויף ! אהער מיט די דרייפיסיקע שוסטער־בענקלעך און ליידיקע קעסטלעך ! אהער מיט די צעריסענע אלטע פּאָטעלן אָן רוקנס, און אריין מיטן בויד־שליטן, אָט טאקע יענעם, וואָס אָן שינעס, און שלעפּט אריין אויף די גרויסע קאָליאסע ! כא־כא—כא ! אריין מיט דער אלטער קאָליאסע ! דאָס וועט שוין איינמאָל זיין א גרויסארטיקע רעדנער־טריבונע !

אָווא, טוט נאָר א קוק !... איין ראָד פעלט איר שוין, און וואָס נאָך מער... אויך דאָס גאנצע קופּע!... בלויז דער קאָזיאָל איז פארבליבן. דאָס געבעטעכץ איז צעפליקט, די וואלד־האָר פליען ארום און דאָס לעדער איז שוין רויט פון אלטקייט; הויך ווי א הויז איז דאָס דאָזיקע אלטווארג. העי, דאָרט, שפּאר זי אונטער, א נישט וועט זי אומפאלן !...

הורא ! הורא ! ס'איז איצט ווייגאכט אין דער הוטע פון עקעבי.

הינטער די זיידענע פאָרהאנגען פונם ברייטן זיווג־בעט שלאָפן דער מאיאָר מיט די מאיאָרין, זיי שלאָפן און מיינען, אז אויך דער קאוואלערן־פליגל שלאָפט. יאָ, די פּאראָבקעס און די דינסט־מיידלעך זיי מעגן שלאָפן, אָנגעשטאָפּטע ווי זיי זע־נען מיט ווייגאכטיקער רייז־קאשע און בארוישטע פונם יום־טובדיקן בייערישן ביער, אָבער נישט די הערן פונם קא־וואלערן־פליגל. ווי קאָן דאָס עמיצער גלייבן, אז דער קאווא־לערן־פליגל שלאָפט ?

קיין באָרוויסע שמידן דרייען איצט נישט איבער די שטיקער שמעלץ. די איינגעריסטע הילף־יינגלעך שטופּן נישט

קיין קוילן-טאטשקעס, דער גרויסער האמער הענגט אין דער הייך ביים פולאפ ווי אן אָרעם מיט א געביילטער פויסט. די קאָוואדלע שטייט ליידיק, די אויוונס עפענען נישט זייערע רויטע פּיסקעס כדי איינצושלינגען שטיקער קוילן, דער בלאָזזאק סקריפּעט נישט! ס׳איז וויגיליע-נאכט! די קוזניע שלאָפט.

שלאָפט!... שלאָפט!... אָ, דו מענטשן-קינד, שלאָפט בשעת די קאוואלערן זענען וואך!?

די לאנגע צוואנגען שטייען אין דער קוזניע אויפגעשטעלט אויף דער שווארצער ערד-פּאָדלאָגע און האלטן חלבנע ליכטלעך אין זייערע קלעשטשעס. פונם צען-עמערדיקן בלאנקנדיקן, קופּערנעם קעסל, וואָס שטייט אין מיטן פּאָדלאָגע, פלאטערן די פלאמען פונם ברען-קאָניאק ארויף אזש ביז צו דער חושכדיקייט אונטערן פולאפ. בערנקרייצ׳ס האָרנער לאמטער איז אויפגעהאָנגען אויפן פאל-האמער. דער געלער פונש גלאנצט אין קעסל ווי א העלע זון. און אָט איז דאָרט פאראן שוין דער טיש, און אויך בענקלעך זענען שוין פאראן. די קאוואלערן פראווען די הייליקע וויגיליע-נאכט אין דער קוזניע!

אך, סארא פריילעכקייט און געטומל דאָרט קאָכט און רוישט, סארא מוזיק און געזאנג ט׳קלינגט דאָרט! דער געפּילדער פון דער דאָזיקער נאכט-שמחה וועקט אָבער קיינעם נישט אויף פון שלאָף. דער רעש שטארבט-אָפּ אין דעם מעכטיקן געבראָיז פונם וואסער-פאל, וואָס נעבן דער קוזניע.

אך, סארא פריילעכקייט, סארא געטומל!... אָבער... אָבער, שטעלט אייך נאָר פאָר, ווען די מאיאָרין דערהערט דאָס!

טאָ איז וואָס? זי וואָלט זיך זיכער אוועקגעזעצט צווישן זיי און אויך איבערגעדרייט א כוסה. זי איז א כוואטסקע נקבה און זי אנטלויפט חס-וחלילה נישט פאר קיין שרייעדיק, געפעפערט שכור-לידל און אויך נישט פאר קיין אָקעלע. זי איז די גרעסטע נגידותטע פון גאנץ ווערמלאנד, וואוילעריש ווי א מאנסביל, שטאָלץ ווי א מלכה. זי הערט זייער גערן געזאנג און פידל-שפּיל, און אויך די קלאנגען פון וואלד-האָרן. זי האָט ליב וויין און קאָרטן-שפּיל און אויך א טיש, וואָס איז ארומ-

געזעצט מיט פריילעכע געסט. ס'טוט איר הנאה, אז ס'זאל וואָס ווינציקער ווערן אין אירע שפייז-קאמערן, טאנץ און פריילעכקייט זאָלן זיך מערן אין אירע שטובן און סאלאָנען, און אויך אז דער קאוואלערן-פליגל זאל תמיד זיין פול באַזעצט מיט קאוואלערן.

טוט אָקאָרשט א קוק אויף די מאנסלייט, וועלכע האָבן זיך אויסגעזעצט ארום דעם פונש-קעסל: איינס-ביי-איינס קאַוואלערן! צוועלף מאנסלייט זענען זיי — צוועלף יינגן מיטביינער! נישט קיין טאָג-פליגעלעך, נישט קיין מאָדע-העלדן, נאָר מענער מיט קלאנגפולע נעמען, וואָס זייער רום וועט נאָך לאנג נישט אָפשטארבן אין ווערמלאנד; זיי זענען מוטיקע מענער, שטארקע פארשוינען! זיי זענען נישט קיין פארטרוקנטע בוך-קוועטשערס, נישט קיין פארקניפטע געלט-זעק, נאָר פריילעכע קבצנים, זאָרגלאָזע חברה-לייט, אָבער תמיד און אומעטום קאוואלערן!

זיי זענען נישט קיין צעפיעשטשעטע בן-יחידימלעך, און נישט קיין פארשלאָפענע באלעבאטימלעך פון אייגענע הייזער... אָ, ניין! זיי זענען נע-ונדניקעס, לוסטיקע הוליאקעס, העלדן פון הונדערטער אוואנטורעס!

אָבער איצט... אך, איצט איז שוין דער קאוואלערן-פליגל פוסט זינט כמה יאָרן. עקעבי איז שוין נישט מער דער אויסגעוויילטער מקום-מקלט פאר היימלאָזע קאוואלערן, אָפיצירן-עמעריטן און פאראָרימטע אדלס-לייט שלעפן זיך שוין נישט מער ארום איבער ווערמלאנד אויף זייערע שמאָלע, איינשפאַניקע וועגעלעך. אָבער וואָס ארט עס אונז... אדרבא, זאלן דאָ די טויטע אויפלעבן, זאָלן זיי אויפשטיין תחית-המתים, — אָט טאקע זיי, וועגן וועלכע איך רעד דאָ, זיי — די פריילעכע, די זאָרגלאָזע, די אייביק יונגע פארשוינען!

די מאנסלייט, וועלכע זיצן איצט ארום דעם פונש-קעסל, זענען אלע וויים-בארימטע, און אלע קאָנען זיי שפילן אויף איין אָדער עטלעכע אינסטרומענטן. חוץ דעם זענען זיי אלע

אזוי אָנגעשטאָפּט מיט כּלערליי אייגנטימלעכע אויסדרוקן און שפּריכווערטלעך, מיט אָריגינעלע איינפאלן און לידלעך — א שטייגער ווי א מוראשניק מיט מוראשקעס. יעדער איינער פון זיי האָט אָבער פּאָרט זיין אייגענע גרויסע אייגנשאפט, זיין הויך-געשעצטע קאוואלערישע מעלה, וואָס אונטערשיידעט אים פון אלע איבריקע קאוואלערן.

פון זיי אלע, וואָס פּראווען איצט די וויגילע-נאכט אין דער קוזניע, וויל איך ראשית-כּל דערמאנען בערנקרייצן, דעם פּולקאָווניק מיט די גרויסע ווייסע וואָנסעס, — דעם בארימטן אָקע-שפּילער, דעם ליידנשאפטלעכן זינגער פון בעלמאנס *) לידלעך, און צוזאמען דערמיט, — זיין פריינט און קריגס-חבר, דעם שווייגנדיקן מאיאָר אנדערס פוקס — דעם פארברענטן בער-יעגער; אלס דריטן פון דער קאָמפּאניע, — דעם קליינעם רוסטער — דעם פייקלער, וועלכער איז שוין פון קדמונים אָן א באדינער ביים פּולקאָווניק בערנקרייץ, אָבער צוליב זיין פעאיקייט אין קאָכן פּונש און שטרייכן דעם גראָבן באס, איז ער געשטיגען צום ראנג פון א קאוואלער, — דערנאָך דארף זיין די רייד וועגן דעם אלטן אונטער-אָפיציר רוטגער פאָן ערנעקלו, — דער קורטיזאן, אָנגעטון אין א שניפּס און א פּארוק, אויסגעפּוצט אין קאָראָנקעס און אין א ווייסער, שטייף-געפּרעסטער זשאבא, און אָנ עשמינקעוועט ווי א קאָקאָטע; ער איז געווען איינער פון די אויסגעצייכנטסטע קאוואלערן; דאָסגלייכן, קרישאן בערג, דער קאפּיטאן און בעל-כּוח. וועלכער איז אויך געווען אן אויסגעצייכנטער העלד, אָבער פּונקט אזוי לייכט אריינצונארן אין זאק, ווי דער ריז אין א מעשהלע פאר קליינע קינדער. אין דער געזעלשאפט פון די דאָזיקע צוויי חברה-לייט פלעגט מען אָפט זען דעם קליינעם, ווי א פעסל קיילעכדיקן פאטראָן יוליוס, — א גרויסער וויצלער, א לוסטיקער און

*) קארל מיקאעל בעלמאן, בארימטער שוועדישער פּאָעט, קאָמפּאָזיטאָר און זינגער פון פאָלקס-לידלעך.

מ. פ.

זייער א באגאבטער מענטש: א בעל־דרשן, א קונסט־מאָלער א זינגער פון פאָלקס־לידער און א דערציילער פון אינטערעסאַנ־טע אנעקדאָטן. זיין בעסטער פארגעניגן איז געווען זיך לוס־טיק צו מאכן איבער דעם אונטעראָפּיציר ערנעקלו, וועלכער האָט נעבעך שטארק געליטן אויף רעוומאטיזם, און אויך אי־בער דעם שוטהדיקן ריז קרישאן בערג.

דאָרט איז אויך געווען דער גרויסער דייטש קעווענהיל־לער, דער דערפינדער פונם זעלבסט־גייענדיקן וואָגן און פון דער פלי־מאשין, ער, וועמענס נאָמען ס׳קלינגט נאָך עד היום אין די רוישנדיקע וועלדער פון ווערמלאנד. ער איז געווען אן אריסטאָקראַט פון אָפּשטאַמונג, און אויך לויט זיין אויסזען — מיט די גרויסע פארדרייטע וואָנסעס, מיטן שפּיציקן בערדל, מיט דער אָדלער־נאָז און מיט די שמאָלע, א ביסל קרומע אויגן, וואָס זענען געווען ארומגעוועבט מיט א נעץ פון קנייטשן.

און דאָרט איז אויך געזעסן דער גרויסער קריגסמאן „קוזין קריסטאָפער", וועלכער פלעגט קיינמאָל נישט פארלאָזן די ד׳ אמות פונם קאוואלערן־פליגל, — א חוץ אין דעם פאל, ווען מען איז געגאנגען אויף א בערן־יאגד, אָדער ווען מען האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף עפּעס א גאָר געוואגטע אוואנ־טורע. נעבן אים איז געזעסן דער פעטער עבערהארד, — דער פילאָזאָף, וועלכער איז נישט לשם פארגעניגן און פארווייליו־נגען געקומען קיין עקעבי, נאָר כדי צו קאָנען, פריי פון דאגות פרנסה, פארענדיקן זיין גרויס ווערק אויפן געביט פון דער „וויסנשאפט פון די וויסנשאפטן".

ערשט צום סוף וועל איך דערמאָנען די בעסטע פּער־זענלעכקייטן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט: דעם וויכהאַרצי־קן לעיוועזנבאָרג—א פרומער מענטש, וועלכער איז צו גוט גע־ווען פאַר דער וועלט און האָט זיך טאקע קנאַפּ־וואָס אָריענטירט אין אירע דרכים, און דעם גרויסן מוזיקער ליליעקרונא, וועלכער האָט וואָס אן אמת געהאַט אן אייגענע גוטע היים און תמיד געבענקט אהינצו, אָבער פאָרט געמוזט פארבלייבן אין עקעבי, מחמת זיין גייסט האָט זיך גענויטיקט אין עשירות

און פארשידנארטיקייט אויף צו קאָנען בכלל פארטראָגן דאָס לעבן.

די אלע עלף מאנסלייט, וועגן וועלכע איך האָב דאָ גערעדט, האָבן שוין געהאַט די יוגנט הינטער זיך, און א סך פון זיי זענען שוין אריינגעטרעטן אין זקנים-עלטער.

אָבער צווישן זיי האָט זיך געפונען איינער, וועלכער איז נישט מער אלט געווען ווי א יאָר דרייסיק און האָט נאָך פאר-מאָגט אלע זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות. דאָס מיין איך אים, — יעסטא בערלינגן, דעם קאוואלער-שבקאוואלערן, וועלכער איז — ער איינער אליין — געווען א גרעסערער בעל-דרשן, זינגער, מוזיקער, יעגער, שכור, הוליאק און קאָרטן-שפילער ווי זיי אלע צוזאמענגענומען. ער האָט אין זיך פארמאָגט כלערליי קאוואַ-לערישע מעלות. אָ, סארא מענטש די מאיאָרין האָט עס פון אים געמאַכט!

טוט אָקאָרשט א קוק אויף אים, ווי ער שטייט דאָרט, אַרויפגעקראָכן אויף א שטול! די חושכדיקייט נידערט אין שווערע שיכטן אויף אים אראָפּ פון דעם שווארצן פולאָפּ. זיין הערלעכער קאָפּ שיינט אָבער ארויס און איז ענלעך צו די קעפּ פון די יונגע געטער, — ליכט-טרעגער, וועלכע האָבן אין אָרדנונג געבראכט דעם תוהו-ובוהו. ער איז שלאנק און שיין, אין אים ברענט א באגער נאָך אוואנטוריסטישע איבערלעבונ-גען, און ער שטייט דארט אויף א שטול און דרשנט.

ער רעדט אָבער מיט טיפן ערנסט:

— קאוואלערן און ברידער! ס'דערנענטערט זיך חצות, די שמחה איז שוין באלד ביים סוף, בכן איז שוין צייט צו טרינ-קען דעם כוס פארן דרייצנטן *) פארשוין ביים טיש!

— ברודערל יעסטא! רופט-אויס דער פאטראָן יוליוס. דאָ

---

*) דרייצן — אַן אומגליק אָנזאָגנדיקע באָל, באזונדערס בנוגע געסט ביים טיש.

מ. פ.

אין אונזער קרייזל איז נישט פאראן קיין דרייצנטער, מיר זענען דאָך נאָר צוועלף!

— אין דעם הויף עקעבי שטארבט יעדעס יאָר א מענטש, רעדט יעסטא ווייטער, מיט וואָס אמאָל אלץ א טרויעריקערן קויל: איינער פון די געסט פונם קאוואלערן-פליגל שטארבט, ס'שטארבט אוועק איינער פון די פריילעכע, פון די זאָרגלאָזע, פון די אייביקע יונגעלייט! טאָ איז וואָס? מיר קאוואלערן טאָרן דאָך נישט אלט ווערן. אויב אונזערע ציטערדיקע הענט זענען שוין נישט מער בכּוח אויפצוהויבן דעם כּוס, און אויב אונזערע האלב-פארלאָשענע בליקן קאָנען נישט מער אונטער-שיידן א קערטל, — טאָ וואָס איז שוין דאן, מ'שטיינסגעזאָגט, דאָס לעבן פאר אונז, און וואָס זענען מיר שוין דאן פארן לעבן? איינער פון די, וועלכע פראווען די וויגיליע-נאכט אין דער קוזניע פון עקעבי מוז שטארבן. אָבער יעדעס יאָר קומט-צו א פרישער קאוואלער, כּדי צו פארפילן אונזער צאָל. דאָס מוז אלע מאָל זיין א מענטש, וועלכער איז באהאוונט אין דער מלאכה פון שאפן פרייד, אזא איינער, וועלכער ווייסט ווי אזוי אומצוגיין מיט א פידל און מיט א טאליע קאָרטן, — אָט אזא איינער מוז קומען און פארפילן דעם קאָמפּלעט פון אונזער חברה. אלטע שמעטערלינגען דארפן קענען די קונץ צו שטארבן בעת די זומער-זון שיינט נאָך! אלזאָ, לחיים פארן דרייצנטן!

— אָבער יעסטא, מיר זענען דאָך פאָרט נישט מער ווי צוועלף, ענטפערן די קאוואלערן און רירן זיך נישט צו צו זייערע גלעזער.

יעסטא בערלינג, דער וועמען זיי האָבן א נאָמען געגעבן „דער פּאָעט", הגם ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געשריבן קיין פערזן, לאָזט זיך גאָרנישט שטערן פון די צווישנרופן און זעצט ווייטער פאָר זיין דרשה:

— קאוואלערן און ברידער! צי האָט איר דען פארגעסן שוין, ווער איר זענט? נו, טאָ לאָמיר אייך דערמאָנען: איר זענט די יעניקע, וועלכע האלטן אונטער די גאנצע פרייד אין ווערמלאנד! איר זענט די יעניקע, וועלכע יאָגן-אונטער די

סמיטשיקעס אויף די פידלען, וועלכע דערלאָזן נישט, אז דער טאנץ זאָל זיך אָפּשטעלן, וועלכע זעען-צו, אז געזאנג און מוזיק זאָל קלינגען איבערן לאנד.

איר פארשטייט צו האלטן אייערע הערצער ווייט פון דער תאוה נאָך געלד, און אייערע הענט ווייט פון ארבעט. אויב איר וואָלט זיך דאָ נישט געפונען, וואָלט דער טאנץ זיך אָפּ־געשטעלט, דער זומער וואָלט פארשוואונדן, די רויזן פארוועלקט, דאָס קאָרטן־שפּילן אויפגעהערט, דאָס געזאנג אָפּגעשטאָרבן און אין דעם דאָזיקן געבענטשטן לאנד וואָלט זיך נישט געפונען קיין שום אנדערע זאך ווי נאָר אייזן און הוטניקעס. די פרייד וועט דאָ לעבן אזוי לאנג ווי איר. קאוואלערן! זעקס יאָר צייט פראווע איך שוין די וויגיליע־נאכט אין דער קוזניע פון עקעבי, און קיינער האָט זיך נאָך ביז־איצט קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו טרינקען דעם כּוס פארן דרייצנטן גאסט! ווער פון אייך האָט עס אזוי שטארק מורא פארן טויט?

— אָבער יעסטא, רופן זיי זיך אָן, אין דער צייט ווען מיר זענען בלויז צוועלף מענטשן, טאָ וויא זוי זאָלן מיר גאָר קאָנען טרינקען א כּוס פארן דרייצנטן?

א טיפע פארזאָרגטקייט שפּיגלט זיך אָפּ אויף יעסטאס פּנים.

— צי זענען מיר טאקע נישט מער ווי צוועלף? פרעגט ער. פארוואָס איז דאָס אזוי? זאָלן מיר, הייסט עס, אויס־שטארבן פון דער ערד? וועלן מיר איבעראיאָר נישט זיין מער ווי עלף, און איבער צוויי יאָר בלויז צען? וועט אונזער נאָמען אוועק אין דער לעגענדע, און אונזער חברה וועט אומגעברענגט ווערן? ניין, ניין! איך רוף אים אריין, דעם דרייצנטן, וואָרום איך בין אויפגעשטאנען, כּדי צו טרינקען דעם כּוס פאר אים! פון די טיפענישן פונם ים, פון די אינגעווייידן פון דער ערד, פונם הימל, פונם גהינום רוף איך אים אריין, — דעם, וועלכער וועט פארפילן דעם קאָמפּלעט פון דער חברה קאוואלערן!

דאן ווערט א גערויש אין קוימען, דאן פראלט־אויף דאָס

טירל פונם שמעלץ־אויוון, און דער דרייצנטער פארשוין קומט פון דאָרט ארויס.

דער ניי־אָנגעקומענער איז באוואָקסן מיט האָר. ער האָט א ווײדל און פערדישע קאָפּיטעס, הערנער און א שפּיציק בערדל, און דערזעענדיק אים שפּרינגען־אויף די קאוואלערן דערשראָקן פון זייערע ערטער און הייבן־אָן מאכן קולות און גוואלטן.

נאָר איין יעסטא בערלינג רופט־אויס מיט אומגעצוימטער פרייד:

— דער דרייצנטער איז געקומען! לחיים פארן דרייצנטן! הורא! הורא!

און אָט איז ער טאקע געקומען, דער אלטער שונא פון די מענטשן, געקומען צו די דאָזיקע עזות־פנים׳ער, וועלכע וואגן צו שטערן דעם פרידן פון דער הייליקער ווייגיליע־נאכט. ער איז א ידיד פון די מכשפות, וואָס רייטן ערב־פּסח אויף בעזימער אין גהינום אריין, ער איז דער פּארשוין וועלכער פארשרייבט זיינע קניות אויף שווארצן פּאפּיר, דער זעלבער, וועלכער האָט אין משך פון זיבן טעג געטאנצט מיט דער משוגענער גרעפין אינם גוט „איוואָרסנעז", און וועמען זיבן גלחים האָבן נישט געקאָנט פארטרייבן... איצט איז ער בכבודו ועצמו געקומען צו גאסט צו די דרייסטע חברה־לייט.

בשעת זיי דערזעען אים, ברויזן די מחשבות מיט א געוואלטיקער שנעלקייט דורך די מוחות פון די צעטומלטע וואנטורניקעס. זיי חידושן זיך, צוליב וועמענטסוועגן ער האָט זיך אין דער דאָזיקער נאכט מטריח געווען אין דעם וויטן וועג אריין.

א סך פון זיי האָבן שוין פון גרויס שרעק געוואָלט אנטלויפן, אָבער באלד ווערט זיי קלאָר, אז דער באהאָרנטער פּארשוין איז נישט געקומען, כדי עמיצן פון זיי ארויפצופירן אין זיין פינסטערן קיניגרייך, נאָר אז ס׳האָט אים אהערגעצויגן דער קלאנג פון די בעכערס און דער רויש פון די פריילעכע לידלעך; ער האָט אויך געוואָלט געניסן פון מענטשנס שמחה אין דער הייליקער ווייגיליע־נאכט און אויף א ווײלע פּטור

וערן פון דאגות-המלכות,– כאָטש אויף די פּאָר שעה, וואָס די קאוואלערן פארברענגען אזוי פריילעך!

אָ, קאוואלערן, קאוואלערן! צי האָט נאָך ווער פון אייך אין זינען, אז עפּעס איז דאָך היינט די הייליקע וויגיליע-נאכט אויף דער וועלט? איצטער זינגען דאך די מלאכים זייער שירה פאר די פּאסטוכער פון די פעלדער, איצטער ליגן דאָך די קינדערלעך אין זייערע בעטעלעך און האָבן שטארק מורא, זיי זאָלן חלילה נישט איינשלאָפן אזוי געשמאק, אז זיי וועלן זיך נישט קאָנען באצייטנס אויפכאפּן און מיטפאָרן צו דער פרימאָרגן-מעסע אין דער ברוביער קירך, וואו מען וועט שוין באלד אָנצינדן אלע ווייַנאכטישע ליכט און אויך די אומצייליקע קליינע ליכטלעך. און דאָרט, העט ווייט, אין די וואלד-שטיבעלעך, האבן די יינגע בחורימלעך נאָך נעכטן אין אָוונט אָנגעגרייט די שטורקאצן, מיט וועלכע זיי וועלן צולייכטן זייערע מיידלעך אויפן וועג צו דער קירך. אין אלע פענסטער האָבן די באלעבאָסטעס ארייַנגעשטעלט הילצערנע מנורות מיט ליכטלעך, אויף אָנצינדן בשעת די מענטשן וועלן פארבייפאָרן צו דער קירך. דער אָרגאניסט חזרט אין שלאָף די ניגונים פון די ווייַנאכטישע קאפּיטלעך תהלים, און דער אלטער פראָ-באָשטש ליגט אין בעט און פּרובירט, צי ר׳האָט נאָך א גע-נוג שטארקע שטים צו דער הייליקער מעסע און צו דער דרשה דערנאָך, און אויך ער חזרט זיך: „לויב און כבוד פאר גאָט אין הימל, שלום אויף דער ערד, און פאר די מענטשן א שטארקן ווילן צום גוטן!"

אָ, קאוואלערן! ס׳וואָלט פאר אייך פיל גלייכער געווען, אז איר זאָלט אין דער דאָזיקער הייליקער נאכט ליגן רואיק אין אייערע בעטן, ווי זיך צו חברן מיטן האר פון האס און פייַנסטערניש.

זיי באגריסן אים אָבער מיט א פריילעכן ברוך-הבא, — פּונקט ווי יעסטא האָט עס געטון. זיי שטעקן אים אריין אין האנט א פול-אָנגעגאָסענעם בעכער מיט ברען-קאָניאק, זיי גיבן אים אָפּ דעם בכבודיקסטן אָרט ביים טיש, און זיי קאָנען זיך

נישט זאט אָנקוקן אין אים, גלייך ווי זיין מיאוסער סאטירן-פּרצוף וואָלט געהאט די חנוודיקע שטריכן פון דער געליבטער פון זייער יוגנט.

בערענקרייץ פאַרבעט אים תיכף צו אַן אָקעלע, דער פּאַט-ראָן יוליוס זינגט פאַר אים זיינע שענסטע לידלעך, און ער-נעקלו רעדט מיט אים וועגן שיינע פרויען, — וועגן די דאָזיקע פּרעכטיקע באַשעפענישן, וואָס פאַרזיסן דאָס לעבן.

און ער, דער באַהאָרנטער, פילט זיך דאָרט זייער גוט; טוט נאָר א קוק, ווי ער גלייכט זיך דאָס אויס מיט אזא גדלות אויפן קאָזיאָל פון דער אלטער קאָלאסע, און מיט וואָסער ברייטקייט ער טראָגט דאָס דעם פולן כוס מיט קאָניאַק צו זיינע שמייכלענדיקע סאטירן-ליפּן!

אָבער יעסטא בערלינג האלט, נאטירלעך, א דרשה פאַר זיין כבוד-וועגן.

— אייער גנעדיקייט! זאָגט ער, מיר האָבן דאָ אין עקעבי שוין לאנג געוואַרט אויף אייך, וואָרום אייך איז זיכער שווער צו באַקומען א דריסת-הרגל אין א צווייטן גן-עדן. דאָ לעבט מען זיך גאנץ גוט, מען זייט נישט און מען שפּינט נישט, ווי ס'איז שוין מסתמא אייער גנעדיקייט באַקאַנט; דאָ פליען די געבראָטענע טייבעלעך גלייך אין מויל אריין, בייעריש ביר און זיסער בראָנפן פליסן דאָ אין שטראָמען גאנצע טייכן, — מיט איין וואָרט — דאָ איז זייער א ווױלע סטאנציע — איך פאַר-זיכער אייער גנעדיקייט!

מיר קאַוואַלערן האָבן טאקע געוואַרט אויף אייך, מיין הער, מחמת פריער זענען מיר נישט געווען אין פולן קאָמ-פּלעט. וואָרום די זאך איז אזוי: מיר זענען עפּעס גרעסערס, ווי מיר גיבן זיך אָן: מיר זענען די אלטע צוועלף-קעפּיקע מחנה פון דער פּאָעזיע, וועלכע מאַרשירט דורך אלע דורות און צייטן. צוועלף אין צאָל זענען מיר געווען, בעת מיר האָבן אויבן, אויף דעם באַוואָלקנטן באַרג-שפּיץ פונם אָלימפּ רעגירט איבער דער וועלט, און צוועלף, בעת מיר האָבן אלס

פייגל געוואוינט אין דער גרינער קרוין פון איגדראסיל *), וואו די פּאָעזיע האָט מארשירט — דאָרט זענען מיר אויך נאָכגעגאנגען. צי זענען מיר דען נישט געזעסן צוועלף אין צאָל ארום דעם קעניג ארטורס קיילעכדיקן טיש, און האָבן דען נישט צוועלף פּאלאדינען **) באגלייט קארל דעם גרויסנס ארמיי? איינער פון אונז איז אמאָל געווען טאָר, א צווייטער יופּיטער. דאָס קאָן מען נאָך היינט אויך דערקענען אָן אונז: מען קאָן נאָך עד היום באנעמען דעם גלאנץ פון געטלעכקייט אונטער די שמאטעס, און די לייבן-גריווע אונטער דער אייזן-פעל. די צייט איז זיך אומברחמנותדיק באגאנגען מיט אונז, אָבער דאָרט וואו מיר זענען פאראן, ווערט די קוזניע פארוואנדלט אין אן אָלימפּ און דער קאוואלערן-פליגל אין א וואַלהאַל ***).

אָבער, אייער גנעדיקייט, מיר זענען דאָ פּאָרט נישט געווען אין פולן קאָמפּלעט. ס'איז דאָך אלעמען באקאנט, אז אין דער צוועלף-קעפּיקער מחנה פון דער פּאָעזיע מוז זיך תמיד געפינען א לאָקע ****) א פּראָמעטעאוש *****), און טאקע ער האָט אונז געפעלט. איצט איז ער געקומען!

אייער גנעדיקייט, איך באגריס אייך מיט א הארציקן ברוך-הבא!

— אָווא, אָווא!... זאָגט דער שר פון רשעות א שפּאס, סארע שיינע ריידעלעך דאָס זענען. און דאָ האָב איך נישט קיין צייט צו ענטפערן! עסקים גוטע ברידערלעך, עסקים. כ'מוז תיכף אוועק אהינצו, אנישט וואָלט איך אייך זייער גערן,

*) איגדראסיל איז לויט דער סקאנדינאווישער מיטאָלאָגיע דער בוים וואָס זיינע צווייגן צעשפּרייטן זיך איבער דער גאנצער וועלט און אונטער וועלכן די געטער האלטן אָפּ יעדן טאָג זייער סנהדרין.

**) טאָר — לויט דער סקאנדינאווישער מיטאָלאָגיע דער גאָט פונם דונער

***) וואלהאַל — סקאנדינאווישע מיטאָלאָגיע. די ווי גינגאָלד שטראלנדיקע האלע אין געטלעכן הויף אָסגאָרד.

****) לאָקע — אין דער סקאנדינאווישער מיטאָלאָגיע, דער גאָט פון רשעות־

*****) פּראָמעטעאוש — גריכישע מיטאָלאָגיע. ער האָט פאר די מענטשנס־טעגן צוגעגנבעט דאָס פייער ביי די געטער.

מ. פּ.

א טובה געטון מיט וואָסער ראָל איר וואָלט נאָר געוואָלט. א יישר-כּוח אייך פארן היינטיקן אָוונט, איר אַלטע פלאפלער! נישקשה, מיר וועלן זיך נאָך וועו ס׳איז זען!

די קאוואלערן פרעגן אים דאן, וואוהין ער איילט זיך דאָס אזוי, און ער ענטפערט זיי, אז די איידעלע פרוי מאיאָרין, די הערשערין איבער עקעבי,ווארט אויף אים, כדי צו באנייען איר קאָנטראקט מיט אים. די קאוואלערן ווערן שטארק פארחידושט, וואָרום מען דארף וויסן, אז די מאיאָרין איז א שטרענגע און טיכטיקע באלעבאָסטע. זי איז שטארק ווי א מאנסביל, זי הייבט-אויף א קערן תבואָה אויף אירע ברייטע פלייצעס. זי פירט א וואָגן מיט רוי-אייזן איבער דעם וויי טן מהלך פון די גרובנס אין בערגסלאגען ביז קיין עקעבי. זי שלאָפט אונטערוועגס ווי א פורמאן, — אויף דער פאָדלאָגע פון א שפייכלער, מיטן קאָפּ אָנגעשפּארט אויף א זאק. ווינטערצייט קאָן זי איינע אליין אָפּהיטן א קופּע האָלץ-קוילן *) אין מיטן וואלד, און זומערצייט זיך שלעפּן מיט א טראטווע אויף דער לעיווען צום פאָרט-צו. זי איז א באפעלערישע פרוי. זי שילט ווי א גאסן-יונג, אָבער זי פירט אויך די ממשלה איבער אירע זיבן הוטעס ווי א מלך, און גיט השגחה אויף אירע שכנימס גיטער אויך. זי רעגירט איבער איר אייגענעם דאָרף און אויך איבער די שכנותדיקע דערפער, — בכלל זי איז, קאָן מען זאָגן, די אליינהערשערין איבער דער גאנצער שיינער פּראָווינץ ווערמלאנד, אָבער פאר די היימלאָזע קאוואלערן איז זי תמיד געווען ווי א מאמע, און דעריבער האָבן זיי זיך געמאכט נישט הערנדיק, בשעת ס׳איז צו זיי דערגאנגען די נות, אז זי שטייט אין פארבינדונג מיטן טייוול.

פרעגן זיי אים איצט, וואָסער קאָנטראקט האָט זי דאָס מיט אים געשלאָסן?

---

*) אין צפון=שוועדן, אין די געגנטן פון די גרויסע וועלדער ציט ד׳ באפעלקערונג איר הויפּט=חיונה פון איבערברעגען האָלץ אויף קוילן.

נ. פ.

און ער, דער שווארצער פארשוין, ענטפערט זיי גאנץ אויפריכטיק, אז דאָס האָט ער געשענקט דער מאיאָרין די זיבן הוטעס, אָבער בתנאי, דאָס זי וועט אים יעדעס יאָר צושיקן א נשמה.

אָ, סארא שרעק ס׳פרעסט צונויף די הערצער ביי די קאוואַלערן!

זיי האָבן עס נאָך אַ פריער געוואוסט, נאָר זיי האָבן עס ביז איצט נישט געקאָנט משיג זיין.

אין עקעבי שטארבט יעדעס יאָר א מענטש, ס׳שטארבט איינער פון די געסט פונם קאוואלערן-פליגל, ס׳שטארבט אוועק איינער פון די פריילעכע, פון די זאָרגלאָזע, פון די אייביקע יונגעלייט. מילא, פארפאלן! קאוואלערן טאָרן נישט אַלט ווערן. אויב זייער ציטערדיקע האנט איז נישט מער בכוח אויפצוהייבן דעם כוס, אויב זייער האלב-פארלאָשענער בליק קאָן נישט אונטערשיידן א קערטל, טאָ צו וואָס טויג זיי שוין דאָס לעבן און וואָסער נוצן קאָן שוין דאָס לעבן, משטיינסגעזאָגט, האָבן פון זיי? שמעטערלינגען דארפן האָבן שכל צו שטארבן, בעת די זומער-זון שיינט נאָך.

אָבער איצט... יאָ, ערשט איצט פארשטייען זיי דעם ריכטיקן פירוש דערפון!

ווי איז צו דער דאָזיקער שרעקלעכער פרוי! דערפאר, הייסט עס, האָט זי זיי געגעבן גוט צו עסן און זיי מכבד געווען מיט איר בייעריש ביר און איר זיסן בראָנפן, — אלץ צוליב דעם, כדי זיי זאָלן קאָנען גלייך פון די באל-זאלן און קאָרטן-טישן פון עקעבי ארייַנפאלן צום שר פון גהינום... איינער דורכן יאָר... צו איינעם פאר יעדן פארשוואונדענעם יאָר!...

ווי צו דער דאָזיקער פרוי! ווי צו דער דאָזיקער מכשפה! שטארקע, הערלעכע מאנסלייט פלעגן קומען קיין עקעבי! זיי פלעגן קומען דאָרט אהין, כדי אומצוקומען. די דאָזיקע פרוי טרייבט זיי דאָס צום טויט. שוואָם איז דאָ געוואָרן פון זייערע מוחות, אש פון זייערע לונגען. און אין חושכדיקייט איז געווען פארזונקען זייער גייסט, בשעת זיי זענען שוין

אנידערגעפאלן אויפן גסיסה־בעט און זענען געווען גרייט צו דער ווייטער רייזע, אָבער אָן שום האָפנונג, אָן טרייסט, אָן נשמה! ווי צו דער דאָזיקער פרוי! אזוי זענען געשטאָרבן די, וועלכע זענען געווען פיל בעסער פאר זיי, און אזוי וועלן אויך זיי שטארבן, אַלע ווי איינער! — — —

די קאוואלערן זענען אָבער לאַנג נישט געשטאַנען אזוי פארשטיינערט פון אימה.

— דו, שר פון גהינום! שרייען זיי, מיט דער דאָזיקער מכשפה וועסטו שוין נישט מער שליסן קיין קאָנטראקטן, גע־שריבענע מיט בלוט, זי וועט שוין איצט איינעמען א מיתה־משונה!

קאפיטאן קרישאן בערג, דער בעל־כוח, האָט זיך ארויפ־געלייגט אויפן אקסל דעם שווערסטן האמער פון דער קוזניע, ער וועט אים ביז צום הענטל פאררוקן אין דער הינטישער מכשפה׳ס קאָפּ. אָהאָ, זי וועט שוין נישט מער מקריב זיין קיין נשמות!

— און דו אליין, דו באהאָרנטער, מיר וועלן דיך אוועק־לייגן דאָ אויף דער קאָוואדלע און אראָפּלאָזן אויף דיר דעם פאל־האמער, און מיר וועלן דיך צוהאלטן מיט צוואנגען בשעת דער האמער וועט דיך אביסל אויסקלאפּן. יאָ, דו מנוול, מיר וועלן דיר שוין איינמאָל באצאָלן דעם געהעריקן שכר פאר דיין יאגד אויף די נשמות פון קאוואלערן!

דער שווארצער הער איז א נידערטרעכטיקער פחדן, דאָס ווייסט יעדער פון קדמונים. און די רייד וועגן דעם פאל־האמער געפעלן אים נישט. ער רופט צוריק דעם קאפיטאַן בערג און הייבט־אָן אונטערהאנדלען מיט די קאָוואַלערן.

— נעמט, קאוואלערן, דאָס יאָר צו די זיבן הוטעס, נעמט איר אליין זיי צו, און גיט מיר די מאיאָרין!

— וואָס מיינסטו, מיר זענען אזעלכע געמיינע ברואים ווי זי? בייזערט זיך דער פאטראָן יוליוס מהיכא תיתו—עקעבי און אלע איבריקע הוטעס ווילן מיר האָבן, פארוואָס דען נישט, אָבער וועגן דער מאיאָרין וועסטו שוין אליין דאגה׳ן.

— וואָס זאָגט יעסטא דערצו, וואָס זאָגט יעסטא? פרעגט דער מילדער לעיווענבאָרג. יעסטא בערלינג מוז דאָ זאָגן זיין וואָגיק וואָרט! מיר מוזן אויסהערן זיין מיינונג, ווען ס׳האנדלט זיך וועגן אזא וויכטיקן באשלוס!

— דאָס איז דאָך א ריינע משוגעת! זאָגט יעסטא בער־לינג. קאוואלערן, לאָזט אייך נישט גענארן פון אים! וואָס זענען מיר דען לגבי דער מאיאָרין? מיט אונזערע נשמות מעג עס מיינערטוועגן, גיין ווי ס׳וויל, אָבער מיט אונזער אייגענעם ווילן וועלן מיר נישט ווערן קיין אומדאנקבארע מנוולים און מיר וועלן נישט האנדלען קעגן איר ווי רוצחים און בוגדים. צו לאנג האָב איך שוין געגעסן פון דער מא־יאָרינס ברויט, אז כ׳זאָל זי קאָנען פארראטן!

— נו, דו יעסטא, דו קאָנסט דיר גיין אין גהינום ארייך, אויב דו האָסט גרויס חשק דערצו! מיר ווילן ליבערשט אליין רעגירן איבער עקעבי.

— אָבער וואָסער ווילדקייט איז עס אויף אייך היינט? רופט יעסטא אויס צאָרניק. איר האָט שוין, זע איך, פארשכורט אייער לעצט ביסל שכל! צי גלייבט איר ווירקלעך, אז דאָס אלץ וואָס ער האָט דאָ אָנגעפלוידערט, איז אמת? צי גלייבט איר טאקע, אז ער איז דער אמת׳ער מקטרג? זעט איר דען נישט, אז דאָס איז א געמיינער ליגן?

— נו, נו, נו, זאָגט דער שווארצער הער, אָנוויינזנדיק אויף יעסטאן, ער באמערקט אליין נישט, אז ר׳איז שוין באלד א פארטיקער, איבערגעגעבן צו ווערן אין מיין רשות. און דאָך איז ער שוין זיבן יאָר צייט אין עקעבי——— ער באמערקט נאָרנישט, ווי וויט ר׳איז שוין פארקראָכן———

— שווייג, דו ליגנער! איך אליין האָב דאָך דיר צוגע־האָלפן ארייבקריכן דאָרט אין אויוון!

— טאָ, איז וואָס? ס׳וואָלט געפאסט, אז ס׳איז עפעס א גרויסע נפקא־מינה... אדער א שטייגער ווי איך וואָלט נישט געווען פונקט אזא גוטער טייוול, ווי עמיץ אנדערש! יאָ, יאָ יעסטא בערלינג, דו ביזט שוין, זע איך, ווייט פארקראָכן.

נישקשה דו ביזט שוין געוואָרן א לייט אונטער דער מאיאָרינס באהאנדלונג !...

— וואָס רעדסטו פאר שטותים? זי האָט מיך דאָך גע-ראטעוועט, זאָגט יעסטא. וואָס וואָלט דען פון מיר געוואָרן, ווען נישט זי?

— נו, נו, נו... ענטפערט דער שווארצער, פונקט ווי זי וואָלט נישט געהאט עפּעס א באהאלטענע כּוונה דערמיט וואָס זי האלט דיך דאָ אין עקעבי! דו קאָנסט אריינבארן א סך פארשוינען אין שטייג, דו האָסט גרויסע פעאיקייטן דערצו. איינ-מאָל האָסטו דאָך שוין געפּרווט אנטלויפן פון איר. האָסט איר געלאָזט דיר געבן א קליינע נחלה, און דו ביזט געוואָרן אן ערד-ארבעטער, האָסט געוואָלט עסן דיין אייגן שטיקל ברויט. יעדן טאָג איז זי אָבער פארבייגעגאנגען נעבן דיין נחלה, און תמיד באגלייט פון שיינע מיידלעך. איינמאָל האָט זי מיטגע-נומען די פריילין מאריאנע סינקלער,—דאן האָסטו אוועקגע-וואָרפן דעם רידל און דעם פארטוך; יאָ, יעסטא בערלינג, ביסט ווידער געוואָרן א קאוואלער.

— דער וועג האָט דאָך דאָרט פארבייגעפירט, דו נארישע בהמה! זאָגט יעסטא.

— נו, יאָ, דער וועג האָט דאָרט פארבייגעפירט... אמת! דערנאָך ביזטו אָנגעקומען קיין באָרג, אלס לערער פונם יונגן גראף הענריק דאָנאָ, און ס'האָט שוין געהאלטן דערביי, אז דו זאָלסט ווערן דער איידעם פון דער גרעפין מערטא דאָנא. ווער איז אָבער שולדיק אין דעם, וואָס די יונגע גרעפין עבבא דאָנא האָט זיך דערוואוסט, אז דו ביזסט א דעגראדיר-טער גלח? און צוליב דעם האָט זי דאָך מיט דיר איבערגע-ריסן. דאָס האָט דיר די מאיאָרין א טובה געטון, יעסטא! זי האָט דיך געוואָלט צוריק אריינגעמען אין דעם עקעביער קאוואַ-לערן פליגל.

— א וואזשנע מעשה! זאָגט יעסטא מיט חוזק. עבבא דאָנא איז דאָך קורץ דערנאָך געשטאָרבן, אזוי אז איך וואָלט

* סיי ווי נישט געהאט

דערהערנדיק די דאָזיקע רייד, איז דער שוואַרצער הער צוגעגאַנגען נאָענט צו יעסטאַן און אים אַריינגעצישעט גלייך אין פּנים.

— געשטאָרבן זאָגסטו! יאָ, געוויס איז זי געשטאָרבן אָבער זי האָט זיך ס'לעבן גענומען צוליב דיר, נאָר צוליב דיר!... דאָס האָבן זיי דיר פריער נישט געוואָלט זאָגן.

— נישקשה, דו ביזסט, זע איך, נישט קיין שלעכטער טייוול! זאָגט יעסטאַ.

— דאָס איז געווען דער מאיאָרינס שטיקל אַרבעט, — די הערסט, וואָס איך זאָג דיר? זי האָט דורכאויס געוואָלט דיך צוריק אַריינקריגן און קאַוואַלערן-פליגל.

יעסטאַ האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

— דו ביזט, אָסור, נישט קיין שלעכטער טייוול, רופט ער אויס ווילד, הער, דו שוואַרצער פּאַרשוין, אפשר וועלן גאָר מיר שליסן דעם קאָנטראַקט מיט דיר?... דו, אַז דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו שוין זיכער עס קאָנען באַזאָרגן, אַז די זיבן הוטעס זאָלן אַריינפאַלן צו אונז!

— אַ וואוילע זאַך, כ'לעבן, וואָס דו שטעלסט זיך שוין נישט אַקעגן דיין אייגן גליק! ענטפערט דער בייזוויליקער שוואַרצער מנוול.

איצט האָבן די קאַוואַלערן לייכטער אָפּגעאָטעמט. אָן יעסטאַן האָבן זיי קיין שום זאַך נישט געקאָנט אונטערנעמען און טאָמער וואָלט ער נישט מסכים געווען צום דאָזיקן עסק, וואָלט עס זיכער נישט צושטאַנד געקומען, הגם פאַר אָרימע קאַוואַלערן איז דאָך עפּעס נישט קיין קלייניקייט צו באַקומען אין זייער רשות זיבן הוטעס.

— איך מוז דיר אָבער אויפמערקזאַם מאַכן, זאָגט יעסטאַ, אַז מיר נעמען איבער די זיבן הוטעס, בלויז כדי צו ראַטעווען אונזערע נשמות, אָבער נישט כדי צו ווערן רייכע הוטע-אייגנטימער, וועלכע ציילן נאָר גאָלד און וועגן-אָפּ אייזן. נישט קיין פאַרטרוקנטע בוך-קוועטשערס, נישט קיין פאַרקויפטע

געלט זעק וועט פון אונז ווערן, נאָר מיר ווילן זיין און ווילן תמיד און אומעטום פאַרבלייבן קאַוואַלערן!

— הוילע חכמה הער איך דא! מורמלט דער שווארצער הער.

בכן, רעדט יעסטא ווייטער, אויב דו ווילסט אונז געבן די זיבן הוטעס אויף א יאָר צייט, ווען מיר זיי נעמען, נאָר געדענק, אז אויב מיר וועלן במשך פון דער צייט טון עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט קאַוואַלערן־מעסיק, אויב מיר וועלן טון עפּעס א קלוגע און נוצלעכע ארבעט, אָדער מיר וועלן זיך אויפפירן ווי פּחדנים, דאן וועסטו אונז צום סוף יאָר מעגן צונעמען אַלע צוועלף מיט אמאָל, און די הוטעס וועסטו קאָנען אָפּגעבן וועמען דו וועסט וועלן.

דער מקטרג רייבט זיך אוש די הענט פון נחת.

— אויב אָבער מיר וועלן זיך כסדר אויפפירן ווי אמתע קאַוואַלערן, איז יעסטא מוסיף, וועסטו שוין קיינמאָל מער נישט מאָרן מאכן קיין קאָנטראקט וועגן עקעבי, און דאָס יאָר וועסטו נישט באַקומען קיין שום שכר, נישט פון אונז, און נישט פון דער מאַיאָרין.

— דאָס, זעסטו, איז שוין א צו הארבער תנאי, זאָגט דער מקטרג. אַך, ליבער יעסטא, אפשר וואָלט איך פאָרט געקאָנט באַקומען לפּחות איין שטיקל נשמהלע... לאָז זיין אפילו, אקליין, נעבעכדיק נשמהלע? לכל הפּחות וואָלט איך נאָך אַלץ געמעגט באַקומען דער מאַיאָרינס נשמה! וואָס איז דיר עפּעס אַזא שאָד די מאַיאָרין?

— איך פיר נישט קיין האַנדל מיט אַזאַ מין סחורה דו הערסט...? טוט יעסטא א געשריי. נאָר אויב דו ווילסט דווקא האָבן עמיצן, קאָנסטו דיר נעמען דעם אלטן פּריץ סינטראַם פונעם גוט פאָרס; ער, זעסטו, איז שוין אינגאנצן פארטיק צו דער נסיעה אויף יענער וועלט... דערפאַר בין איך דיר ערב!...

— נו, נו, נו... ס'לאָזט זיך ריידן, זאָגט דער שווארצער הער, און טוט דערביי אפילו נישט קיין פּינטל מיט אן אויג.

אַלע קאַוואַלערן — אָדער סינטראַם!... זיי קאָנען זיך, כ'לעבן, גאַנץ גוט פאַרגלייכן... נישקשה, ס'וועט שוין איינמאָל זיין אַ גוט יאָר!...

מען שרייבט אָן אַ קאָנטראַקט מיטן בלוט פון'ע סטאַ בערלינגס קליינעם פינגער, אויף אַ שוואַרץ פּאַפּיר, וואָס דער מקטרג האָט געהאַט מיט זיך, און מען שרייבט עס אונטער מיט זיין געגוזענער פעדער.

אָבער נאָכדעם ווי דאָס דאָזיקע שטיקל אַרבעט איז שוין אָפּגעטון, פרייען זיך דערמיט די קאַוואַלערן. איצטער וועלן דאָך אַלע גוטע זאַכן פון דער וועלט אין משך פון אַ גאַנץ יאָר געהערן צו זיי, און דערנאָך... דערנאָך וועט מען זיך שוין ווי ס'נישט איז אַן עצה געבן.

זיי רוקן־אָפּ די שטולן, נעמען זיך אָן אין אַ ראָד אַרום דעם קעסל מיט ברען־קאָניאַק, וואָס שטייט אין מיט פון דער שוואַרצער ליימענער פּאָדלאָגע, און לאָזן זיך אַוועק אין אַ ווילדן קאַראַהאָד. אין מיטן רינג טאַנצט דער מקטרג און מאַכט ווילדע העויות, און צום סוף טוט ער זיך אין זיין גאַנצער לענג אַ צי־אויס אויף דר'ערד נעבן קעסל און בייגט אים איין און טרינקט דעם הייסן קאָניאַק.

צוזעענדיק דאָס, וואַרפט זיך בערענקרייץ אויך אַנידער נעבן אים און דאָסגלייכן יעסטאַ בערלינג, און נאָך זיי לייגן זיך אַנידער אַלע איבריקע קאַוואַלערן אין אַ ראָד אַרום קעסל, וועלכן מען בייגט איבער פון מויל צו מויל. צום סוף פאַלט דער קעסל אום פון אַ שטויס, און דער הייסער, קלעביקער געטראַנק שווענקט די ליגנדיקע.

ווען זיי שטעלן זיך ווידער אויף אויף די פיס, זידלענדיק און שילטנדיק מיט ווייסטע קללות, איז שוין דער מקטרג נישטאָ, — פאַרשוואונדן — אָבער זיינע גאָלדענע הבטחות שוועבן ווי שטראַלנדיקע קרוינען איבער די קעפּ פון די קאַוואַלערן.

.5

# די ווייַנאַכט-סעודה.

דעם ערשטן טאָג פון ווייַנאַכטן מאַכט די מאַיאָרין זאַמצעליוס אַ גרויסן פּאַראַדנעם מיטאָג אין איר עקעבייער פּאַלאַץ.

זי זיצט דאָן, אַלס באַלעבאָסטע, ביי אַ טיש געדעקט פאַר פופציק פּערזאָן. זי זיצט אין פּראַכט און גלאַנץ; נישט אין קורצן שאָף-פעלצל, נישט אין קלייד מיט קאָלירטע פּאַסן פון היימיש געוועבטן וואָל-שטאָף, און נישט מיט דער ליי-מענער ליולקע. דאָס זיידענע קלייד רוישט איצט בשעת זי באַוועגט זיך, דאָס גאָלדענע צירונג וועגט אַראָפּ אירע נאַקעטע אָרעמס, גרויסע פּערל באַדעקן איר ווייסן האַלדז.

אָבער וואו זענען עס איצטער די הערן קאַוואַלערן, וואו זענען עס די, וועלכע האָבן פונם בלאַנקנדיקן קופּערנעם קעסל, אויף דער שוואַרצער פּאָדלאָגע פון דער קוזניע גע-טרונקען לחיים פאַר די נייע באַלעבאַטים פון עקעבי? וואו זענען עס איצטער אַהינגעקומען די פּאַרשייטע, וועלכע האָבן מיט זייער ווילדער, שיכּורער חצות-שמחה געוואַגט צו שטערן דעם פרידן פון דער הייליקער וויגיליע-נאַכט?

די קאַוואַלערן זיצן ביי אַ באַזונדער טישל אין ווינקל ביים אויוון. היינט איז נישטאָ פאַר זיי קיין אָרט ביים גרויסן פּאַראַדנעם טיש. צו זיי דאָרט אַהין קומט דאָס עסן שפּעט,

דער ווײַן זײַער שפּאָרזאַם. די שײנע פרויען שיקן נישט דאָרט אהין זײערע בליקן, און קײנער הערט זיך נישט צו צו יעסטאַס שפּאַסן.

אָבער די קאַוואַלערן זענען הײַנט ענלעך צו געצאַמטע זשרעבאַקעס, צו זאַטע רויב-חיות. בלויז אײן שעה שלאָף האָבן זײ די נאַכט געהאַט. דערנאָך זענען זײ געפאָרן צו דער פרימאָרגן-מעסע אין דער קירך. אופן וועג האָבן זײ זיך צוגעלײכט מיט שטורקאַצן און מיט די שטערן פון הימל.

בשעת די דאָזיקע ווילדע פאַרשוינען האָבן דערזען די ווײַנאַכט-ליכט און דערהערט די ווײַנאַכטישע קאַפּיטלעך תהלים, האָבן זײערע פּנימער אויפגעשײַנט ווי בײַ קלײנע קינדער. זײ האָבן פאַרגעסן אָן דער וויגיליע-נאַכט, וואָס זײ האָבן פאַרבראַכט אין דער קוזניע, ווי מען פאַרגעסט אַ בײזן חלום.

חשוב און מעכטיק איז די מאַיאָרין פון עקעבי; ווער וועט עס וואַגן אויפצוהײבן אַ האַנט קעגן איר און זי שלאָגן? און ווער וועט עפענען זײַן מויל, כדי עדות צו זאָגן קעגן איר? די אָרימע קאַוואַלערן געוויס נישט. זײ, וועלכע האָבן שוין אַזוי פיל יאָרן געגעסן איר ברויט און געשלאָפן אונטער איר דאַך — זײ וועלן דאָך געוויס נישט וואַגן עס צו טון. זי זעצט זײ וואו ס׳געפעלט איר, ווען זי וויל קאָן זי פאַר-מאַכן איר טיר פאַר זײ, און זײ קאָנען צומאָל נישט אַנטלויפן פון איר מאַכט איבער זײ. גאָט דער לעבעדיקער מעג זיך טאַקע מרחם זײַן איבער זײ. וואָרום מחוץ פון עקעבי קאָנען זײ זיך קײן עצה נישט געבן אין לעבן.

בײַם גרויסן טיש איז מען זיך משמח; דאָרט שטראַלן מאַריאַננעס סינקלערס שײנע אויגן, דאָרט קלינגט דאָס שטילע זילבערנע געלעכטער פון דער פרײלעכער גרעפין דאָנאַ.

אָבער בײַ די קאַוואַלערן איז איצט זײער אומעטיק. וואָלט עס דען נישט מער יושרדיק געווען, אַז זײ, וועמען ס׳איז שוין סײ ווי באַשערט אַרײַנצופאַלן אין גיהנום—און אַלץ צוליב דער מאַיאָרינס טובה וועגן,— אַז זײ זאָלן אויך מעגן זיצן בײַם זעלבן טיש. וואָס איז אירע איבעריקע געסט? וואָס איז

דאָס עפּעס פאר א נידערטרעכטיקער אויפטו מיט דעם דאָזיקן באזונדערן טישל, דאָרט אין סאמע ווינקל ביים אויוון!? עס וואָלט געפּאסט, אז די קאוואלערן זענען נישט ווערט צו זיצן ביי איין טיש מיט פיינערע לייט!---

די מאיארין איז ביי זיך גדלותדיק דערמיט, וואָס זי זיצט צווישן דעם גראף פון באָרג און דעם אלטן חשובן פּראָבאָשטש, פון ברובי. די קאוואלערן לאָזן אראָפּ די קעפּ ווי פארשטויסענע קינדער, און בשעת-מעשה וואכן-אויף אין זייערע מוחות די געדאנקען פון ביינאכט.

צום טישל וואָס ביים אויוון-ווינקל קומען-צו די לוס-טיקע וויצן גלייך ווי נישט דרייסטע געסט. דאָרט מארשירט אריין אין די מוחות דער כּעס פון דער פּאָריקער נאכט און אויך די גאָלדענע הבטחות פון ביינאכט. דער פּאטראָן יוליוס כּרובּירט אפילו זיך וויצלען און איינרעדן דעם שטארקן קא-פּיטאן קרישאן בערג, אז פון די געבראָטענע קוראָפּאטוועס, וועלכע מען טיילט איצט ארום אין זאל, וועט נישט קלעקן אפילו פאר אלע געסט וואָס ביים גרויסן טיש. אָבער פאר זיי איז דאָס, נאטירלעך, גאָר א קנאפּע טרייסט.

— ס׳קאָן בשום אופן נישט קלעקן, זאָגט דער פּאטראָן יוליוס, איך ווייס וויפל זיי האָבן געקויפט. אָבער נישקשה, קאפּיטאן קרישאן, זיי וועלן זיך שוין ווי ס׳איז אן עצה געבן, פאר אונזערטוועגן, דאָ ביים קליינעם טישל, האָבן זיי אָנגע-בראָטן קראָען.

די ליפּן פונם פּולקאָווניק בערענקרייץ פארציען זיך בלויז צו א מאטן שמייכל אונטער די גרויסע וואָנסעס; דאקע-גען יעסטא בע־לינג זעט אויס דעם גאנצן טאָג גלייך ווי ער וואָלט אין זינען געהאט צו דערהרגענען א מענטשן.

— קאָנען דען נישט די קאוואלערן אויסקומען מיט וואָסער מאכל ס׳זאָל נישט זיין? פרעגט ער.

לסוף ווערט אָבער אויך צו זייער קליינעם טישל צוגע-טראָגן א פולער פולמעסיק מיט געשמאקע געבראָטענע קוראָ-פּאטוועס.

אָבער קאפיטאן קרישאן איז שוין גוט בייז. האָט ער דען נישט די שנאה פון זיין גאנצן לעבן געווידמעט די קראָען, — די דאָזיקע מגוולדיקע קראקענדיקע פלי-באשעפעני-שן, די דאָזיקע עקלהאפטיקע שווארצע גנבים?

ער האָט זיי אזוי פארביטערט געהאסט, אז בשעת זיי האָבן הארבסט-צייט געפרעסן די תבואה-קערנדלעך אויף די פעלדער, פלעגט ער זיך אָנטון אין א לאנג פרויען-קלייד מיט א שלימפער און א שטערנטיכל אויפן קאָפּ, און זיך געמאכט פאר א סטראשידלע, צו אלעמענס געלעכטער, אבי נאָר קאָנען צוקומען צו זיי אויף א מהלך פון א שאס. אין פרילינג-צייט האָט ער זיי אויפגעזוכט, בשעת זיי האָבן געפראוועט זייערע חתונה-שמחות אויף די פעלדער און זיי דאָרט מאסנוויז גע-ממיתט. ער האָט זומער-צייט אויפגעזוכט זייערע נעסטן און ארויסגעוואָרפן די פישצענדיקע, אומבאפעדערטע יונגע קראָע-לעך, אָדער צעקוועטשט די האלב-אויסגעזעסענע אייער.

און איצט טוט ער צו זיך א שלעפּ דעם פולמעסיק מיט די קוראָפּאטוועס.

— צי מיינסטו, אז איך דערקען זיי נישט? שרייט ער צום באדינער, צי מיינסטו, אז איך דארף זיי דווקא הערן קראקן, כדי כ'זאָל זיי דערקענען? טפוי, צום טייוול, א חוצפּה דאָס איז, מכבד צו זיין דעם קאָפּיטאן קרישאן בערג מיט קראָען, טפו, צום טייוול!

און ער נעמט די קוראָפּאטוועס און איינס ביי איינס שליידערט ער זיי צו דער וואנט.

— טפוי צום טייוועל, שרייט ער דערביי אזוי ווילד, אז דער זאל ציטערט, מכבד צו זיין קרישאן בערגן מיט קראָען! טפוי, צום טייוול!

און אויפן זעלבן אופן ווי ער פלעגט די הילפלאָזע קליינע קראָעלעך שליידערן צו די פעלזן, לאָזט ער איצט אויך איין קוראָפּאטווע נאָך דער צווייטער פליען צו דער וואנט.

זוזע און פעטס שפּריצט ארום אים, די צעשמעטערטע

פייגל־גופים שלאָגן זיך אָפּ פון דער וואנט און פאלן אויף דער פּראָטירטער פּאָדלאָגע.

די תּושבים פונם קאוואלערן־פליגל האָבן גרויס נחת פון זיין אויפטו.

אין דער רגע רייסט זיך אדורך די בייזע שטים פון דער מאיאָרין צו די אויערן פון די קאוואלערן.

— טרייבט אים ארויס! רופט זי אויס צו די באדינער.

זיי וואגן אָבער נישט צו דערנענטערן זיך צו אים. ער איז דאָך עפּעס קאפּיטאן קרישאן בערג, דער באוואוסטער בעל־כּוח!

— טרייבט אים ארויס! חזרט זי איבער איר באפעל.

דער קאפּיטאן דערהערט דעם רוף. גרויזאם איז זיין כּעס, בשעת ער ווענדעט זיך איצט צו דער מאיאָרין ווי א בער וואָס ווענדעט זיך אום פון איין געפאלענעם שונא צו א פרישן אָנגרייפער. ער גייט־צו צום גרויסן טיש, וואָס איז געשטעלט אין דער פאָרם פון א פערדישער פּאָדקאָווע. די טריט פונם ריז דונערן שווער אָפּ אָן דער פּאָדלאָגע. ער בלייבט שטיין אקעגנאיבער איר, דער שמאָלער טיש איז בלויז א מחיצה צווישן זיי.

— טרייבט אים ארויס! שרייט די מאיאָרין נאָכאמאָל.

ער איז אָבער ווילד; ס׳יאָגט א שרעק פון זיין געקנייטשטן שטערן, פון זיין געביילטער, גראָבער פויסט; ער איז הויך און שטארק ווי א ריז. די געסט און די באדינער צאפּלען פון אימה און וואגן נישט זיך צורירן צו אים. ווער וואָלט דען בכלל געוואגט אים אָנצורירן, בפרט נאָך איצט בשעת דער כּעס האָט ביי אים אוועקגערויבט דעם שכל?

ער שטייט אקעגנאיבער דער מאיאָרין און דראָט איר מיט דער פויסט.

— איך האָב גענומען די קראָען און זיי א טראסק־געטון צו דער וואנט, צישעט ער, דו וועסט אפשר זאָגן, אז כ׳בין נישט געווען גערעכט, הא?...

— ארויס פון דאנען, קאפּיטאן!

— שווייג דו מנוולדיקע, מכבד צו זיין קרישאן בערגן מיט קראָען! ס׳וואָלט, כ׳לעבן, געווען א יושר אויך דיך מיט דיין טייוולאָנישער, פארשאָלטענער...

— צו אלדי שווארצע רוחות, קרישאן בערג, דו זאָלסט דאָ נישט וואגן צו שילטן! דאָ אין מיין הויז טאָר קיינער חוץ מיר נישט שילטן.

— דו מיינסט אפשר, אז כ׳האָב מורא פאר דיר, דו מכשפה? דו מיינסט, אז כ׳ווייס נישט, ווי אזוי דו האָסט באַקומען דיינע זיבן הוטעס?...

— שווייג, קאפיטאן בערג!

— בשעת אלטרינגער האָט געהאלטן ביים שטארבן, רעדט דער קאפיטאן ווייטער, האָט ער זיי אוועקגעגעבן דיין מאן, דערפאר וואָס דו ביזט געווען זיין געליבטע...

— קאפיטאן קרישאן, דו וועסט שווייגן, צי ניין?

— דערפאר וואָס דו ביזט געווען אזא געטריי ווייב, דו, מארגארעטא זאמצעליוס!... רופט קרישאן בערג אויס שפּאָטיש, און דער מאיאָר האָט די זיבן הוטעס צוגענומען אלס לא-יחרץ-געלט און דיך געלאָזט פארוואלטן מיט זיי, און ער ווידער, האָט זיך די גאנצע צייט געמאכט כלא ידע, יאָ, יאָ, דער טייוול איז געווען דער מאכער פון דעם גאנצן עסק, אָבער איצט, דו מכשפה, איצט וועט שוין קומען א סוף צו דיר!

דערהערנדיק די דאָזיקע רייד, זעצט זיך די מאיאָרין אוועק אויף א שטול. זי איז איצט בלאס, און דאָס גאנצע לייב פיבערט איר. מיט א שוואכן, אויסטערלישן קול, באַשטעטיקט זי זיינע לעצטע ווערטער:

— יאָ, איצט קומט שוין מיין סוף. און דאָס איז דיין שטיקל ארבעט, קרישאן בערג!

ביים דאָזיקן טאָן פון איר קול ווערט קאפיטאן קרישאן פארצאפלט, זיינע געזיכט-שטריכן פארקרימען זיך, און פון שרעק באווייזן זיך אים טרערן אין די אויגן.

— ווי איז מיר, איך בין דאָך שכור! שרייט ער אויס,

איך ווייס נישט וואָס איך רעד... כ'האָב גאָרנישט געזאָגט! א הונט און א שקלאַף, נישט מער ווי א הונט און א שקלאַף בין איך פאַר איר אין משך פון פערציק יאָר צייט געווען! זי איז דאָך די מארגארעטא צעלסינג, ווען איך האָב מיין גאנץ לעבן געדינט! איך רעד נישט קיין שום שלעכטס אויף איר וועל איך דען רעדן עפּעס שלעכטס אויף דער שיינער, איידעלער מארגארעטא צעלסינג? איך בין דער הונט, וואָס איז א שומר ביי איר טיר, דער שקלאַף, וואָס טראָגט אירע משאות, זי מעג מיך קאָפּען, זי מעג מיך שלאָגן! אָבער איר זעט דאָך, אז איך לייד און שווייג! איך האָב זי געליבט אין משך פון פערציק יאָר צייט! ווי וואָלט איך דען איצט געקאָנט רעדן עפּעס שלעכטס אויף איר?

סארא אויסטערליש בילד דאָס איז, צו זען ווי ער ווארפט זיך אויף די קני און בעט אנטשולדיקונג ביי דער מאַיאָרין. היות זי זיצט אויף דער צווייטער זייט טיש, גייט ער אויף זיינע קני ארום טיש, ביז ער קומט-צו צו איר. דאן בוקט ער זיך צו דר'ערד און קושט דעם זוים פון איר קלייד, באנעצנדיק די פּאָדלאָגע מיט זיינע טרערן.

אָבער נישט ווייט פון דער מאיאָרין זיצט א נידריקער, שטארקער מאנסביל. ער האָט צעשויבערטע האָר, שמאָלע, קרומע אויגן אין שטארטשענדיקע קינבאקן. ער איז ענלעך צו א בער, און ר'איז גאָר א קנאפּער דברן. ער האָט ליב צו גיין אין זיינע אייגענע דרכים און לאָזט די וועלט זיך פירן ווי זי וויל. ער איז דאָס דער מאיאָר זאמצעליוס, דער מאיאָרין מארגארעטאָס מאַן.

בשעת ער דערהערט די אָנקלאָגנדיקע רייד פון קאפּיטאן קרישאַן, הייבט ער זיך אויף פון אָרט, און אויך די מאיאָרין הייבט זיך אויף; דאָסגלייכן אלע געסט. די פרויען וויינען אויס מורא פאַר דעם, וואָס וועט איצט געשען, די מאנסלייט שטייען דערשראָקענע און צוטומלטע, און ביי די פיס פון דער מאיאָרין ליגט קאפּיטאן קרישאן, קושנדיק דעם זוים פון איר קלייד, באנעצנדיק די פּאָדלאָגע מיט זיינע טרערן.

דעם מאיאָרס ברייטע, האָריקע דלאָניעס ביילן זיך פּא־מעלעך צענויף, זיינע אָרעמס הייבן זיך אויף. אָבער זיין ווייב איז זיך מקדים און רעדט די ערשטע, און איר קול איז פאַראַן עפּעס אַ טויבער טאָן, נישט ווי תמיד.

— דו האָסט מיך צוגעגנבעט! האָט זי אויסגערופן — דו ביזט נעקומען ווי א גזלן און מיך מיט געוואלט צוגענומען! אין דערהיים האָבן זיי מיך מיט פּעטש און קלעפּ, מיט הונ־גער און הארבע דיבורים געצוואונגען צו ווערן דיין ווייב. איך האָב קעגן דיר געהאנדלט אזוי, ווי דו האָסט עס כשר פאַר־דינט.

דעם מאיאָרס ברייטע פויסט ווערט נאָך שטארקער צו־זויפגעפּרעסט, אָבער די מאיאָרין רוקט זיך אָפּ אפּאָר טריט אויף הינטן און זי רעדט ווייטער:

— א לעבעדיקער פיש ווארפט זיך אונטערן מעסער, און א געצוואונגען ווייב נעמט זיך א געליבטן. צי ווער געדענקסטו מיך איצ־טער שלאָגן דערפאר וואָס איז געשען מיט צוואנציק יאָר צוריק? פאַרוואָס האָסטו דאמאָלס נישט געשלאָגן? געדענקסטו דען נישט, ווי ער האָט גאנצע וואָכן געוואוינט אין עקעבי, און מיר אין זשעי? געדענקסטו נישט, ווי ער האָט אונז גע־האָלפען אין אונזער אָרימקייט? מיר זענען געפאָרן אין זיינע קארעטעס, מיר האָבן געטרונקען פון זיין ווייך. און צי האָבן דען מיר ביידע עפּעס פאַרבאָרגן פון דיר? צי זענען דען נישט זיינע באַדינער געווען אויך דיינע באַדינער? צי האָט דען זיין גאָלד נישט שווער געמאכט דיינע קעשענעס? צי האָסטו דען נישט צוגענומען די זיבן הויטעס, וואָס ער האָט אונז געשאָנ־קען? דעמאָלסט האָסטו געשוויגען און אלצדינג צוגענומען, אָבער דעמאָלסט האָסטו באַדאַרפט שלאָגן, דו מאיאָר בערנע זאמצעליוס, דעמאָלסט האָסטו באַדאַרפט שלאָגן!

דער מאן ווענדעט זיך אָפּ פון איר און קוקט אויף די געסט. ער לייענט פון זייערע פנימער אראָפּ, אז זיי גיבן איר גערעכט, אז אלע האָבן זיי געמיינט, דאָס ער האָט די דאָזיקע גיטער און מתנות גענומען ווי לאַ־יחרץ־געלט.

— איך האָב ביז איצט גאָרנישט געוואוסט פון דעם אלעם, זאָגט ער און טופעט מיטן פוס אין פּאָדלאָגע.

— נו, איז טאקע גוט וואָס דו ווייסט עס שוין איצט, שלאָגט זי אים איבער די רייד מיט א שארף-קלינגענדיקער שטים. יאָ. איך האָב זיך טאקע מצער געווען, וואָס דו קאָנסט נאָך אמאָל שטארבן, נישט דערוויסנדיק זיך דאָס! נו, איז טאקע גוט וואָס דו ווייסט עס שוין איצט, קאָן איך מיר כאָטש אביסל אָפּרעדן פון הארצן! דו ביזט בלויז געווען מיין האר און א רעסטאנטן-שומר! און ווייס-זשע אויך, אז איך האָב אלנ-פאלס געהערט צו דעם, פון וועמען דו האָסט מיך צוגע-גנבעט! זאָלן זיך אלע דאָס דערוויסן, אלע די, וועלכע האָבן מיך סיי ווי בארעדט!

דאָס איז די אלטע ליבע, וואָס יובלט איצט אין איר ברוסט און שטראלט ארויס פון אירע אויגן. זי האָט פאר זיך איר מאן, וועלכער שטייט מיט אן אויפגעהויבענער פויסט. שרעק און פאראכטונג לייענט זי אויף די פופציק פנימער וואָס ארום איר. זי פילט, אז דאָס איז שוין די לעצטע שעה פון איר מאכט, זי וויל זיך אָבער נישט אָפּזאָגן פון דער פרייד, וואָס זי קאָן איצט פריי דערציילן די ליכטיקסטע זכרונות פון איר לעבן.

— ער איז שוין איינמאָל געווען א מאן! אָ, סארא הערלעכער מאן! ווער ביזטו דאָס געווען, וואָס דו האָסט געוואגט אוועק צושטעלן זיך צווישן אונז? איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען צו אים א גלייכן! גליק און עשירות האָט ער מיר גע-שענקט. געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

דאן לאָזט אראָפּ דער מאיאָר זיין אויפגעהויבענע האנט. איצטער ווייסט ער שוין, ווי אזוי ער זאָל זי בא-שטראָפן.

— ארויס, שרייט ער, ארויס פון מיין הויז!

זי רירט זיך אָבער נישט פון אָרט.

די קאוואלערן שטייען מיט בלאסע פנימער און קוקן

זיך אָן קעגענזייטיק מיט שטאַרע טיפע בליקן. איצט האָלט דאָך ביים מקוים ווערן דאָס, וואָס דער שוואַרצער פאַרשוין האָט נעכטן פאָראויסגעזאָגט. איצט האָבן זיי באַשיינפּערלעך געזען די פּאָלגן דערפון, וואָס די מאַיאָרין האָט מיט איר נישט געשלאָסן אויפּסניי דעם קאָנטראַקט. און אויב דאָס איז אמת, איז דאָך געוויס אמת אויך דאָס, אַז זי האָט שוין אין פאַרלויף פון מער ווי צוואַנציק יאָר צייט געשיקט די פריער־דיקע קאַוואַלערן פון עקעבי אין גיהנום אַריין, און אַז זיי זענען שוין אויך באַשטימט געוואָרן צו דער זעלבער נסיעה. אָ, די דאָזיקע פאַרשאָלטענע מכשפה!

— אַרויס פון דאַנען! האָט דער מאַיאָר ווידער גענומען שרייען. גיי בעטלען דיין ברויט אויפן שליאַך! דו וועסט שוין נישט האָבן קיין נחת פון זיין געלט, דו וועסט שוין נישט מער וואוינען אין זיינע הייזער! אָ, איצט האָט שוין די באַ־רימטע מאַיאָרין פון עקעבי איינגענומען אַ וויסטן סוף! גע־דענק, וואָס איך זאָג דיר: אין דעם טאָג וואָס דו שטעלסט אַריין דיין פוס אין מיין הויז, דערהרגע איך דיך ווי אַ הונט!

— ווער, דו וואַגסט עס מיך צו פאַרטרייבן פון מיין היים?

— דו האָסט נישט קיין היים! עקעבי איז מיין!

די מאַיאָרין ווערט ביי זיך קליינמוטיק און געפאַלן. זי רוקט זיך אָפּ ביז צו דער טיר, אָבער ער גייט איר נאָך און בלייבט שטיין נאָענט פון איר.

— דו, וואָס דו ביזט געווען דאָס אומגליק פון מיין לעבן, באַקלאָגט זי זיך, דו וועסט נאָך האָבן מאַכט מיר דאָס צו טון?

— אַרויס, אַרויס! רעוועט ער.

זי שפאַרט זיך אָן אין ביישטידל פון דער טיר, לייגט צונויף די הענט און האַלט זיי פאַרן פּנים. זי טראַכט וועגן איר מוטער און מורמלט צו זיך אַליין:

„הלוואי זאָלסטו פאַרלייקנט ווערן, ווי דו האָסט מיך פאַרלייקנט, הלוואי זאָל דער שליאַך זיין דיין היים, די סטערטע

שטרויִ דיין בעטו!" אָ, דאָס ווערט אלזא מקוים, ס׳ווערט מקוים.

דער אלטער חשובער פראָבאָשטש פון ברובי, און דער ריכטער פון מונקערוד זענען איצט צוגעגאַנגען צום מאיאָר זאַמצעליוס און האָבן זיך באמיט אים צו בארואיקן. זיי האָבן אים געזאָגט, אז ס׳בעסטע וואָלט געווען, ער זאָל שוין איצ־טער צורולאָזן די אלטע געשיכטעס, און לאָזן אלץ ווי פריער, ער זאָל פארגעסן און מוחל זיין.

אָבער ער טרייסלט-אָפּ די מילדע הענד פון זיין אַקסל. ס׳איז סכנות נפשות זיך צו דערנענטערן צו אים, פונקט ווי ס׳איז אָקאָרשט געווען דער פאל מיט קרישאן בערגן.

— פאר מיר איז דאָס נישט קיין אלטע געשיכטע, רופט ער אויס מיט צאָרן. איך האָב ביז היינט גאָרנישט נעוואוסט דערפון. איך האָב פריער נישט געקאָנט זי באשטראָפן!

ביים דאָזיקן וואָרט הייבט די מאיאָרין ווידער אויף דעם קאָפּ און באקומט צוריק איר פריערדיקן מוט.

— אָ, ניין—דו וועסט פריער ווי איך אַרויס פונם דאָ־זיקן הויז! דו מיינסט אפשר, אז צוליב דיר וועל איך אָפּ־טרעטן? און זי גייט אוועק פון דער טיר.

דער מאיאָר ענטפערט גאָרנישט, ער היט אָבער אָפּ יעדע באוועגונג אירע, גרייט א קלאַפּ צו טון, אויב ער קאָן זי נישט פטרן אויף אן אנדער אופן.

— העלפט מיר, איר חשובע הערן, רופט זי אויס, ווענ־דענדיק זיך צו די געסט, העלפט מיר בינדן דעם דאָזיקן משוגענעם מענטשן און אים ארויספירן פון דאנען, ביז וואנען ער וועט צוריק באקומען זיין קלאָרן שכל! געדענקט, ווער ער איז, און ווער איך בין! געדענקט וועגן דעם, איידער איך מוז אָפּטרעטן צוליב אים! איך אליין קירעווע מיט דער גאנצער באלעבאטישקייט פון עקעבי, און ער זיצט א גאנצן טאָג אין דער בערן-הייל און פאשעט זיינע בערן. העלפט מיר, גוטע פריינט און שכנים! אויב איך וועל דאָ מער נישט זיין, וועט דאָ אויסברעכן אן אומגליק, וואָס איז אין לשער. דער פויער האָט פרנסה פון אויסהאַקן מיין וואלד און פון פירן מיין רוי־

אייזן. דער קוילן-ברענער לעבט פון שאפן מיר האָלץ-קוילן, דער טייך-ארבעטער פון פירן מיין טראטווע. איך אליין טייל-אויס די שפע-ברענגנדיקע ארבעט. שמידן, בעל-מלאכות און טשעסטלארעס לעבן פון דעם, וואָס זיי דינען מיר. גלויבט איר דען, אז ער וועט זיין בכּוח נישט צו לאָזן פאלן מיין ווערק? איך זאָג אייך:— טאָמער טרייבט איר מיך אוועק,— דאן פרעלט איר אויף די טירן פאר הונגער-נויט!

ביי די דאָזיקע רייד הייבן זיך ווידער אויף א מאסע הענט, כּדי צו העלפן דער מאיאָרין. די רודף-שלומניקעס נע-מען ווידער אָן דעם מאַיאָר פארן אקסל, מיטן פרווו אים אי-בערצורעדן.

— ניין? ברומט ער, אוועק זאָלט איר גיין פון דאנען ווער וויל דאָס פארטיידיקן די דאָזיקע פרוי? געדענקט, איך וואָרן אייך: אויב זי וועט נישט מיט גוטן ארויסגיין פון דא-נען, דאן וועל איך זי אויפהייבן אויף מיינע הענט און כ׳וועל זי ארויפטראָגן און אריינווארפן צו מיינע בערן!

דערהערנדיק דאָס, לאָזן זיך אראָפ די אויפגעהויבענע הענט.

ג

אין גרעסטער פארצווייפלונג ווענדעט זיך די מאיאָרין צו די קאוואלערן.

— און איר, קאוואלערן, צי וועט איר אויך דערלאָזן, אז איך זאָל ארויסגעטריבן ווערן פון מיין היים? צי האָב איך אייך ווינטער-צייט געלאָזט פרירן אין דרויסן אין שניי, צי האָב איך זיך ווען ס׳איז אָפּגעזאָגט צו געבן אייך בייעריש ביר און זיסן בראָנפן? צי האָב איך אמאָל גענומען פון אייך באצאָלט, אָדער ארבעט דערפאר, וואָס איך האָב אייך געגעבן שפייז און מלבושים? צי האָט איר אייך נישט געשפילט ביי מיינע פיס, זיכערע ווי קינדער ביי דער מאמעס פארטוך? צי האָט זיך דער טאנץ נישט געווירבלט אין מיינע זאלן? איז דען נישט פריילעכקייט און לוסטיקייט געווען אייער טאָג-טעגלעך ברויט? אָ, קאוואלערן, דערלאָזט נישט דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער איז געווען דאָס אומגליק פון מיין לעבן,

דערלאָזט נישט, ער זאָל מיך פאַרטרייבן פון מיין היים — לאָזט מיך נישט ווערן קיין בעטלערין אויפ׳ן שליאַך, אָ, קאַוואַלערן!

ווי נאָר די מאַיאַרין האָט דאָס אויסגערעדט, אַזוי האָט זיך יעסטאַ בערלינג תּיכּף צוגעשאַרט צו אַ שיינער ברונעטין, וועלכע איז פריער געזעסן ביים גרויסן גאַסט־טיש.

— דו, אַננאַ, דו האָסט מיט פינף יאָר צוריק זייער פיל צייט פאַרבראַכט אין באָרגישן הויף, זאָגט ער צו איר, ווייסטו נישט, צי דאָס האָט די מאַיאָרין אויסגעזאָגט פאַר עבּבאַ דאָנאַן, אַז איך בין אַ דעגראַדירטער גלח?

— העלף דער מאַיאָרין, יעסטאַ! איז דאָס איינציקע, וואָס דאָס מיידל ענטפערט אים.

— דו קאָנסט דאָך פאַרשטיין, אַז איך וויל אַ פריער וויסן, צי דאָס האָט זי נישט אַמאָל פון מיר געמאַכט אַ מערדער.

— אוי, יעסטאַ, וואָס איז דאָס פאַר מחשבות? העלף איר, יעסטאַ!

— דו ווילסט מיר נישט ענטפערן, זע איך. אויב אַזוי, האָט סינטראַם געזאָגט אמת!

יעסטאַ גייט צוריק אַוועק צו די קאַוואַלערן. ער רירט נישט מיט אַ פינגער, כּדי צו העלפן דער מאַיאָרין.

אַך, צו וואָס האָט עס די מאַיאָרין געדאַרפט זיי אַוועקזעצן ביי אַ באַזונדער טישל, דאָרט ביים ווינקל, נעבן אויוון! איצט האָבן די מחשבות פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט אויפגעוואַכט אין זייערע מוחות, איצט פלאַמט אין זייערע אויגן אַ כּעס, וואָס איז נישט קלענער ווי דער כּעס פונם מאַיאָר.

זיי שטייען רואיק און אומבאַוועגלעך און ווייזן אַרויס אַ ברוטאַלע קאַלטבלוטיקייט צו אַלע אירע תּחנונים. וואָרום, ווי זאָל דען אַלץ, וואָס זיי זעען דאָ נישט באַשטעטיקן די וויזיעס פון ביינאַכט און נישט פאַרשטיינערן זייערע הערצער?

— מען זעט שוין איצט באַשיינפּערלעך, אַז מען האָט איר נישט באַשטעטיקט אויפסניי דעם קאָנטראַקט, מורמלט איינער פון זיי.

— גיי אין דר'ערד אריין, דו פארשאָלטענע נקבה! שרייט א צווייטער.

— ס'וואָלט בנאמנות געווען א יושר, אז דאָס זאָלן מיר גאָר דיך ארויסיאָגן פון דאנען, דו מכשפה!

— בהמות! שרייט צו זיי דער שוואכער, אלטער פעטער עבערהארד. פארשטייט איר דען נישט, אז דאָס האָט זיך סינ-טראם פארשטעלט פארן טייוול?

— געוויס פארשטייען מיר! ענטפערט דער פאטראָן יוליוס, טאָ איז וואָס? קאָן עס דען נישט אלנפאלס זיין אמת? פירט דען נישט סינטראם אויס די שליחות פונם טייוול? האָבן זיי דען נישט א יד-אחת צווישן זיך?

— נו, טאָ גיי דו, עבערהארד, גיי דו און העלף איר, אויב דו ביזט אזא חכם! מאכן זיי חוזק פון אים. דו גלייבסט דאָך נישט אין גהינום, טאָ גיי דו!

אויך יעסטא בערלינג שטייט רואיק און טוט זיך נישט א ריר פון אָרט.

ניין, פונם דאָזיקן דראָענדיקן, מורמלענדיקן, קעמפערישן קאוואלערן-פליגל וועט די מאיאָרין קיין הילף נישט באקומען.

לסוף ציט זי זיך ווידער צוריק צו דער טיר און הייבט אויף אירע פארבראָכענע הענט צו אירע אויגן.

„הלוואי זאָלסטו פארלייקנט ווערן, ווי איך בין געוואָרן פארלייקנט!" רופט זי אויס אין איר ביטערן צער שטילער-הייט צו זיך אליין. הלוואי זאָל דער שליאך ווערן דיין היים, די סטערטע שטרוי דיין בעט!"

מיט א ציטערדיקער האנט נעמט זי אָן די קליאמקע, אָבער די אנדערע האנט שטרעקט זי אויס אין דער הויך.

— איך וואָרן אייך, זאָגט זי, איר, וואָס לאָזט מיך איצט פאלן! געדענקט, אז אויך אייער שעה וועט שוין באלד שלאָגן! איצט וועט איר צעזייט און צע-שפרייט ווערן, און אייער אָרט וועט זיין פוסט. איר רעדט זיך אפשר איין, אז איר וועט שטיין אויף אייגע-נע פיס, בשעת איך שטיץ אייך נישט מער אונטער? מעלכיאָר

סינקלער, דו, וואָס האָסט א שווערע האנט און לאָזט דיין ווייב אָפט זי פילן, היט דיך! דו קארגער גלח פון ברובי, איצט קומט די שטראָף פון גאָט! קאפיטאנין אוגלא, גיב אכ־טונג אויף דיין הויז, דער דלות קומט־אָן! און איר יונגע שיי־נע פרויען, עליזאבעט דאָנא, מאריאננע סינקלער און אנבא שערנהעק! מיינט נישט, אז נאָר איך אליין בין די איינציקע, וואָס מוז אנטלויפן פון מיין היים! און היט אייך, קאוואלערן! איצט קומט־אָן א שטורם איבערן לאנד, איצט וועט איר אָפּ־געקערט ווערן פון דער ערד, איצט איז שוין אייער צייט פארביי. יאָ, כ׳לעבן, איצט איז זי שוין ווירקלעך פארביי! איך באקלאָג זיך נישט צוליב מיר אליין, נאָר צוליב אייך, וואָרום דער שטורם וועט קודם־כל אויסגיין צו אייערע קעפּ, און ווער רעדט זיך דאָס איין, אז ער וועט בלייבן שטיין, ווען איך בין געפאלן? מיין הארץ יאָמערט פאר די אָרימע מענטשן נעבעך! ווער וועט זיי געבן ארבעט, בשעת איך בין דאָ נישטאָ?!

אין דער רגע עפנט די מאיאָרין די טיר, אָבער דאן הייבט־אויף קאפיטאן קרישאן זיין קאָפּ און זאָגט:

— ווי לאנג נאָך וועל איך דאָ ליגן ביי דיינע פיס, מארגארעטא צעלסינג? ווילסטו מיר נישט מוחל־זיין, כדי כ׳זאָל אויפשטיין און קעמפן פאר דיר?

די מאיאָרין ראנגלט זיך דאן אין א דערשיטערדיקן קאמף מיט זיך אליין; זי זעט אָבער, אז אויב זי וועט אים מוחל זיין, וועט ער זיך אויפהייבן און קעמפן מיט איר מאן. און דער מענטש, וועלכער האָט זי געליבט אין משך פון פערציק יאָר, וועט צוליב איר ווערן א מערדער.

— זאָל איך דיר נאָך מוחל זיין אויך? זאָגט זי. ביזסטו דען נישט שולדיק אין מיין גאנצן אומגליק? זאָג, קרישאן בערג? גיי צו די קאוואלערן און פריי זיך צוזאמען מיט זיי פון דיין אויפטו!

דערמיט איז די מאיאָרין פון עקעבי אוועק. זי איז אוועק רואיק, רעזיגנירט, איבערלאָזנדיק שרעק הינטער זיך.

זי איז געפאַלן, אבער אָן א גלאַנץ פון חשובות איז זי נישט פארבליבן אפילו אין איר דערנידערונג.

זי האָט זיך נישט נאָכגעגעבן אין איר צער און פאַר־צווייפלונג, נאָר אפילו איצט אויף דער עלטער זיך געפרייט מיט דער ליבע פון איר יוגנט. זי האָט זיך נישט געוואָלט פארלייכטערן איר שווער געמיט דורך געוויין און קלאָגן, בשעת זי האָט געמוזט פארלאָזן איר היים, איר האָב און גוטס. זי האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פון ארומצוּוואנדערן איבערן לאנד מיט א בעטלער-זעקל איבער די פּלייצעס און א וואנדער־שטעקן אין האנט. ס׳איז איר נאָר א שאָד געווען די אָרימע פויערים און די פריילעכע זאָרגלאָזע מענטשן, וועלכע וואוינען בײַ די ברעגן פון דער לעיווען; אויך די אָרימע קאוואלערן, און די אלע אביונים וועמען זי האָט באשירמט און באשיצט.

זי איז געווען פארלאָזן פון אלעמען, און דאָך האָט זי נאָך געהאט גענוג מוט אָפּצושטויסן איר לעצטן פריינט, כדי אים נישט צו מאכן פאר א מערדער.

זי איז געווען א מערקווירדיקע פרוי, מעכטיק אין איר קראפט און מוט, ווי אויך אין איר באגער צו גרויסע מעשים. נישט אזוי שנעל וועלן מיר זען צו איר אַ גלייכן.

צומאָרגנס נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָט זיך דער מאיאָר זאַמצעליוס אריבערגעקליבן פון עקעבי אין זיין אייגע־נעם פאָלוואַרק זשעי, וואָס ליגט גאָר נאָנט פונם גרויסן הויף.

אין אלטרינגערס צוואָה, דורך וועלכער דער מאיאָר האָט באקומען די הוטעס און גיטער, איז געווען דייטלעך פאַר־אָרדנט, אז קיין שום הוטע אָדער הויף האָט נישט געטאָרט ווערן פארקויפט אָדער אַוועקגעשאָנקען, נאָר אז נאָכן מאַיאָרס טויט זאָלן זיי אלע איבערגיין בירושה צו זיין ווייב, אָדער צו אירע יורשים. נישט קאָנענדיק אלזא פאַרשווענדן די פאַר־האַסטע ירושה, האָט ער זי איבערגעגעבן די קאוואלערן צו פארוואַלטן, גלייבנדיק, אז דערמיט האָט ער דעם רייכן עקע־ביער הויף און די איבריקע זעקס הוטעס דעם גרעסטן שאָדן געטאָן.

היות איצטער האָט שוין קיינער אין דער געגנט מער נישט געצווייפלט דערין, אַז דער בייזוויליקער סינטראַם פירט־אויס די שליחות פונם טייוול, און היות אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, איז אַזוי גלענצנד מקוים געוואָרן, זענען די קאַוואַ־לערן געווען זיכער, אַז זיין קאָנטראַקט מיט זיי וועט אויך פּינקטלעך דערפילט ווערן. און זיי זענען געווען פעסט אַנט־שלאָסן נישט צו טון אין משך פון דעם דאָזיקן יאָר קיין שום קלוגע און נוצלעכע אָדער פּחדנותדיקע זאַך. זיי זענען אויך גע־ווען פולשטענדיק איבערצייגט, אַז די מאַיאָרין איז אַ געמיינע מכשפה, וועלכע האָט געוואָלט ברענגען אומגליק אויף זיי.

בלויז דער אַלטער פעטער עבערהאַרד, דער פילאָזאָף, האָט חוזק געמאַכט פון זייער איבערצייגונג. אָבער ווער פרעגט עס נאָך אַזאַ איינעם, וועלכער איז אַזוי פאַרעקשנט אין זיין אַפּיקורסות, אַז ווען ער וואָלט אַפילו געלעגן אין די פלאַמען פון גהינום און געזען אַלע טייוואָלאָנים ווי זיי שטייען אַרום אים און שטשירן די ציין, וואָלט ער נאָך אַלץ געטענהט, אַז זיי זענען גאָרנישט פאַראַן, בלויז דערפאַר ווייל זיי קאָנען נישט זיין! כלעבן, דער פעטער עבערהאַרד איז ווירקלעך גע־ווען אַ גרויסער פילאָזאָף!...

יעסטאַ בערלינג האָט קיינעם נישט דערציילט, וואָס ער האָט געטראַכט וועגן דעם ענין. ס׳איז אָבער זיכער, אַז ער האָט ביי זיך נישט געפונען קיין שום גרונט דאַנקבאַר צו זיין דער מאַיאָרין דערפאַר, וואָס זי האָט אים געמאַכט פאַר אַ קאַוואַלער פון עקעבי; ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ס׳וואָלט פאַר אים פיל גלייכער געווען צו זיין איצטער טויט, איידער צו האָבן אויפן געוויסן דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז שולדיק אינם זעלבסטמאָרד פון עבבאַ דאָנאַ. ער האָט נישט אויפגע־הויבן זיין האַנט, כדי נקמה צו נעמען אָן דער מאַיאָרין, אָבער אויך נישט כדי איר צו העלפן, ער איז פשוט נישט אימשטאַנד געווען דאָס צו טון. דאַקעגן, די איבעריקע קאַוואַלערן האָבן זיך געפרייט, וואָס זיי זענען געקומען צו גרויס עשירות און

מאכט. פאר זיי איז איצט די וויינאכט-צייט אָנגעקומען מיט שמחות און פארוויילונגען. די הערצער פון די קאוואלערן זענען געווען פול מיט פרייד. און וואָסער אומעט ס'זאָל נישט האָבן געדריקט יעסטא בערלינגן, נאָר אויפן פנים אָדער אויף די ליפן האָט ער עס קיינמאָל נישט געלאָזט דערקענען.

6.

# יעסטא בערלינג, דער פּאעט

אין דער צייט פון די וויינאכט-חגאות האָט אין באָרגי-שען פּאלאץ געזאָלט פּאָרקומען א באל.

צו יענער צייט — ס׳איז שוין א מעשה פון א יאָר זעכציק, — האָט אין באָרג געוואוינט א יונגער גראף פון דער משפּחה דאָנא, און בעת ס׳איז זיך פארלאָפן די געשיכטע, וועגן וועל-כער איך וועל אייך דאָ דערציילן, איז ער נאָך געווען א פריי-שער יונגערמאנטשיק, אָקאָרשט נאָך דער חתונה, און ר׳האָט געהאט א יונגע, שיינע גרעפין. נו, איז דאָך טאקע נישט קיין חידוש, וואָס מען האָט זיך גערעכנט, אז ס׳וועט שוין איינמאָל זיין פריילעך און לוסטיק אין דעם אלטן גרעפישן הויף!

אן איינלאדונג איז אויך אָנגעקומען קיין עקעבי. ס׳האָט זיך אָבער באלד ארויסגעוויזן, אז פון די אלע, וועלכע האָבן דאָס יאָר דאָרט געפּראוועט וויינאכט, האָט נאָר איין יעסטא בערלינג, אָט דער, וועמען זיי האָבן גערופן „דער פּאָעט״, געהאט חשק צוצופאָרן אהינצו.

באָרג און עקעבי ליגן ביידע נעבן דער לאנגער אָזערע לעיווען, אָבער אויף אקעגענאיבערדיקע ברעגן. באָרג ליגט אין דער פּאראפיע סווארטזשעי׳, און עקעבי אין ברובי. בעת די אָזיערע איז פארפרוירן, איז מיט א שליטן בלויז א פּאָר מייל וועג פון עקעבי קיין באָרג.

דער אביונדיקער יעסטא בערלינג איז צו דער דאָזיקער שמחה אויסגעצירט געוואָרן דורך די אַלטע קאַוואַלערן, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ בן-מלך און מיט זיין פּערזאָן געדאַרפט רעפּרעזענטירן דעם פּרעסטיזש פון אַ מלוכה.

זיין פראַק מיט די בלאַנקענדיקע קנעפּ איז געווען שפּאָגל-ניי, די זשאַבאָ שטייף-געפּרעסט און די לאַקירטע שיך האָבן געשפּיגלט. ער האָט געטראָגן אַ פּעלץ פון די טייערסטע ביבערעס און אַ סויבל-היטל האָט באַדעקט זיינע העלע, געקרייזלטע האָר. די קאַוואַלערן האָבן געהייסן אויסשפּרייטן אַ בערן-פעל מיט זילבערנע קלאַמערס איבערן פּאַראַדנעם שליטן און איינגעשפּאַנט אין אים דעם שוואַרצן „דאָן זשואַן", — דער שטאָלץ פון דער פערד-שטאַל אין עקעבי.

יעסטא האָט אַ פּייף-געטון צו זיין ווייסן הונט „טאַנקרעד" און גענומען די געפלאָכטענע לייצעס אין די הענט ער איז אוועקגעפאָרן אַ פרייליכער און לוסטיקער, אַרומגערינגלט מיטן אָרעאָל פון עשירות און פּראַכט, הגם ער האָט אַזוי אויך געניג געשטראַלט מיט דער שיינקייט פון זיין גוף און מיטן שפּילעוודיקן כּוח פון זיין גייסט.

ער איז אַרויסגעפאָרן באַלד אינדערפרי. ס'איז געווען זונטאָג, און בשעת ר'איז פאַרבייגעפאָרן נעבן דער ברוביער קירך, האָט ער פון דאָרט געהערט דאָס תהלים-געזאַנג פון דער פרימאָרגן - מעסע. דערנאָך איז ער אוועק מיטן פּוסטן וואַלד-וועג, וואָס פירט קיין בערגאַ, וואו קאַפּיטאַן אוגלאַ האָט דאַמאָלסט געוואוינט. דאָרט האָט ער געהאַט בדעה צו פאַרבלייבן ביז איבערן מיטאָג.

דאָס פּאָלוואַרק בערגאַ איז אסור נישט געווען די היים פון אַ רייכן מאַן! דער הונגער האָט אָפט געוואוסט דעם וועג צום קאַפּיטאַנישן הויז, וואָס זיין דאַך איז געווען געדעקט מיט טאָרף, אָבער דאָרט האָט מען אים, ווי אַלע אַנדערע געסט, — תמיד הארציק מקבל-פּנים געווען און אים משמח געווען מיט געזאַנג און שפּילערייען. דעריבער פלעגט ער, גלייך ווי אַלע

אנדערע נישט גערן אוועקגיין פון דער דאָזיקער גאסט-פריינט-לעכער היים.

אויף די שטיגן פון בערגאנישן הייזל איז געשטאנען די אלטע מאמזעל אולריקא דילנער, וועלכע האָט אויף זיך גע-האט דעם גאנצן עול פון דער באלעבאטישקייט און פון די וועב-שטולן פון דעם פאָלווארקל. זי האָט באגריסט יעסטא בערלינגן מיט א הארציקן ברוך-הבא! און בשעת-מעשה זיך פארנייגט פאר אים. דערביי האָבן די לאָקן פון איר פארוק, וואָס זענען איר אראָפגעהאנגען איבערן ברוינעם פנים מיט די טויזנטער קנייטשן, געטאנצט פון פרייד.

זי האָט אים ארייגעפירט אין זאל, און באלד אָנגעהויבן פארציילן וועגן די באלעבאטים און ווי ס׳גייט זיי.

גרויס עגמת-נפש שטייט זיי איצט פאָר, האָט זי געזאָגט. שלעכטע צייטן זענען איצט אינם פאָלווארק בערגא. זיי האָבן צומאָל נישט קיין שטיקל ברוין צום מיטאָג, צו זייער גע-ואלצן פלייש און פערדינאנד מיט די מיידלעך האָבן טאקע איינגעשפאנט די קליאטשע „דיזא” אין א שליטן און אראָפ-געפאָרן קיין מונקערוד, כדי דאָרט צו באָרגן אביסל פון דעם מין. דער קאפיטאן איז שוין ווידער אוועק אין וואלד אריין און וועט מסתמא אהיימקומען מיט עפעס אן אלטן האָז, צו וועלכן מען וועט ביים בראָטן דארפן באנוצן מער פעטס, ווי דער גאנצער האָז איז ווערט. דאָס הייסט ביי אים ברענגען חיונה. ס׳וואָלט שוין געווען פאָרט נישקשה, ווען ער זאָל נאָר נישט קומען מיט עפעס אַ פאסקודנעם פוקס, — די ערגסטע חיה, וואָס דער רבונו של עולם האָט באשאפן, נוצלאָז סיי טויטערהייט, סיי לעבעדיקערהייט.

און די קאפיטאנין? זי איז נאָך נישט אויפגעשטאנען פון בעט. זי ליגט און לייענט ראָמאנען, ווי תמיד. צו קיין שטוב-ארבעט איז זי דאָך נישט באַשאַפן געוואָרן, דאָס דאָזיקע אומשולדיקע מלאָכל!

ניין, די דאָזיקע ארבעט דארף טון דער, וואָס איז שוין אלט און גרוי — למשל, ווי זי, אולריקא דילנער. כאָנ און נאַכט

מוז מען אומגיין, כדי צו האַלטן אין אָרדנונג דאָס ביסל אָרימ־קייט, און דאָס איז נישט תּמיד פון די גרינגסטע זאכן, ווייל, דעם אמת זאָגנדיק, האָבן זיי אין משך פון א גאנצן ווינטער נישט געהאט קיין אנדער ביסן אין מויל, ווי בלויז אַלט, געפעקלט בערן־פלייש. און אויף קיין גרויסע שכירות ווארט זי אויך נישט. זי האָט נאָך ביז איצטער נישט געזעען קיין פרוטה פאר די אויגן. זי האָט אָבער געלעבט מיט דער האָ־פנונג, אז זיי וועלן זי דערפאר נישט ארויסווארפן אויפן שליאַך, ווען זי וועט שוין נישט מער קאָנען פארדינען אויף איר חיונה. אפילו א הויז־ווירטין האלטן זיי דאָ אויך פאר זייערס א גלייכן און איבער הונדערט און צוואנציק יאָר וועלן זיי איר מאכן אַ בכבודיקע לויה, — אויב זיי וועלן נאָך דע־מאָלסט האָבן פארוואָס צו קויפן אַ טרומנע!...

— וואָרום ווער ווייסט, וואָס דאָ וועט נאָך געשעען? האָט זי אויסגערופן און זיך געווישט די אויגן, וואָס האָבן געהאט אַ טבע שנעל נאַס צו ווערן. מיר שטייען אין חובות צום בייזוויליקן פּריץ סינטראַם, און ער קאָן אונז אמאָל נאָך צונעמען אונזער גאנץ ביסל אָרימקייט. וואָס אן אמת, האָט טאַקע פערדינאַנד תּנאים געשריבן מיט דער רייכער אַננאַ שערנהעק, כ׳האָב אָבער מורא, אַז ער וועט איר נמאס ווערן, יאָ, ער וועט איר באשטימט נמאס ווערן. און וואָס וועט דע־מאָלסט ווערן פון אונז, מיט אונזערע בידנע דריי קי? און ניין פערד, מיט אונזערע פריילעכע יונגע פריילינס, וואָס רק זיי ווילן פאָרן פון איין באַל אויפן צווייטן? מיט אונזערע טרו־קענע פעלדער, וואו ס׳וואקסט גאָרנישט, און מיט אונזער גוטמוטיקן פערדינאנד, וואָס ס׳ווערט עפּעס קיינמאָל נישט קיין לייט פון אים? וואָס וועט דאן ווערן פונם דאָזיקן גע־בענטשטן הויז, וואו אלץ גייט גוט, נאָר נישט קיין אַרבעט?

אָבער אָט איז שוין די צייט פון מיטאָג־עסן, און די בני־בית האָבן זיך אָנגעהויבן פארזאמלען; דער גוטהארציקער פערדינאנד, — ד׳ער מילדער בן־יחיד, און די פריילעכע טעכטער זענען אהיימגעקומען מיטן געבאָרגטן כריין. דער קאַפּיטאַן

איז אויך אהיימגעקומען, געשטארקט פון א קאלטער באָד נעבן אויסגעהאקטן אייז-ברעג פון א סאַזשעלקע, און פון דער יאגד אין וואלד. ער האָט באלד אויפגעפראלט דאָס פענס-טער, כדי ס'זאָל אריין פרישע לופט, און מיט מענערשער קראפט האָט ער געדריקט יעסטאַן די האַנט. אויך די קאַ-פיטאנין איז אריינגעקומען, אָנגעטאָן אין א זיידן קלייד מיט ברייטע שפיצן, וואָס זענען איר אראָפּגעהאנגען איבער אירע ווייסע הענט, וועלכע יעסטא האָט באקומען צום קושן.

אלע האָבן זיי יעסטאן באגריסט מיט גרויס פרייד. לוס-טיקע שפאסן האָבן גענומען ארומפליען אינם דאָזיקן מונטערן קרייז און זיי האָבן אים לצנותדיק געפרעגט:

— וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך אין עקעבי? ווי פילט איר זיך דאָרט אין אייער ארץ-גושן?

— מילך און האָניק פליסט דאָרט, האָט ער געענטפערט. מיר שעפּן-אויס די בערג פון זייער אייזן און פילן אָן אונ-זערע קעלערס מיט וויין, דאָס פעלד גיט אונז גאָלד און דער-מיט פארגילדן מיר די גרויע עלנט פונם לעבן, און אונזערע וועלדער האקן מיר אויס, כדי פון דעם געהילץ צו בויען שפּיל-פלעצער און אלטאנקעס.

אָבער די קאפיטאנין האָט בלויז געזיפצט און געשמייכלטביים דאָזיקן ענטפער; און איבער אירע ליפן האָט זיך אראָפּ-געגליטשט איינאיינציק וואָרט:

— פּאָעט!

— א סך עבירות האָב איך שוין אויף מיין געוויסן, האָט יעסטא איר אָפּגעענטפערט, נאָר פּאָעזיע האָב איך נאָך קיין איין שורהלע נישט אָנגעשריבן.

— דו ביזט אלנפאלס א פּאָעט, יעסטא, מיט דעם דאָזיקן צונאָמען וועסטו זיך שוין מוזן ארומטראָגן דיין גאנצן לעבן. דו האָסט איבערגעלעבט א סך מער פּאָעמעס, ווי אנדערע דיכ-טער האָבן אָנגעשריבן.

דערנאָך האָט אים די קאפיטאנין געמאכט פאָרוואורפן,

אָבער אזוי מילד ווי א מאמע — הלמאי ער פארשווענדעט אַזוי זיין לעבן.

— איך וואָלט נאָך געוואָלט דערלעבן צו זען דיך א לייטישן מענטשן, האָט זי געזאָגט.

ער האָט זיך געפילט דערמוטיקט דורך דער דאָזיקער מילדער פרוי, וועלכע איז אים געווען אזא געטרייער פריינט, מיט איר ברייט סענטימענטאַל הארץ, וואָס האָט תמיד געברענט פון ליבע צו גרויסע מעשים.

זיי האָבן שוין געהאט פארענדיקט די פריילעכע סעודה און זיך געלאָזט וואויל באקומען דאָס געזאַלצענע פלייש מיט כריין און קרויט, און דערנאָך די געבאקענע קרעפלעך פון קאָרן-מעל מיט באָרווקעס און דאָס וויינאכטישע ביר פון יא-לאָוויעץ. יעסטאַ האָט זיי דערפירט אי צום לאכן, אי צום וויינען, דערציילנדיק פארשידענע מעשיות וועגן מאיאָר און וועגן דער מאיאָרין און וועגן דעם קארגן גלח פון ברובי. אָבער אינמיטן האָט זיך פון הויף פלוצלינג דערהערט דאָס געקלינגערײַ פון שליטן-גלעקלעך, און באלד איז ארײַנגעקומען דער בײַזווילַיקער סינטראם.

ער האָט געשטראַלט פון צופרידנקייט, אָנהייבנדיק פונם פליכעוואטן קאָפּ ביז אראָפּ צו די לאנגע פלאַט-פיס, און דער-ביי האָט ער זשעסטיקולירט מיט זיינע לאנגע אָרעמס און פארקרימט דעם פרצוף אין מיאוסע גרימאסן. ס'איז געווען קלאָר, אַז ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט שלעכטע ידיעות.

— צי האָט איר שוין געהערט, האָט דער דאָזיקער ביזער רוח געפרעגט, צי האָט איר שוין געהערט, אז היינט האָט דער פראָבאָשטש פון דער סווארטזשעאישער קירך צום ערשטן מאָל פּובליקירט די תנאים פון אַננאַ שערנהעק מיטן רייכן דאַלבערג? זי האָט אפנים פארגעסן, אז זי איז שוין פארקנסט מיט פערדינאנדן?

זיי האָבן נישט געהאט געהערט קיין וואָרט דערפון. זיי האָבן זיך דעריבער שטארק מצער געווען און א וויסטע שרעק האָט זיי אַלעמען באהערשט.

זיי האָבן זיך שוין אין דמיון פאָרגעשטעלט, ווי זייער היים ווערט חרוב, כדי צו באַצאָלן דעם חוב דעם בייזוויליקן פריץ: זייערע ליבע פערד מוזן פארקויפט ווערן אויף אַ ליציטאציע, און דאָסגלייכן דאָס אָפגעריבענע מעבל, וואָס זיי האָבן געירשנט פון דער קאפיטאנינס עלטערן-היים. זיי האָבן שוין געזען דעם סוף פונם פריילעכן לעבן מיט די שמחות און אויספלוגן פון באַל צו באַל. דאָס געפעקלטע בערן-פלייש וועט ווידער ארויף אויפן טיש אלס דער איינציקער מאכל, און לסוף וועט די יונגוואַרג מוזן אוועק אויף שטעלעס צו פרעמדע מענטשן.

די קאפיטאנין האָט געגלעט איר זון און אים געלאָזט פילן די טרייסט פון דער קיינמאָל נישט פאררעטנדיקער מוטער-ליבע.

אָבער ניין! דארט איז דאָך עפעס צווישן זיי געזעסן יעסטא בערלינג. — און דער אומבאַזיגטער האָט אין זיין מוח שוין געבויט טויזנטער פארשידענע פלענער.

— הערט! האָט ער אויסגערופן. ס'איז נאָך דערווייל צו פרי צו קלאָגן. דאָס האָט די פראָבאָסטשינע פון סווארטזשעי, אָפגעטון דאָס דאָזיקע שטיקל ארבעט. זי האָט באַקומען די השפעה איבער אננאַן, זינט זי וואוינט ביי זיי דאָרט אין דער פלעבאַניע. דאָס האָט זי געפועלט ביי אננאַן, אז זי זאָל אי-בערייסן מיט פערדינאנדן און נעמען דעם אלטן דאלבערג. זיי האָבן אָבער נאָך נישט געשטעלט קיין חופה, און זיי וועלן דאָס שוין נישט טון. איצטער פאָר איך גלייך אוועק קיין באָרג און כ'וועל זיך דאָרט טרעפן מיט אננאַן. איך וועל שוין מיט איר איינטענהן. איך וועל זי אָפרייסן פון דער פראבאשטשינע און פונם חתן אירן! יאָ, איך וועל זי נאָך היינט ביינאכט דאָ אהער פירן! נאָכדעם וועט שוין דער אלטער דאלבערג מער קיין נחת פון איר נישט האָבן!

און אזוי איז טאקע געבליבן.

יעסטא איז איינער אליין אוועקגעפאָרן קיין באָרג, נישט מיטפירנדיק קיינעם פון די פריילעכע מיידלען, אָבער

דערפאר האָבן אים אַלע באַגלייט מיט א הייסער ברכה. און סינטראַם, וועלכער איז געווען מלא שמחה דערפון, וואָס דער אַלטער דאַלבערג וועט דאָ אויסגעשטעלט ווערן פאר א נאר, האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין בערגא, כדי צו זען ווי יעסטא וועט אהיימקומען מיט דער אומגעטרייער כלה. אין פלוצלינג־דיקן אויסברוך פון גוטפריינטשאַפט, האָט ער יעסטאן אפילו איינגעהילט אין זיין רייזע־פעלד — א מתנה פון דער אַלטער מאַמזעל אולריקא.

די קאפיטאנין איז ארויסגעקומען אויף די שטיגן מיט דריי קליינע ביכלעך אין האַנט, אין רויטן באַנד.

— נעם זיי דיר, האָט זי געזאָגט צו יעסטאן, וועלכער איז שוין געזעסן אין שליטן, נעם זיי דיר, אויב ס׳וועט דיר נישט געלונגען! דאָס איז „קאָרין", מאַדאם סטאַלס „קאָרין", איך וויל נישט, אז דאָס זאָל אויך אוועק אויף ליציטאַציע!

— איך וועל נישט אַדורכפאַלן, פרוי קאפּיטאנין!

— אך, יעסטא, יעסטא! האָט זי געזאָגט און אים מיט איר ווייסער האַנט געגלעט איבערן אנטבלויזטן קאָפּ, דער שטאַרקסטער און דער שוואַכסטער צווישן מענטשן ביזטו! ווי לאַנג וועסטו דען געדענקען, אז דאָס גליק פון א פּאָר אָרימע מענטשן ליגט אין דיין האַנט?...

יעסטא איז איצט ווידער געפלויגן איבערן שליאַך, גע־שלעפּט פונ׳ם שווארצן „דאָן זשואן" און נאָכגעיאָגט פונ׳ם ווייסן „טאַנקרעד", זיין נשמה איז איצט פול געוואָרן מיט אוואַנטוריסטישע פרייד. ער האָט זיך געפילט ווי א יונגער זיגער, דער גייסט פון העלדנמוט האָט איבער אים געשוועבט.

זיין וועג האָט איצט געפירט צו דער פּלעביאַניע אין סוואַרטזשעי. ער איז גלייך פאַרפאָרן אהינצו און געפרעגט, צי ער וואָלט נישט געקאָנט מיטפירן די פריילין אננא שערנהעק צום באַל אין באָרג. מהיכא תיתי, פאַרוואָס דען נישט.

איצט האָט ער געפירט א שיין און עקשנותדיק מיידל אין שליטן. ווער וואָלט דען נישט געוואָלט מיטפאָרן, ווען דער שווארצער „דאָן זשואן" איז איינגעשפּאַנט אין שליטן?

די צוויי יונגע מענטשן האָבן א לאנגע ווײַלע געשוויגן. אָבער דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן דעם שמועס — עזותדיק, אָן שום בושה:

— יעסטא האָט מסתמא געהערט, וואָס דער פּראָבאָשטש האָט היינט פּובליקירט אין דער סווארטזשעאישער קירך?

— צי האָט ער געזאָגט, אז דו ביזט דאָס שענסטע מיידל וואָס מען קאָן געפינען צווישן דער לעיווען און דעם טייך קלארא?

— יעסטאַ איז א שוטה! דאָס האָט ער נישט געדאַרפט זאָגן, ווייל דאָס ווייסט סיי ווי די גאנצע וועלט! ניין, ער האָט פּובליקירט מיינע תנאים מיטן אלטן דאלבערג.

— בנאמנות, איך ווייס נישט, צי איך וואָלט דיך אוועקגעזעצט אויפן ווייכן געבעטעכץ און זיך אליין אוועקגעשטעלט דאָ פון הינטן אויף די שליטן-שינעס, אויב איך וואָלט עס פריער געוואוסט. בנאמנות, כ'ווייס נישט, צי איך וואָלט דיך גאָר בכלל געוואָלט מיטנעמען!

אָבער די שטאָלצע יורשטע האָט געענטפערט:

— ס'וואָלט א שטייגער געפאסט, אז אָן יעסטא בערלינגן וואָלט איך נישט געקאָנט אהינקומען.

— ס'איז אַלנפאלס א שאָד, האָט יעסטא פארטראכט געזאָגט, וואָס דו האָסט נישט קיין פאטער און קיין מוטער. פארפאלן, דו ביזט שוין אזא אויסטערליש מיידל, און קיינער קאָן זיך נישט רעכנען מיט דיר.

— ס'איז אָבער נאָך א גרעסערער שאָד, וואָס דו האָסט עס מיר נישט פריער געזאָגט, וואָלט מיך אן אנדערער צוגעפירט קיין באָרג.

— די פּראָבאָשטשינע טראכט מסתמא אויך אזוי ווי איך, אז דו דארפסט טאקע האָבן א מאַן, וואָס זאָל פאר דיר זיין צוגלייך אן אפּטרופּות און פאטער, ווען נישט וואָלט זי דיך נישט צוזאמענגעפּאָרט מיט אזא אלטן שקראפּ ווי דאלבערג.

— די פּראָבאָשטשינע האָט דאָ גאָרנישט געהאט צו זאָגן,

—אָ, רחמנא־לצלן! האָסטו דיר אליין אויסגעקליבן אזא שיינעם פאצעט?

— ער נעמט מיך כאָטש נישט צוליב מיין געלט.

— ניין, ס׳פארשטייט זיך! די אלטע חברה־לייט. זיי לויפן בלויז נאָך בלויע אייגעלעך און רויטע בעקעלעך, און ס׳איז פשוט א מחיה זיי אָנצוקוקן בשעת זיי טוען עס, די דאָזיקע שוטים!...

— אוי, יעסטא ווי שעמסטו זיך נישט!...

— אָבער געדענק, וואָס איך זאָג דיר, האָט יעסטא צוגעגעבן, דו וועסט שוין נישט מער האָבן קיין געלעגנהייט זיך צו ווילן מיט יונגעלייט! אן עק וועט עס פאר דיר איצט נעמען צום טאנצן און שפילן. מהיום והלאָה איז דיין אָרט אין א ווינקל פון דער סאָפע, צווישן די עלטערע דאמען; אָדער אפשר וועסטו גאָר מאכן א טערטל־מערטל מיטן אלטן דאלבערג?

נאָכדעם זענען זיי שוין פארבליבן שטיל, ביז זיי זענען געפאָרן בארג־ארויף, איבער די בערגלעך וואָס נעבן באָרג.

— א דאנק פארן צופירן! האָט זי געזאָגט. ס׳וועט שוין איצטער דויערן אביסל, ביז איך וועל ווידער פאָרן מיט יעסטא בערלינגן!

— א דאנק פאר דער הבטחה! איך קען א סך מענטשן, וועלכע האָבן פארשאָלטן דעם טאָג, וואָס זיי זענען מיט דיר געפאָרן צו א באל.

מיט נישט קיין פריילעך געמיט איז די דאָזיקע אָנערקענטע שטאָלצע שיינהייט פון דער אומגעגנט אריין אין טאנצזאל און געוואָרפן א בליק אויף די פארזאמלטע געסט.

ראשית־כל האָט זי דערזעען דעם פליכצוואטן, קליינעם דאלבערגן, ווי ער האָט געשמועסט מיטן וואוקסיקן, שלאנקן און בלאָנדן יעסטא בערלינג, וועלכער איז פריער פון איר אריין אין זאל. זי האָט גרויס חשק געהאט זיי ביידן ארויסצוטרייבן פון דאָרטן.

איר חתן איז איר אקעגנגעקומען, כדי זי צו פארבעטן

צום טאנץ, אָבער זי האָט אים באַגעגנט מיט אַ צעשמעטערנדי־קער פאַרחידושקייט.

— דו ווילסט טאַנצן? דו פּלעגסט עס דאָך קיינמאָל נישט טון!

מיידלעך זענען צוגעקומען, כּדי איר צו ווינטשן מזל־טוב.

— חנפהט אייך נישט אונטער, מיידלעך! האָט זי זיי קאַלט געענטפערט. איר זאָלט נישט מיינען, אַז ס׳קאָן זיך עמיצער פאַרליבן אין אַלטן דאַלבערגן, אָבער ער איז רייך, און איך בין אויך רייך, בכן איז עס אַ צוגעקליבענער זיווג.

די עלטערע פרויען זענען אויך צוגעגאַנגען צו איר, געדריקט איר ווייסע האַנט, און גערעדט וועגן דעם העכסטן גליק פון לעבן.

— ווינטשעוועט ליבערשט דער פראָבאַשטשינע! האָט זי דאַן געזאָגט. זי פרייט זיך דערפון מער ווי איך!

אָבער נישט ווייט פון איר איז געשטאַנען יעסטאַ בער־לינג, דער הערלעכער קאַוואַלער, באַגעגנט פון אַלעמען מיט פרייד פאַר זיין האַרציקן געלעכטער און פאַר זיינע שיינע ריידעלעך, וואָס האָבן זיך געשאָטן ווי גינגאָלדענער שטויב אויפן גרויען געוועב פון אַרום. זי האָט אים נאָך קיינמאָל פריער נישט געזען אַזאַ ווי היינטיקן אָוונט. ער האָט לחלוטין נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרשטויסענעם מענטשן, פון אַ פאַראַכטעטן, היימלאָזן לץ ... אָ, ניין! אַ מלך איז ער צווישן מאַנסלייט, אַ געבוירענער מלך!

ער און די אַנדערע יונגעלייט האָבן זיך פאַרקאָנספּירירט קעגן איר. נישקשה, זי וועט שוין זיך פאַרטראַכטן איבער דער מעשה, וואָס זי האָט אָפּגעטון, זיך אָוועקשענקנדיק מיט איר שיין פּנים און איר גרויס עשירות צו אַן אַלטן מאַן. זיי האָבן זי געלאָזט איבערדיצן צען טענץ.

ס׳האָט אין איר ממש געקאָכט פון כּעס.

ביים עלפטן טאַנץ איז צו איר צוגעקומען איינער פון די אַמוויניציקסטן אָנגעזעענע געסט, אַ גאַרנישט־שבגאַרנישט,

וואָס קיינער האָט מיט אים נישט געוואָלט טאַנצן, און זי פארבעטן.

— נישטאָ קיין חלה, עסט מען שוואַרץ ברויט! — האָט זי צו זיך אליין געזאָגט.

מען האָט געשפילט אין פאנטן. עטלעכע בלאָנדע מיידלעך האָבן זיך באראטן און זי פארמשפּט, זי זאָל א קוש־טון דעם מאנסביל, וועלכן זי ליבט אממייסטן. און מיט געשנורעוועטע ליפּעלעך האָבן זיי געווארט צו זען, ווי די שטאָלצע שיינהייט וועט דאָס קושן דעם אלטן דאלבערגן.

אָבער זי האָט זיך האסטיק א שטעל־אויף־געטון, מאיעס־טעטיש אין איר פלאמענדיקן צאָרן, און געזאָגט:

— קאָן איך דען נישט אלצאיינס געבן א פאטש דעם, וועלכן איך האס צום שטארקסטן?

א רגע דערנאָך האָט יעסטאס באק געברויט אונטער איר פעסטער האנט. ער איז געוואָרן פייערדיק רויט, אָבער ער האָט זיך אפילו באהערשט און אָנגעכאפּט איר האנט, א ווייַלע זי פעסט צוגעהאלטן און איר צוגעשושקעט:

— ווארט אויף מיר אין א האלבער שעה ארום, אין דער רויטער פּאָדערשטוב, וואָס אונטן אין פּאַרטער!

זיינע בלויע אויגן האָבן אראָפּגעשטראלט אויף איר, און זי צוגעשמידט ווי מיט כשוף־קייטן. זי האָט געפילט, אז זי וועט מוזן זיין געהאָרכזאם.

דאָרט אונטן האָט זי אים באגעגנט מיט שטאָלצע און הארבע דיבורים.

— וואָס גייט עס יעסטאַ בערלינגן אָן, מיט וועמען איך האָב חתונה?

ער האָט נאָך פאר איר נישט גרייט געהאט קיין מילדע ווערטער, און ער האָט עס דערווייל נאָך נישט געהאלטן פאר ראטזאם באלד אָנצוהייבן רעדן וועגן פערדינאנדן.

— לויט מיין מיינונג, איז עס גאָר נישט געווען קיין צו שטרענגע שטראָף, וואָס דו ביזט איבערגעזעסן צען טעג. אָבער דו ווילסט, נאטירלעך, אז מען זאָל דיר אומבאשטראָפט

דערלויבן צו ברעכן שבועות און הבטחות. גלייב מיר, אויב אַ בעסערער מענטש פון מיר וואָלט גענומען די שטראָף אין זיינע הענט, וואָלט ער זי זיכער נאָך הארבער געמאכט!

— וואָס פאר א שלעכטס האָב איך עס דיר און דיינע חברים געטון, וואָס איר לאָזט מיך נישט צורו? איך פארשטיי, אז דאָס פארפאָלגט איר מיך צוליבן געלט. איך וועל עס ארייננווארפן אין דער לעיוועז, און דערנאָך מעג ווער ס׳וויל אַרויסשלעפן עס פון דאָרטן!

זי האָט זיך מיט די הענט פארשטעלט די אויגן, און זיך צעוויינט פון פארביטערונג.

דאָס הארץ פון יעסטאַן איז תיכף געריִרט געוואָרן. ער האָט זיך פארשעמט פאר זיין אכזריותדיקייט. איצט האָט ער שוין צו איר גערעדט מיט א צערטלעכן טאָן:

— אך, קינד, קינד, זיי מיר מוחל! זיי מוחל דעם אָרעמען יעסטא בערלינגגן! קיינער קימערט זיך דאָך נישט וועגן דעם, וואָס אזא עלנטער פארשוין זאָגט אָדער טוט, דאָס ווייסטו דאָך אליין אויך! קיינער דארף נישט וויינען צוליב זיין כעס! וואָרום ס׳איז פונקט דאָס זעלבע, ווי מען וואָלט געוויינט צוליב דעם ביס פון א קאָמאר. דאָס איז, נאטירלעך, געווען א משוגעת פון מיין זייט, איך האָב אָבער נישט געוואָלט דערלאָזן, אז אונזער שענסטע און רייכסטע מיידל זאָל חתונה האָבן מיטן אלטן דאלבערג. און איצט האָב איך נאָר דאָס אויפגעטון, אז איך האָב דיר פיל עגמת-נפש פארשאפן!

ער האָט זיך אוועקגעזעצט נעבן איר אויף דער באנק און פאמעלעך פארלייגט זיין האנט ארום איר טאליע, כדי זי צו דערמוטיקן און טרייסטן.

זי האָט זיך נישט אָפּגערוקט. אדרבא, זי האָט זיך צו אים צוגעדריקט, ארומגענומען זיין האלז מיט אירע אָרעמס און געוויינט, אָנשפארנדיק איר שיינעם קאָפּ אויף זיין אקסל.

אך, פּאָעט, — דער שטארקסטער און דער שוואכסטער

צווישן די מענטשן! נישט דיין האלז האָבן דאָך די דאָזיקע ווייסע אָרעמס געזאָלט אַרומנעמען!

— וואָלט איך עס געוועזן געוואוסט... האָט זי צו אים געשושקעט, דאן וואָלט איך קיינמאָל נישט געוואָלט נעמען דעם אלטן דאלבערגן. איך האָב דיך היינטיקן אָוונט גוט באַטראַכט... קיינער קאָן זיך נישט גלייכן צו דיר...

אָבער דורך זיינע בלאסע ליפּן האָט יעסטא קוים ארויסגעפּרעסט:

— פערדינאנד!..

זי האָט אים שטיל געמאכט מיט א קוש.

— ער איז א גאָרנישט, קיינער איז נישט עפּעס מער פון דיר. דיר וועל איך אייביק געטריי זיין!

— איך בין יעסטא בערלינג, האָט ער אומעטיק געזאָגט, — מיט מיר קאָנסטו נישט חתונה האָבן!

— דו ביזט דער, וועמען איך ליב, — דער חשובסטער פון אלע מאנסלייט ביזטו! דו דארפסט גאָרנישט זיין! דו ביזט א געבוירענער מלך!

דאן האָט דאָס בלוט פונם פּאָעט געגומען זידן. זי איז געוועזן שיין און חנעוודיק אין עקסטאז פון ליבע. ער האָט זי צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

— אויב דו ווילסט ווערן מיינע, קאָנסטו נישט פארבלייבן אין דער סווארטזשעאישער פלעבאניע. קום מיט מיר, איך וועל דיך נאָך היינט ביינאכט צופירן קיין עקעבי! דאָרט וועל איך שוין וויסן ווי אזוי דיך צו פארטיידיקן, ביז וואנען מיר וועלען קאָנען פראוועז אונזערע חתונה. — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס'איז אוועק א ברויזנדיקע כישוף-באהעפטונג אין דער שפּעטער נאכט. דערפילנדיק דאָס געבאט פון ליבע, האָבן זיי זיך געלאָזט אוועקפירן דורך „דאָן זשואנען”. ס'איז זיי אפילו פאָרגעקומען, ווי דאָס סקריפּן אונטער די שליטן-שינעס וואָלט געוועזן דאָס קלאָגן פון די אנטוישטע פון בערגא. אָבער וואָס האָט עס דען זיי געארט? זי איז געהאנגען ארום זיין

האלז, און ער האָט זיך איינגעבויגן איבער איר און איר גע־שושקעט אין אויער אריין:

— צי קאָן דען עפּעס אַן אנדער מין תענוג זיך פאַר־גלייכן אין הערלעכקייט מיט געגנבעט גליק?

וואָסער באַטייט האָט דען, משטיינסגעזאָגט, געהאַט פאַר זיי די קירכלעכע פּובליקאַציע פון אירע תנאים? זיי האָבן פאַרמאָגט די ליבע. און דער צאָרן פון מענטשן? יעסטא בערלינג האָט געגלייבט אין גורל. דער גורל האָט זיי באַ־צוואונגען: קעגן גורל קאָן קיינער נישט קעמפן! אויב אפילו די שטערן אין הימל וואָלטן עס איצטער געוועזן די חופּה־ליכט, וואָס זענען געוואָרן אָנגעצונדן צו איר חתונה, אויב אפילו „דאָן זשואַנס" גלעקלעך וואָלטן עס געווען די קירכן־גלאָקן, וואָס האָבן צוזאמענגערופן די מענטשן, כדי זיי זאָלן בייוואוי־נען איר חופּה מיטן אלטן דאַלבערג, וואָלט זי סיי ווי געמוזט אנטלויפן מיט יעסטא בערלינגן. אזוי מעכטיק איז דער גורל!

זיי זענען גליקלעך פאַרבייגעפאָרן די סווארטזשעאישע פּלעבאַניע און אויך דעם ריכטער־הויף אין מונקערוד. זיי האָבן נאָך געהאַט א האלבע מייל ביז בערגא, און דאַן נאָך א האלבע מייל ביז עקעבי. דער וועג האָט געפירט לענג־אויס דעם ברעג פון וואלד. רעכטס פון זיי זענען געלעגן טונקעלע בערג,— לינקס, א לאַנגער ווייסער טאָל.

פלוצלינג איז דער הונט „טאַנקרעד" אונטערגעקומען מיט א גאַלאָפּ. ער איז אזוי שנעל געלאָפן, אז ס'האָט זיך געדאַכט, דאָס ער ליגט אויסגעצויגן אין דער לופט, פּאַראַלעל מיטן באָדן. וואָיענדיק פון שרעק, איז ער ארויפגעשפּרונגען אויפן שליטן און זיך צונויפגעקורטשעט ביי אַננאַס פיס.

„דאָן זשואַן" האָט אַ ציטער געטון, און זיך אויך אוועק־געלאָזט אין אַ ווילדן גאַלאָפּ.

— וועלף! האָט יעסטאַ בערלינג געזאָגט.

זיי האָבן דערזעען, ווי א לאַנגע, באַוועגלעכע, גרויע ליניע שלעפּט זיך לענג־אויס דעם וואלד. דאָרט איז געווען לפּחות א טוץ חיות.

אנגא האָט זיך נישט דערשראָקן. דער טאָג האָט איר געגעבן א שפע פון שטארקע איבערלעבונגען, און די נאכט זאָגט איר צו צו זיין ענלעך צום טאָג. דאָס הייסט געלעבט! פליען אזוי איבער דער פינקעלדיקער שניי-פלאך, שטעלנדיק זיך דרייסט אקעגן בייזע חיות און מענטשן!...

יעסטאַ האָט פלוצלונג ארויסגעשליידערט א בייזע קללה אין דער נאכטישער שטילקייט, און זיך ארויסבייגנדיק פאָר-אויס, האָט ער „דאָן זשוּאנען" דערלאנגט א גוואלטיקן שמיץ מיט דער בייטש.

— דו האָסט מורא? האָט זי געפרעגט.

— זיי ווילן אונז איבערשניידן דעם וועג, דאָרט וואו דער שליאך פארקירעוועט זיך! האָט ער ערנסט געענטפערט.

„דאָן זשואן" האָט זיך אוועקגעלאָזט אין א וועט-לויף מיט די בייזע וואלד-חיות און „טאנקרעד" האָט ווידער אָנגעהויבן נאָך שטארקער צו וויאָיען. זיי האָבן דערגרייכט צום עק וועג אין דער זעלבער רגע וואָס די וועלף, און יעסטאַ האָט דעם ערשטן פון זיי פאַרטריבן מיט דער בייטש.

— אך, „דאָן זשואן",—מיין בחורל! האָט יעסטא צו זיך געזאָגט. ווי לייכט וואָלט עס געווען פאר דיר צו אַנטלויפן פאַר צוועלף וועלף, אויב דו וואָלסט נישט געהאַט אונז צווייען צו שלעפן!

זיי האָבן צוגעבונדן דעם גרינעם רייזע-פלעד הינטער זיך. די וועלף האָבן זיך דערפאר דערשראָקן און א ווייל זיך געהאלטן פון דער ווייטנס. אָבער באלד דאָבן זיי אין זיך גובר-געווען די שרעק, און איינער פון זיי איז מיט אן ארויס-געשטרעקטער צונג, שווער סאָפּנדיק צוגעלאָפן צום שליטן. דאן האָט יעסטא שנעל געכאפט מאדאם סטאלס „קאָרין" און עס אים א שליידער-געטון גלייך אין פיסק אריין.

זיי האָבן א ווײלע ווידער געקאָנט איבערכאפן דעם אָטעם, ביז די בעסטיעס האָבן צעפליקט דעם דאָזיקן רויב. נאָר זיי האָבן באלד אויפסניי דערפילט, ווי די וועלף האָבן געשלעפט און געביסן דעם גרינעם פלעד, און ווידער דער-

הערט זייער סאָפּנדיקן אָטעם. זיי האָבן געוואוסט, אז זיי וועלן נישט אָנטרעפן קיין שום מענטשלעכן ישוב פאר בערגא, אָבער ערגער פונם טויט איז יעסטאן געווען איצט זיך צו־באוויזן פאר די מענטשן, וועלכע ער האָט אָפּגענארט. ער האָט אויך פארשטאנען, אז אויב דאָס פערד וועט מיד ווערן, זענען זיי אלע איינגעשטעלט מיטן לעבן.

לסוף האָבן זיי ביים סאמע ברעג וואלד פון וויטנס דערזען דעם בערגאנישן פאָלווארק. אין די פענסטער האָבן געברענט ליכט. יעסטא האָט גאנץ גוט געוואוסט צוליב וועמען די ליכט ברענען נאָך איצט, אזוי שפּעט אין דער נאכט.

אָבער איצטער זענען די וועלף אָפּגעטראָטן. זיי האָבן א פּנים מורא געקראָגן פאר דער נאָענטקייט פון א מענטשלעכן ישוב און יעסטא איז געפאָרן ווייטער, פארביי בערגא. ער האָט אָבער נישט באוויזן צו קומען ווייטער ביז צו דעם אָרט וואו דער דער וועג פארטיפט זיך ווידער אין וואלד אריין, דאָרט האָט ער פאר זיך דערזען א פינסטערע גרופּע: די וועלף האָבן אים שוין אָפּגעווארט.

— לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו דער פלעבאניע און זאָגן, אז מיר האָבן געמאכט אן אויספלוג ביים שיין פון די שטערן! מיר קאָנען סיי ווי נישט פאָרן ווייטער!

זיי האָבן זיך אומגעקערט, אָבער אין א רגע ארום איז דער שליטן געווען ארומגערינגלט דורך די וועלף. די גרויסע געשטאלטן האָבן געאיילט פארביי, און די ווייסע ציין זייערע האָבן געבלאנקט אין די ברייטע פּיסקעס, די גליענדיקע אויגן האָבן געלויכטן, זיי האָבן געוואָיעט פון הונגער און בלוט־דורשט. די בלאנקנדיקע ציין זענען געווען גרייט זיך איינצו־בייסן אין ווייך מענטשן־פלייש. די וועלף זענען ארויפגעשפּרונ־גען אויף „דאָן זשואנען" און זיך אָנגעכאפּט אָן כאָמוט. אננא איז געזעסן אין שליטן און בשעת־מעשה געטראכט, צי די בעסטיעס וועלן זיי איינגאנצן אויפעסן, אָדער עס וועט נאָך עפּעס פון זיי איבערבלייבן, אזוי אז מענטשן וועלן צונויפגנס לפּחות

געפינען זייערע צעגריזשעטע אברים אינם צעטרעטענעם, פאר בלוטיקטן שניי.

— איצט שטייען אונזערע לעבנס אין קאָן! האָט זי גע-זאָגט און אָנגעכאפּט „טאַנקרעדן" פאַרן קאַרק.

— לאָז געמאַכט! דאָס וועט אונז נישט ברענגען קיין שום נוצן! נישט צוליבן הונט האָבן זיך די וועלף היינטיקע נאַכט אַרויסגעלאָזט אויף יאַגד.

יעסטאַ איז אַריינגעפּאָרן אין הויף פונם בערגאַנישן פּאָל-וואַרק, אָבער די וועלף האָבן אים נאָכגעיאָגט ביז צום צו-פּאָר. ער האָט זיך פון זיי געמוזט וועהרן מיט דער בייטש.

— אַננאַ! האָט ער געזאָגט, בשעת זיי האָבן זיך לסוף אָפּגעשטעלט ביי די שטיגן,— גאָט האָט עס נישט געוואָלט. לאָז גאָרנישט דערקענען אָן דיר,— אויב דו ביזט טאַקע די פרוי, פאַר וועלכע איך האַלט דיך, לאָז גאָרנישט דערקענען אָן דיר, דו פאַרשטייסט?...

די שטוב-מענטשן האָבן דערהערט דאָס געקלינגעריי פון די שליטן-גלעקלעך און זענען אַרויסגעקומען אַנטקעגן.

— ער האָט זי! האָבן זיי אויסגערופן, ער האָט זי! זאָל לעבן יעסטאַ בערלינג!

די אָנגעקומענע זענען געשלעפּט געוואָרן פון איין אומ-אַרמונג צו דער צווייטער. מען האָט אָבער נישט געשטעלט קיין סך קשיות. ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. די רייזנדע זענען געווען דערשיטערט פון דער סכנותדיקער נסיעה און זיך גענויטיקט אין אָפּרו. ס'איז דאָך שוין געווען גענוג בלויז דאָס, אַז אַננאַ איז צוריקגעקומען.

אַלץ איז געווען וואויל און גוט. בלויז „קאָרין" און דער גריינער רייזע-פערד, — די מתנה פון דער אַלטער מאַמזעל אולריקאַ — זענען צעשעדיקט געוואָרן.

— — — — — — — — — — — —

בשעת דאָס גאַנצע הויז אין שוין געשמאַק געשלאָפן, איז יעסטאַ אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטון און שטילינקערהייט זיך אַרויסגעגנבעט אויפן הויף. דערנאָך האָט ער אַזוי געראָשלאָז

ווי נאָר מעגלעך ארויסגעפירט „דאָן זשואַנען״ פון עטאַל, אים איינגעשפּאנט אין שליטן און שוין געווען גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אריין. דאן איז אָבער אננא שערנחעק אויך ארויס- געקומען פון שטוב.

— אך האָב דיך געהערט ארויסגיין, האָט זי געזאָגט, בין איך אויך אויפגעשטאנען. יעסטא, איך בין גרייט צו פאָרן מיט דיר!

ער איז צוגעגאנגען צו איר און זי אָנגענומען פאר דער האנט.

— פארשטייסטו עס נאָך נישט? דאָס קאָן נישט גע- שעען, גאָט וויל דאָס נישט. הער מיך אויס, מיין טייערע און פרוביר צו פארשטיין, וואָס איך וועל דיר זאָגן. איך בין דאָ געווען אויף מיטאָג און צוגעזען זייער צער צוליב דיין אומ- געטריישאפט; דאן בין איך צוגעפאָרן קיין באָרג, כדי דיך צוריק אהערצוברענגען צו פערדינאנדן. איך בין אָבער תמיד געווען א מנוול, און כ׳וועל שוין קיינמאָל נישט זיין עפּעס אנדערש. איך האָב זיי פאררעטן און געוואָלט דיך צונעמען פאר מיינעטוועגן. דאָ איז פאראן אן עלטערע פרוי, וועלכע גלייבט, אז עס וועט נאָך אמאָל פון מיר ווערן א לייט. אָבער אויך זי האָב איך פאררעטן. און א צווייטער אָרימער נפש וויל פרירן און פארהונגערן,— בלויז צוליב דעם, כדי זי זאָל קאָ- נען שטארבן צווישן פריינט, אָבער איך בין געווען גרייט צו דערלאָזן, אז דער בייזוויליקער סינטראם זאָל צונעמען איר היים. דו ביזט נעכטן געווען פארפירעריש שיין, און די זינד איז געווען אזוי מתיקותדיק... יעסטא בערלינגן איז דאָך אזוי גרינג צו באצויבערן!... אָ, סארא געמיינע בריאה איך בין!— איך ווייס, ווי זיי דאָרט אינעווייניק האָבן ליב זייער היים, און איר בין פאָרט נאָר-וואָס גרייט געווען זי חרוב צו מאכן! איך האָב פארגעסן אָן אלץ צוליב דיר, ווייל דו ביזט געווען אזוי הערלעך אין דיין ליבע! אָבער איצטער, אננא, נאָכדעם ווי איך האָב צוגעזען זייער פרייד ביי דיין צוריקקומען, וויל איך שוין נישט מער דיך באהאלטן פאר זיך! ניין, איך וויל

דאָס בשום אופן נישט! הגם דו איינע ביזט די פרוי, וועלכע וואָלט פון מיר געקאָנט מאכן א לייט... אָבער איך טאָר דיך פאָרט נישט צונעמען פאר זיך! אָ, מיין געליבטע! דער אין הימל שפילט זיך מיט אונזער ווילן — ס'איז שוין צייט, מיר זאָלן זיך בייגן אונטער זיין שטראָפנדיקער האנט. אָ, זאָג מיר צו, אז דו ווילסט פון היינט אָן אויף זיך נעמען דיין לאסט! די שטוב-מענטשן דאָ האָבן צוטרוי צו דיר. זאָג מיר צו, אַז דו וועסט דאָ פארבלייבן און זיין זייער העלפערין און אויסלייזערין! אויב דו ליבסט מיך, אויב דו ווילסט מיר לייכ-טער מאכן מיין טיפן צער, זאָג-זשע מיר דאס צו! טייערע מיינע, צי איז דיין הארץ אזוי גרויס, אז דו קאָנסט זיך אליין גובר זיין און דערביי נאָך שמייכלען?

ערשט נאָך א שווערן, אינערלעכן קאַמף האָט זי מיט התלהבות אָנגענומען דאָס געבאָט פון אונטערטעניקייט.

— איך וועל טון ווי דו ווילסט, האָט זי געזאָגט,— איך וועל זיך מקריב זיין און דערביי נאָך שמייכלען.

— און נישט האסן מיינע אָרימע פריינט דערפאר?

זי האָט טרויעריק געשמייכלט.

— אזוי לאנג ווי איך ליב דיך, וועל איך זיי אויך ליבן!

— אך, ערשט איצט ווייס איך, סארא פרוי דו ביזט! עס איז שווער אוועקצופאָרן פון דיר,— אננא טייערע!

— זיי געזונט, יעסטא! פאָר מיט גאָט! מיין ליבע וועט דיך שוין נישט מער פירן צו זינד!

זי האָט זיך אומגעווענדעט, כדי צוריק אריינצוגיין, ער איז איר אָבער נאָכגעגאנגען.

— וועסטו מיך שנעל פארגעסן?

— פאָר אוועק, יעסטא! מיר זענען נישט מער ווי מענטשן! — —

ער האָט זיך אנידערגעוואָרפן אויפן שליטן, אָבער דאן האָט זי זיך צוריק אומגעקערט צו אים.

— דו קלערסט גאָרנישט וועגן די וועלף? האָט זי גע-פרעגט.

— טאקע וועגן זיי קלער איך דאָס איצט, האָט ער גע־ענטפערט, אָבער זיי האָבן שוין זייערס אָפּגעטון, מיט מיר האָבן זיי שוין נישט מער וואָס צו טון די נאכט.

ער האָט נאָכאמאָל צו איר אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס, אָבער „דאָן זשואן" איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק און זיך שנעל א לאָז־געטון אין וועג אריין; יעסטא האָט נישט גענומען די לייצעס אין די הענט. ער איז געזעסן מיטן פּנים אויף הינטן צום שליטן און זיך אומגעקוקט צום הויז־צו. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעלענט אויפן רוקן פונם שליטן און געוויינט, ווי א פארצווייפלטער.

— איך האָב פארמאָגט דאָס גליק און עס אוועקגעיאָגט פון זיך! איך אליין האָב עס פון זיך אוועקגעיאָגט! פארוואָס האָב איך זי נישט באהאלטן פאר זיך?!

אך, יעסטא בערלינג! די שטארקסטער און צוגלייך שוואכסטער צווישן די מענטשן!

.7

## כאטשוטשא*)

שלאכט-פֿערד, שלאכט-פֿערד! דו זקן, וואָס שטייסט איצט געפּעגטעט אויפֿן פּאשע-פֿעלד, צי געדענקסטו דיין יוגנט?

צי געדענקסטו, דו מוטיקער, דעם טאָג פֿון קאמף? דו ביזט געלאָפֿן פֿאָראויס, ווי דו וואָלסט געטראָגן געוואָרן פֿון פֿליגלען, דיין גריווע האָט איבער דיין קאָפּ געווייעט ווי פֿלאטערנדיקע פֿלאמען, אויף דיין שווארצער ברוסט האָבן פֿלעקן פֿון בלוט געגלאנצט צווישן געדיכטן שוים. בייסנדיק די גאָלדענע צוים, ביזטו געלאָפֿן כסדר פֿאָרווערטס, און דער באָדן האָט זיך געטרייסלט אונטער דיינע קאָפּיטעס! אָ, דו מוטיקער, ווי דו האָסט עס דעמאָלסט געציטערט פֿון פֿרייד! און ווי שיין דו ביזט געווען!

— — — — — — — — — — — — — —

אין דעם קאוואלערן-פֿליגל פֿון עקעביצער פּאלאץ הערשט איצט גרויער בין-השמשות. ביי די ווענט פֿון דער גרויסער שטוב שטייען די קאַוואַלערנס רויטע קעסטלעך, און זייערע יום-טובדיקע מלבושים הענגען אויף האקעס אין א ווינקל. די שיין פּונם פּייער אינם אָפּענעם קאמין שפּילט זיך אויף די געקאלעכטע ווענט און אויף די געלע, געקעסטלטע גארדינען,

---

*) א שפּאנישער טאנץ. מ. פּ.

וועלכע פארשטעלן די אלקערלעך, וואָס ביי די ווענט. אָ, ניין, דער קאוואלערן-פליגל איז נישט קיין קיניגלעכער זאַל, נישט קיין הארעם מיט געבעטע סאָפעס און ווייכע קישנס!

אָבער דאָרט אינעווייניק הערט מען ליליעקרונאַס פידל: קאַטשוטשאַ שפּילט ער אין בין-השמשות, נאָכאמאָל שפּילט ער עס. ער חזרט עס כסדר איבער.

אך, שנייד איבער די סטרונעס, צעברעך דעם סמיטשיק!

פארוואָס שפּילט ער דוקא דעם דאָזיקן פארשאָלטענעם טאנץ?

פארוואָס שפּילט ער עס גראָד איצט, בשעת ערנעקלו, דער אונטעראָפיציר, ליגט אין רעוומאטישע יסורים, אזעלכע שווערע, אז ער קאָן זיך נישט א ריר-טון אין בעט? ניין, רייס אים ארויס דעם פידל און טו אים א שליידער אין דער וואנט, — אויב ער וויל נאָך אלץ נישט אויפהערן!

אָ, מייסטער, צי איז דען קאטשוטשא פאר אונז? צי זאָל עס דען געטאנצט ווערן איבער די שאָקלדיקע ברעטער פון דער פּאָדלאָגע אינם קאוואלערן-פליגל, צווישן זיינע ענגע ד׳ אמות, שווארצע פון רויך און פעטע פון שמוץ, אונטער דער דאָזיקער נידריקער פארהוֹשכטער סטעליע? ווי איז צו דיר, וואָס דו האָסט א הארץ אזוי צו שפּילן!

איז דען קאטשוטשא פאר אונז, פאר אונז קאוואלערן? אין דרויסן וואָיעט דאָך דער שטורם; צי ווילסטו לערנען די שניי-פעדערלעך טאנצן לויטן טאקט פון דיין סמיטשיק? אָדער שפּילסטו פאר די לייכט-פיסיקע קינדער פון דעם זאווערוכע-מלך?

צי האָסטו דאָ פרויען-קערפּער, וואָס ציטערן פון שנעלן לויף פון הייסן בלוט, קליינע פארסאזשעטע הענטלעך, וואָס האָבן נאָר-וואָס אוועקגעשטעלט דעם טאָפּ, כדי צו נעמען די קאסטאניעטן אין האנט, באָרוויסע פיס אונטער הויך-פארשארצטע קליידלעך, א הויף באלייגט מיט ווייסן מארמאָר, ציגיינער, וואָס זיצן איינגעהויקערטע אויף דר׳ערד מיט זייערע פייפלעך און פייקלעך, מאוריטאנישע ארקאדן, לבנה-שיין און שווארצע

אויגן... צי האָסטו דען, מייסטער, דאָס אַלץ דאָ ביי אונז? ווען נישט טאָ קאָנסטו לאָזן דעם פידל רוען!

די קאוואלערן טרוקענען זייערע נאסע מלבושים ביים קאמין. צי ווען זיי דען איצט מאכן א טענצל אין זייערע הויכע שטיוול מיט אייזערנע פּאָדקאָוועס און זוילן פון א צאָל די גרעבּ? א גאנצן טאָג זענען זיי ארומגעקראָכן אין הויכן שניי, כדי צוצוקומען צו דער בערן-נאָרע. גלייבסטו דען, אז זיי וועלן איצט טאנצן אין נאסע, קויטיקע מלבושים, מיטן האָריקן בער אלס מיט-טענצער?

אָ, מייסטער, צי האָסטו דען פאר אונז אן אויסגעשטע-רענטן הימל, רויטע רויזן אין טונקעלע פּרויען-האָר, פאר-שיכּורנדיקע היץ פון אוונט-לופט, נישט געקינצלטע פּלאסטיק פון באוועגונגען, און ליבע וואָס שפּראָצט-ארויס פון דער ערד, רעגנט אראָפּ פון הימל און שוועבט ארום אין דער לופט? צי האָסטו דאָס אלץ, מייסטער? ווען נישט, טאָ צו וואָס צווינגסטו אונז צו בענקען נאָך די אלע זאכן?

אָ, דו גרעסטער אכזר צווישן מענטשן! פאר א געפּענ-טענטן שלאכט-פערד גיסטו סיגנאלן צום קאמף? רוטגער פאָן ערנעקלו ליגט אין בעט, צוגעשמידט פון רעוומאטישע יסורים. לאָז אים אויסמיידן דעם שמערץ פון צערטלעכע דערינערונ-גען, מייסטער! ער האָט אויך אמאָל געטראָגן א „סאָמבּרעראָ״ און א קאָלירטע האַר-נעץ, ער האָט אויך אמאָל געהאט א סאמעטן רעקל און א שטילעט ביים גארטל. שאנעווע זשע, מייסטער, דעם אלטן ערנעקלו!

אָבער ליליעקרונאַ שפּילט קאטשוטשא, ווידער און ווידער און ערנעקלו ווערט געפּלאָגט, ווי א פארליבטער, וועלכער זעט א שוואלב פליען צו דער ווייטער וואוינונג פון זיין געליבטער, ווי א דורשטיקער הירש, וואָס ווערט פון יאגד-הינט געיאָגט פארביי א דערפרישנדיקן קוואל אין וואלד.

ליליעקרונאַ נעמט אויף א ווײַלע אוועק דעם פידל פון דער גאָמבע און פרעגט:

— צי געדענקט דער אונטעראָפיציר די פריילין ראָזאַליע פאָן בערגער?

ערנעקלו האָט פּלוצלינג ארויסגעלאָזט א שארפע קללה:
צי ער געדענקט זי!...

— זי איז געווען לייכט ווי א ליכט-פלעמל. זי האָט געפינקלט ווי דער דימענט, וואָס אויפן שפּיץ פון סמיטשיק. דער אונטעראָפיציר געדענקט זי נאָך מסתמא פונ'ם טעאטער אין קארלשטאַד, וואָס נישט?... מיר האָבן זי געזעען, בעת מיר זענען נאָך געווען יונג... געדענקט דער אונטעראָפיציר?...

צי דער אונטעראָפיציר געדענקט! זי איז געווען א קליינע און א פלינקע, א שפּרינגענדיקע און א ברענענדיקע. זי האָט שוין איינמאָל געקאָנט טאנצן קאטשוטשא. זי האָט אלע יונגעלייט פון קארלשטאַד אויסגעלערנט טאנצן קאטשוטשא און אויך קלאפּן מיט די קאסטאניעטן. אויפן באל ביים וואָיעוואָדע האָבן זיי געטאנצט א דועט, דער אונטעראָפיציר און די פריילין פאָן בערגער, קאָסטיומירטע ווי שפּאניער. — — —

און ער האָט געטאנצט, טאקע אזוי ווי מען טאנצט אונטער די פייגנביימער און פלאטאנען... ווי א שפּאניער, ווי אן אמתדיקער שפּאניער!...

קיינער אין גאנץ ווערמלאנד האָט נישט געטאנצט קאטשוטשא אזוי ווי ער. קיינער האָט עס נישט געקאָנט טאנצן אזוי, אז ס'זאָל כדאי זיין צו רעדן וועגן דעם, קיינער חוץ אים.

ס'ארא קאוואלער ווערמלאנד האָט עס פארלוירן, ווען דער ארטרעטיזם האָט שטייף געמאכט זיינע פיס און גרויסע ביילן זענען אים אָנגעוואקסן אויף זיי! ס'ארא קאוואלער ער איז געווען! אזוי שלאנק, אזוי שיין, אזוי ריטערלעך! „דער שיינער ערנעקלו". — אזוי האָבן אים די מיידלעך גערופן, וועלכע וואָלטן זיך איינע די אנדערע דורס געווען צוליב א טאנץ מיט אים.

ליליעקרונא הייבט ווידער אָן שפּילן קאטשוטשא, און

ערנעקלו ווערט אין דמיון אוועקגעפירט צוריק צו די אלטע צייטן.

אָט-אָ דאָ שטייט ער, און דאָרט שטייט זי, — ראָזאליע פאָן בערגער, זיי זענען נאָר-וואָס געווען אליין אין דער גאר-דעראָבע. זי איז געווען א שפאניערין, און ער א שפאניער. זי האָט אים דערלויבט ער זאָל זי קושן, אָבער פאָרזיכטיק, ווייל זי האָט זיך געמוזט היטן פאר זיינע אָנגעשווארצטע וואָנסעס. איצט טאנצן זיי, פונקט אזוי ווי מען טאנצט אונטער פייגנ-ביימער און פלאטאנען! זי רוקט זיך אָפּ, ער גייט איר נאָך, ער ווערט דרייסט, זי — שטאָלץ, ער — באליידיקט, זי — גרייט זיך איבערצובעטן... ווען ער פאלט לסוף אנידער אויף די קני און נעמט זי אויף אין זיינע אויסגעשפרייטע אָרעמס, רייסט זיך א טיפער זיפץ אדורך איבערן באל-זאל, — א זיפץ פון אנטציקונג.

ער האָט זיך טאקע אויפגעפירט ווי א שפאניער, ווי אן אמתדיקער שפאניער! — — —

אָט פונקט ביים דאָזיקן צי מיטן סמיטשיק האָט ער זיך א ביינ-געטון אזוי, אויפגעהויבן די הענט אזוי, און ארויסגע-שטעלט א פוס, כדי ארומצושוועבן אויף די שפיץ-פינגער. סארא גראציעזקייט!... מען וואָלט אים פשוט געמעגט נעמען אלס מאָדעל אויסצוהאקן פון מארמאָר!

ער ווייסט אליין נישט ווי ארום דאָס איז געשען, נאָר ער האָט ארויסבאקומען דעם פוס איבערן קאנט פון בעט, ער שטייט שוין גלייך, אויפגעשטעלט, ער בייגט זיך איין, ער הייבט-אויף די הענט, קנאקט מיט די פינגער ווי ער וואָלט געהאלטן קאסטאניעטן אין האנט, און וויל זיך אוועקלאָזן איבער דער פאָדלאָגע, ווי אמאָל, בשעת ער האָט געטראָגן אזעלכע ענגע לאקירטע שיך, אז ער האָט געמוזט אונעקשניי-דן די סטאָפּעס פון די זאָקן.

— בראוואָ, ערנעקלו! בראוואָ לילייעקרונא!

דער פוס זאָגט זיך אָבער אָפּ צו דינען; ער קאָן זיך נישט שטעלן אויף די שפיץ-פינגער, ער טוט בלויז א פאָר

מאָל א שטויס מיטן פוס, און פאלט צוריק אנידער אויפן בעט.

אך, שיינער סעניאָר, איר זענט געוואָרן אלט!

און די סעניאָריטע אפשר אויך?!

בלויז אונטער די פלאטאנען-ביימער פון גרענאדע ווערט קאטשוטשא געטאנצט פון אייביק יונגע „גיטאנאָס",*) אייביק יונגע, אזוי ווי די רויזן, ווייל יעדעס יאָר קומט מיט זיינע נייע קנאָספּן.

און אפשר איז שוין צייט איבערצושניידן די סטרונעס פון דעם פידל?

אָ ניין, ניין, שפיל ליליעקרונא! שפיל קאטשוטשא, תמיד קאטשוטשא!

לערן אונז דעם גרויסן אמת, אז כאָטש מיר האבן אינם קאוואלערן-פליגל באקומען שווערע גופים און שטייפע אברים, זענען מיר אין הארצן תמיד די זעלבע, תמיד שפאניער! — —

שלאכט-פערד, שלאכט-פערד!

זאָג, אז דו האָסט ליב דאָס שאלן פונם טרומפייט, וואָס פארנארט דיך אויף א גאלאָפּ, אויב אפילו דו צעבלוטיקסט זיך דעם פוס ביים פרווו ארויסצושלעפן אים פון די אייזערנע פענטעס!

---

*) גיטאנאָס (שפאניש) ציגיינער, שלעפער     פ. ש.

# דער באַל אין עקעבי

אָ, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן!

צו רעדן וועגן אייך איז פונקט ווי צו רעדן וועגן מלכות השמים: הוילע שיינקייט זענט איר געווען, הוילע ליכ־טיקייט; אייביק יונגע, אייביק צאַרטע און מילדע ווי די אויגן פון א מאמע, בשעת זי קוקט אויף איר קינד. ווייכינקע ווי יונגע וועוווריקלעך זענט איר געהאנגען ארום האלז פונם מאן, קיינמאָל האָט אייער קויל נישט געציטערט פון כעס, קיינמאָל האָט זיך אייער שטערן נישט געלייגט אין צאָרנדיקע קנייטשן, אייער ווייכע האנט איז קיינמאָל נישט געוואָרן הארט. אָ, איר חנעוודיקע, הייליקע! ווי אויסגעצירטע סטאַטועס זענט איר געשטאנען אין טעמפל פון דער ווארימער היים, ווי־רויך און תפילות האָט מען מקריב געווען צו אייך, דורך אייך האָט די ליבע אויסגעפירט אירע נסים, און איבער אייער קאָפּ האָט געלויכטן דער גאָלדענער אָרעאָל פון פּאָעזיע.

אָ, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן, הערט אָקאָרשט ווי איך וועל אייך דאָ דערציילן, ווי אזוי נאָך איינע פון אייער חנעוודיקע מחנה האָט יעסטא בערלינגן געשאָנקען איר ליבע.

— — — — — — — — — — — —

פערצן טעג נאָך דעם באַל אין גרעפישן פּאַלאַץ באָרג, איז אין עקעבי געפּראוועט געוואָרן א שמחה.

אָ, סאַרא שמחה דאָס איז געווען! אלטע מאנסלייט און

פזרויען פלעגן אויפסניי יונג ווערן, לאבן און זיך פרייען, ווען יי האָבן נאָר געשמועסט וועגן איר.

די קאוואלערן זענען דעמאָלסט געווען די איינציקע באלעבאטים איבער עקעבי, ווייל די מאיאָרין איז צו יענער צייט ארומגעגאנגען איבערן לאגד מיט א בעטלער-זעקל אויפן רוקן און א וואנדער-שטעקן אין האנט. דער מאיאָר זאמצעליוס, האָט געוואוינט אין זיין אייגענעם פאָלווארק זשעי. ער האָט אפילו נישט געקאָנט בייוואוינען די דאָזיקע שמחה, מחמת אין זשעי איז גראָד דעמאָלסט אויסגעבראָכן די פּאָקן-מגפה, און ער האָט מורא געהאט זיך צורירן פון דאָרט, כדי ער זאָל נישט אמאָל ערגעץ אנדערשוואו פארשלעפן דאָס דאָזיקע שרעקלעכע חלאת.

סארא שפע ס׳האָט זיך דאָרט אלץ נישט געפונען אין משך פון די דאָזיקע מתיקותדיקע צוועלף שעה, אָנהייבנדיק מיטן קנאל פון קאָרק פון דער ערשטער פלאש וויין בשעתן מיטאָג, און ביז צום לעצטן צי מיטן סמיטשיק, שוין א שטיק נאָך האלבער נאכט! אראָפּגעזונקען אין תהום פון דער צייט זענען זיי, — די דאָזיקע מיט א דיאדעם פון פרייד באקריינטע שעהן, צעפלאמטע פונם שטארקסטן וויין, פון די פיינסטע שפייזן, פארכשופטע פון דער הערלעכסטער מוזיק, פון די וויציקסטע פיעסעס, פון די שענסטע לעבעדיקע בילדער. אראָפּגעזונקען זענען זיי ערגעץ, פארשיכורטע פון א משוגע-ווילדן טאנץ. וואָרום וואו נאָך וועט איר געפינען אזעלכע גלאטיקע פאָדלאָגעס, אזעלכע העפלעכע קאוואלערן, און אזעלכע שיינע פרויען?

אָ, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן, איר האָט אייך, בנאמנות, גוט פארשטאנען דערויף, ווי אזוי צו באשיינען א שמחה! שטראָמען פון פייער, פון זשעני און יוגנט-קראפט האָבן פארפלייצט יעדן איינציקן, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו אייך. און ס׳האָט, כ׳לעבן, צוליב אייך געלוינט צו פארשווענדן דאָס גאָלד אויף די וואקסענע ליכט, וואָס האָבן געזאָלט באלייכטן אייער שיינקייט און אויף דעם וויין, וואָס

האָט געבווירן די פריילעכקייט אין איירע הערצער; ס'האָט צוליב אייך געלוינט צו צערייבן די זוילן אויף שטויב בשעתן טאנצן און ביז מאכטלאָזיקייט איינצומידן די האנט, וואָס האָט געפירט דעם סמיטשיק.

אָ, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן, איר זענט געווען די, וועלכע האָבן פארמאָגט דעם שליסל צום טויער פון גן-עדן.

— — — — — — — — — — — —

די זאלן פון עקעבי ווימלען פון די חנעוודיקסטע פון אייער חנעוודיקער מחנה. דאָרטן איז פאראן די יונגע גרעפין עליזאבעט דאָנא,— א שפרינגנדיקע, א פריילעכע און א לוסטיקע צו כלערליי שפילערייען און טענץ, ווי עס פאסט זיך פאר אירע צוואנציק יאָר. דאָרטן זענען פאראן דעם מונקערודער ריכטערס שיינע טעכטער, ווי אויך די פריילעכע מיידלעך פון בערגאַ, און דאָרטן איז אויך פאראן די פריילין אננא שערנ-העק,— טויזנט מאָל שענער אין איר מילדער טרויעריקייט, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף איר פנים זינט יענע נאכט, ווען זי איז פארפאָלגט געוואָרן דורך די וועלף. דאָרטן זענען נאָך פאראן א סך, אָ, זייער א סך שיינע, הערלעכע פרויען, וועלכע זענען אפילו ביי היינטיקן טאָג נאָך נישט פארגעסן געוואָרן, אָבער זיי וועלן עס שוין באלד ווערן; חוץ דעם געפינט זיך דאָרטן אויך די בארימטע שיינהייט מאריאננע סינקלער.

צום דאָזיקן באל, וואס די קאוואלערן האָבן איינגעאָר-דענט אין עקעבי האָט באוויליקט צו קומען די וועלט-בארימטע שיינהייט, וועלכע האָט געשטראלט אין קיניגלעכע הויפן און געוואָרפן איר גלאנץ איבער גרעפישע שלעסער, די אויסדער-וויילטע מלכּה פון שיינקייט, וועלכע איז ארומגעפאָרן איבערן גאנצן לאנד און אומעטום געוואָרן פארערט, און וואו זי זאָל זיך נישט האָבן געוויזן האָט זי אָנגעצינדן דעם פונק פון ליבע— זי איז געקומען נעמען אן אנטייל אין דער שמחה פון די קאוואלערן.

צו יענע צייטן האָט הויך געשטראלט דער כבוד פון

ווערמלאנד,— געטראָגן פון אַ סך שטאָלצע נעמען; די פריילעכע קינדער פונם דאָזיקן שיינעם לאַנד זענען טאַקע שטאָלץ געווען דערמיט, און בשעת זיי האָבן דערמאָנט די הערלעכע נעמען, האָבן זיי קיינמאָל נישט פארגעסן אויך דעם נאָמען פון מאריאַנע סינקלער.

איבערן גאַנצן לאַנד האָט געקלונגען דער רום פון אירע נצחונות. מען האָט דערציילט וועגן די גרעפישע קרוינען, וואָס האָבן געשוועבט איבער איר קאָפּ, וועגן די שווערע מיליאָנען, וואָס זענען אוועקגעלייגט געוואָרן צו אירע פיס, וועגן די שווערדן פון גרויסע קריגס-לייט און די לאָרבער-קרענץ פון רומפולע דיכטער, וואָס זענען איר אָנגעבאָטן געוואָרן.

און נישט בלויז שיינקייט האָט זי פארמאָגט. זי איז געווען גייסטרייך און געבילדעט, די גרעסטע חכמים פון יענער צייט האָבן זיך געפרייט צו האָבן אַ שמועס מיט איר. אליין האָט זי גאָרנישט פארפאסט, אָבער אַ סך פון אירע אידייען, וואָס זי האָט אריינגעלייגט אין די נשמות פון אירע דיכטער-פריינט, האָבן שפּעטער אויפגעלעבט אין זייערע לידער און פּאָעזיע.

אָבער אין ווערמלאַנד, אינם לאַנד פון ווילדע בערן, האָט זי זיך זעלטן וועגן אויפגעהאלטן. דעם גרעסטן טייל פון איר לעבן האָט זי פארבראַכט אויף רייזעס. איר פּאָטער, דער רייכער פּריץ מעלכיאָר סינקלער, איז צוזאַמען מיט זיין ווייב געזעסן אין דערהיים, אין זיין פּרעכטיקן הויף ביערנע, און מאריאַננען האָט ער געלאָזט פאָרן צו אירע חשובע פריינט אין די גרויסער שטעט אָדער אין די גרויס-מאגנאטישע הויפן. ער האָט געהאט הנאה צו דערציילן וועגן דעם ממון מיט געלט, וואָס זי האָט פארשווענדעט, און די ביידע אלטע לייט האָבן זיך געוואַרמט אין די שטראַלן פון דער טאָכטערס רום. איר גאַנץ לעבן איז געווען אַ קייט פון פארגעניגנס און פארערונג. די לופט ארום איר איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ליבע, ליבע איז געווען איר ליכט, ליבע איז געווען איר טעגלעך ברויט.

אָפּט, זייער אָפּט האָט זי אליין אויך געליבט, אבער די דאָזיקע ליבע-פייערלעך האָבן קיינמאָל נישט געדויערט אזוי לאנג, אויף אויסצושמידן די קייטן, וואָס בינדן אויפן גאנצן לעבן.

— איך ווארט אויף איר, אויף דער שטארקער באצווינגערין, פלעגט זי זאָגן וועגן דער ליבע. ביז איצט איז זי נאָך אלץ נישט אריבער די שלאָס-וואלן נישט אריבער דעם גראָבן פאר דער פעסטונג. צו פיל געצוימט איז זי ביז איצטער געקומען צו מיר, אן ווילדקייט אינם בליק און אָן שגעון אין הארצן. איך ווארט אויף דער מעכטיקער ליבע, וואָס וועט בכוח זיין מיך אוועקצורייסן פון מיר אליין. אזוי שטארק וויל איך אין מיר פילן די ליבע, אז איך זאָל פארציטערט ווערן פאר איר מאכט; ביז איצט האָב איך אָבער געפילט נאָר די ליבע, פון וועלכע מיין שכל לאכט-אָפּ — — —

איר אנוועזנהייט האָט תמיד צוגעגעבן היץ דעם שמועס, און לעבעדיקייט דעם וויין. איר פלאמענדיקע נשמה האָט אונטערגעיאָגט די סמיטשיקעס, און דער טאנץ האָט מיט פיל מער פארשיכורטקייט און רייץ געשוועבט איבער די גלאטיקע ברעטער, וועלכע זי האָט באטראָטן מיט איר שמאָלן פיסל. זי האָט געשטראלט אין די לעבעדיקע בילדער, זי האָט זיי צוגעגעבן גייסט, אירע שיינע ליפּן...

שא, שטיל! דאָס איז נישט איר שולד געווען, דאָס איר נישט געווען איר כונה! אָ, ניין... שולדיק איז געווען דער באלקאָן, די לבנה-שיין, דער שפּיצן-שלייער, דאָס ריטער-מלבוש, דאָס געזאנג! די יונגע מענטשן זענען דאָ אינגאנצן געווען אומשולדיק.

דאָס אלץ וואָס האָט דערפירט צו אזוי פיל אומגליק, איז אלנפאלס געטון געוואָרן מיט א גוטער כונה. דער פאטראָן יוליוס, וועלכער איז א מומחה אין אלץ, האָט איינגעאָרדנט א לעבעדיקן-בילד ספּעציעל פאר מאריאננעסוועגן, כדי זי זאָל אין פולן גלאנץ און פראכט קאָנען שטראלן מיטן כשופדיקן רייץ פון איר שיינקייט.

אין טעאטער, וואָס איז געווען איינגעריכטעט אינם גרויסן סאַלאָן, זענען די איבער הונדערט געסט געזעסן און געקוקט אויף דער סצענע, וואו די געלע לבנה פון שפּאַניען האָט געוואנדערט איבער א פינסטערן נאכט־הימל. א דאָן־זשואן האָט זיך בגנבה געשארט איבער א גאס אין סעווילאַ און גע־בליבן שטיין ביי א באלקאָן, וואָס איז געווען באוואָקסן מיט בליושטש. דער נאכט־וואנדערער איז געווען פארשטעלט אלס מאָנאך, אָבער דאָך האָט מען ארויסגעזעען א געהאָפטענעם מאנזשעט פונם ארבל, און א בלאנקנדיקער שפּיץ פון א שפּאדע האָט ארויסגעקוקט פון אונטערן מאנטל.

דער פארשטעלטער האָט אויפגעהויבן זיין קול און געזונגען:

— נישט דער ריח פון וויין, אזוי זיס און איידל,
און נישט אפילו דער קוש פון א מיידל
לאָקערן מיך, אָ ניין!
אַ מאָנאך בין איך, א פארליבטער אין גאָטס מוטער,
און פונם יצר־הרע בין איך שוין היינט פּטור,
איך דאוון און זאָג אָמן!

— אַלזאָ, כאָטש ס׳איז פאַר ליבע גינסטיק די נאכט,
אָ, סעניאָרא, האָב איך וועגן דיר נישט געטראכט,
און זאָלסט מיר אקעגן נישט גיין!
א מאָנאך בין איך, אַ פאַרערער פון גאָטס מוטער
און פאר דיר איז מיין הארץ נישט קיין בולקע מיט פּוטער,
ווייל ס׳איז הארט ווי א שטיין!

ווען ער איז אנטשוויגן געוואָרן, איז מאריאננע ארויס־געקומען אויפן באלקאָן, געקליידעט אין שווארצן סאמעט, מיט א שפּיצן־שלייער. זי האָט זיך אָנגעשפּארט אָן דעם אָנלען פון באלקאָן און אָנגעהויבן לאנגזאם און איראָניש צו זינגען:

צוליב וואָס דאן ווארטן ביי מיין באלקאָן,
אין חצות, אָ, פרומער מאן?
זאָגט, צי בעט איר פאר מיין זעל?

אָבער גלייך האָט זי טעמפּעראמענטפול און ראַש צו-געגעבן:

— ניין, אנטלויף, דאָ עמיצער אָנקומען קאָן,
דיין שפּאדע קוקט אַפּער אַזוי לאנג.
און מען הערט, טראָג דיין הייליקן געזאנג,
ווי די שפּאָרן קלינגען העל!

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט דער מאָנאך פון זיך אראָפּגעוואָרפן זיין פארקליידונג, און יעסטא בערלינג איז גע-בליבן שטיין אין א ריטער-מלבוש פון זייד און גאָלד. ער האָט נישט געלייגט קיין אכט אויף דער וואָרנונג פון דער שיינער סעניאָרע, ער האָט ארויפגעקלעטערט אויף איינעם פון די באלקאָן-סלופּעס און זיך פלינק אריבערגעוואָרפן איבער דער באליוסטראדע, און לויט ווי א פּאטראָן יוליוס האָט עס איינ-שטודירט מיט אים, איז ער געפאלן צו די פיס פון דער ריי-צענד שיינער מאריאננע.

זי האָט געשמייכלט צו אים מיט גרויס חן בשעת זי האט אים דערלאנגט די האנט צום קושן; און בשעת דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך קעגנזייטיק באטראכט, — פּארזונקען אין זייער ליבע — איז דער פאָרהאנג פאמעלעך געפאלן.

פאר איר איז געלעגן דער קאוואלער פון קאוואלערן, יעסטא בערלינג, מיט א פּנים אזוי צארט ווי פון א פּאָעט, און שטרענג ווי פון א פעלד-מארשאל. ער האָט ארויפגעקוקט צו איר מיט א פּאָר טיפע אויגן, וואָס האָבן געגלאנצט פון שעלמישקייט און גייסט, וואָס האָבן געבעטלט און גלייכצייטיק געפאָדערט! ער איז געווען פלינק און קראפטפול, — א פלא-מענדיקער און באצויבערנדיקער מאן.

בשעת דער פאָרהאנג איז געגאנגען ארויף און אראָפּ, זענען די צוויי יונגע העלדישע מענטשן נאָך אלץ געשטאנען אין דער זעלביקער פּאָזע. יעסטאס אויגן האָבן צו זיך צוגע-שמידט די שיינע מאריאננע, זיי האָבן געבעטלט, זיי האָבן אָבער אויך געפאָדערט.

לסוף האָבן די אפּלאָדיסמענטן אויפגעהערט, דער פאָר-

האנג איז פארבליבן אראָפּגעלאָזן און קיינער האָט זיי נישט געזעען.

דאן האָט זיך די שיינע מאריאננע פלוצלינג אראָפּגע-בויגן און געקושט יעסטאן. זי האָט אליין נישט געוואוסט, פארוואָס זי טוט עס. זי האָט בלויז געפילט, אז זי מוז. ער האָט אויסגעשטרעקט זיינע הענט און ארומגענומען איר קאָפּ און זי פעסט צוגעהאלטן; און זי — זי האָט אים כסדר געקושט!

שולדיק איז אלזאָ געווען דער באלקאָן, די לבנה-שיין, דער שפּיצן-שלייער, דער ריטער-לבוש, דאָס געזאנג און די אפּלאָדיסמענטן, — מיט איין וואָרט, אלץ, אָבער נישט די יונגע מענטשן-קינדער, — זיי זענען גאָר אומשולדיק געווען. זיי האָבן דאָס אָסור נישט בדעה געהאט צו טון. זי האָט דאָך נישט אוועקגעשטופּט צוליב יעסטאן די גרעפישע קרוינען, וואָס האָבן געשוועבט איבער איר קאָפּ, און נישט פארבייגע-גאנגען די מיליאָנען, וואָס מען האָט אוועקגעלייגט פאר אירע פיס; און ער האָט אויך נישט געהאט פארגעסן אן אננא שערנהעק. ניין, זיי זענען זיכער נישט געווען שולדיק: קיי-נער פון זיי ביידע האָט עס נישט געטון בכיון.

דער מילדער לעיווענבאָרג, — ער, מיט דער תמידיקער טרער אין אויג און דעם גוטמוטיקן שמייכל אויף די ליפּן, איז עס אין יענעם טאָג געווען דער פאָרהאנג-ציער. פארטון אין די פיל זכרונות פון זיינע צערפּולטע איבערלעבונגען, האָט ער ווינציק-וואָס באמערקט, וואָס ארום טוט זיך און קיינמאָל נישט געוואוסט, ווי אזוי זיך נוהג צו זיין. און דעריבער, בשעת ער האָט איצט דערזעען, אז יעסטאַ און מאריאננע האָבן זיך אוועקגעשטעלט אין א נייער פּאָזע, האָט ער גע-מיינט, אז דאָס געהער אויך צום בילד. האָט ער אָנגעהויבן ציען די שטריק פונם פאָרהאנג.

דאָס יונגע פּאָרל האָט גאָרנישט באמערקט, — ביז ס׳האָט נישט אויפסנייי א דונער-געטון פון אפּלאָדיסמענטן.

מאריאננע איז פארציטערט געוואָרן און געוואָלט אנט-לויפן, אָבער יעסטא האָט זי פעסט צוגעהאלטן און איר צו-געשושקעט:

— שטיי רואיק, וועלן זיי מיינען, אז דאָס געהערט אויך צום בילד!

ער האָט געפּילט, ווי איר קערפּער שוידערט פון שרעק און ווי דאָס פייער פון די קושן איז פארלאָשן געוואָרן אויף אירע ליפּן.

— שרעק זיך נישט! האָט ער צו איר כסדר געשעפּטשעט: שיינע ליפּן מעגן קושן!

זיי האָבן געמוזט בלייבן שטיין אין דער זעלבער פּאָזע, בשעת דער פאָרהאנג איז כסדר געגאנגען ארויף און אראָפּ און יעדעס מאָל, וואָס די הונדערט פּאָר אויגן האָבן זיי דער־זען, האָבן פונקט אזוי פיל הענט שטורמיש אפּלאָדירט.

עס איז שיין צו זען, ווי צוויי הערלעכע יונגע מענטשן געבן א פאָרשטעלונג פון גליק, פון ליבע. קיינעם פון די צו־קוקער האָט נישט געקאָנט איינפאלן, אז די דאָזיקע קושן זע־נען געווען עפּעס אנדערש ווי בלויז טעאטער־פארבלענדעניש, קיינער האָט קיין אנונג נישט געהאט, אז די סעניאָרא האָט געפלאמט פון בושה, און אז דער ריטער האָט געציטערט פון אומרו. אלע זענען געווען זיכער, אז דאָס האָט געהערט צום בילד.

ענדלעך האָבן זיי זיך געפונען הינטער דער סצענע.

מאריאננע האָט זיך אוועקגעשארט די האָר פון שטערן און מיט א זיפץ געזאָגט:

— איך פארשטיי זיך אליין נישט!

— פע, א חרפּה, פרייליין מאריאננע, האָט ער געזאָגט מיט א גרימאסע און מיט די הענט געמאכט א זשעסט פון ווי־דערווילן, סארא געשמאק איז דאָס צו קושן יעסטא בערלינגן? פע, א חרפּה!

מאריאננע האָט נישט ווילנדיק געמוזט לאכן.

— יעדער איינער ווייסט דאָך, אז קעגן יעסטא בער־לינגן קאָן קיינער נישט ביישטיין. מיין פעלער איז דעריבער נישט גרעסער, ווי דער פעלער פון אנדערע מיידלעך.

זיי האָבן באשלאָסן צו מאכן א גוטע מינע, בשעת זיי

וועלן ארויסקומען אין זאל, כדי די זאך זאָל קיינעם נישט פאָרקומען פארדעכטיק.

— צי קאָן איך דען זיכער זיין, אז דער אמת וועט קיינמאָל נישט ארויסקומען, העד יעסטאַ? האָט זי געפרעגט.

— יאָ, דאָס קאָנט איר זיכער זיין, פריילין מאריאננע, האָט ער געענטפערט, די קאוואלערן וועלן שווייגן, פאר זיי בין איך ערב!

זי האָט ארויפגעלאָזט די אויגן, און א מערקווירדיק שמייכעלע האָט געשוועבט אויף אירע ליפּן.

— אויב דער אמת וועט פאָרט ארויסקומען, וואָס וועלן דאן די מענטשן דענקען וועגן מיר, הער יעסטא?

— זיי וועלן גאָרנישט דענקען. זיי זענען אלע זיכער, אז דאָס האָט נישט געהאט קיין שום באזונדערן באדייט, זיי מיינען, אז מיר זענען אריין אין דער ראָל אלס פארליבטע און פאָרטגעזעצט דאָס שפּילן.

נאָך איין פראגע האָט זיך אפּערגעשארט פון אונטער די ארויפגעלאָזטע אויגן און זיך ארויפגעגליטשט איבער די ליפּן, וואָס דאָבן נאָך געשמייכלט ווי פריער.

— אָבער, הער יעסטא אליין? וואָס טראכט הער יעסטע וועגן דעם?

— איך טראכט, אז פריילין מאריאננע איז פארליבט אין מיר, האָט ער אין שפּאס געענטפערט.

— איר זאָלט נישט טראכטן אזוי! האָט זי אים אויך אָפּגעענטפערט מיט א שמייכל, ווייל דאן וואָלט איך הער יעסטאן געמוזט אדורכגעבערן מיטן דאָזיקן שפּאנישן שטילעט מיינעם, כדי צו געבן א באווייז, אז סאיז נישט אזוי.

— שרעקלעך טייער זענען די קושן פון פרויען, האָט יעסטא געזאָגט. צי פאר די קושן פון פריילין מאריאננע מוז מען דוקא באצאָלן מיטן לעבן?

דאן האָט אויף אים פון מאריאננעס אויגן פּלוצלינג א בליק-געטון א בליק, וואָס איז געוועזן אזוי שארף, אז ער האָט אים טאקע געפילט ווי דעם שטאָך פון א מעסער...

— איך וואָלט אייך איצט געוואָלט דאָ זען א טויטן, איר הערט, יעסטא בערלינג? א טויטן! האָט זי העפטיק אויסגערופן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן אין בלוט פונם פּאָעט אָנגעצונדן אַן אַלטע בענקשאַפט.

— אַך! האָט ער געזאָגט, הלואי וואָלטן כאָטש די דאָזיקע ווערטער געווען עפּעס מער ווי בלויז ווערטער... הלואי וואָלטן זיי געווען די בויגן-פּיילן, וואָס קומען צישנדיק פון פינסטערע געדיכטע קוסטעס... הלואי וואָלטן זיי געווען אַ שטילעט, אָדער סם, און געהאַט די מאַכט צו פּאַרטיליקן דעם דאָזיקן מגוולדיקן גוף און צוריקשענקען מיין נשמה איר פרייהייט!...

דערהערנדיק דאָס, איז זי ווידער געוואָרן רואיק, און געשמייכלט.

— סאַרא קינדעריי! האָט זי געזאָגט, און אים גענומען אונטערן אָרעם, כדי אריינצוגיין צו די געסט.

זיי האָבן נישט אויסגעטון זייערע קאָסטיומען, און זייערע טריאומפן האָבן זיך איבערגעחזרט בשעת זיי האָבן זיך באוויזן אין סאַלאָן. מען האָט זיי ממש באַשאָטן מיט לויב, און קיינער האָט נישט עפּעס חושד געווען.

דער באַל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן, אָבער יעסטא איז אַנטלאָפן פון טאַנץ-זאַל. זיין הארץ האָט אים וויי-געטון נאָך דעם בליק פון מאַריאַנגען, פּונקט ווי עס וואָלט ווירקלעך פאַרוואונדעט געוואָרן פון א שאַרפן שטאָל. אָ, יאָ, ער האָט גוט תופס געווען דעם זין פון אירע ווערטער: א חרפּה איז עס געווען אים ליב צו האָבן, א חרפּה איז עס אויך געווען געליבט צו ווערן פון אים... יאָ, א חרפּה, און טויזנט מאָל ערגער פונם טויט!...

ער האָט דעריבער באַשלאָסן שוין קיינמאָל נישט מער צו טאַנצן, ער וויל זיי שוין נישט מער אָנקוקן, די דאָזיקע שיינע פּרויען. ער האָט שוין איצט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז נישט פאַר אים האָבן די דאָזיקע שיינע אויגן געגליט און

נישט פאר אים האָבן די דאָזיקע גלאַטיקע בעקלעך זיך גע־רויטלט... אָ, ניין, נישט פאר אים האָבן די דאָזיקע לייכטע, שמאָלע פיסלעך געשוועבט אין ריטמישן טאַנץ, און נישט פאר אים האָבן די דאָזיקע שטילע, זילבערנע געלעכטערס גע־קלונגען!... נו, יאָ, טאַנצן און ראָמאַנסירן מיט אים — מהיכא תיתי, דאָס קאָנען זיי טון, אָבער קיין איינע פון זיי וואָלט נישט אויף אן אמת געוואָלט אים באַגלייטן דורכן לעבן.

דער פּאָעט איז אַריין צו די עלטערע הערן, וועלכע זענען געווען פאַרזאַמלט אין דער רויכערשטוב און פאַרנומען אן אָרט ביי איינעם פון די קאָרטן־טישלעך. גראָד האָט ער זיך אוועקגעזעצט ביים זעלבן טישל, וואו דער מגושמדיקער באַלעבאָס פון ביערנע איז געזעסן און געשפּילט אין אָקע, און אמאָל אין באַנטשאָק, און ער האָט נעבן זיך שוין געהאַט אָנגעזאַמלט א גרויסע קופּע פון זעקסערס און צוואַנציקערס.

די שפּיל איז געגאַנגען זייער הויך, און איצטער האָט יעסטא נאָך מער ברען א יינגעטראָגן אין איר. די גרינע באַנק־נאָטן האָבן געשוועבט און די געלט־קופּע איז אַלץ כסדר גע־וואַקסן פאַר דעם מגושמדיקן מעלכיאָר סינקלער.

אָבער אויך פאַר יעסטאַן האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצו־זאַמלען סיי מטבעות, סיי באַנקנאָטן, און גאָר גיך איז ער שוין געווען דער איינציקער, וועלכער האָט אויסגעהאַלטן דעם קאַמף מיטן גרויסן פריץ פון ביערנע, און באַלד איז אויך די גרויסע קופּע געלט פון מעלכיאָרן אריבערגעגאַנגען צו יעסטא בערלינגן.

— א נו, יעסטאַ! האָט דער גרויסער נגיד אויסגערופן מיט א געלעכטער, ווען ער האָט שוין פאַרשפּילט אויך דאָס, וואָס ר׳האָט געהאַט אין פּאָרטפּעל און בייטעלע, וואָס זאָל איך מיר איצ־טער גיבן פאַרא עצה? איך האָב שוין ליידיקע קעשענעס, און מיט געבאָרגט געלט שפּיל איך קיינמאָל נישט, דאָס האָב איך צוגעזאָגט מיין מוטער.

ער האָט אָבער פאָרט געפונען אן אויסוועג. ער האָט איינגעשטעלט זיין גאָלדענעם זייגער און דעם ביבער־פעלץ

און פארשפילט, דערנאָך האָט ער שוין געהאַלטן ביים שטעלן אין קאָן דאָס פערד מיטן שליטן, נאָר דער בייזוויליקער סינ־טראם האָט אים אָפּגעהאלטן.

— שטעל־איין עפּעס אזוינס, וואָס זאָל דיר ברענגען מזל! האָט אים דער פריץ פון פאָרס געראַטן. שטעלט - איין עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איבעררייסן דיין אומדערפאָלג!

— דער שוואַרץ יאָר ווייסט, וואָס איך זאָל דאָ געפונען עפּעס אזוינס!

— שטעל־זשע איין דאָס רויטע בלוט פון דיין הארצן, ברודערל מעלכיאָר, שטעל־איין דיין טאָכטער!

— דאָס מעג דער פּריץ ריזיקירן, האָט זיך יעסטא צע־לאַכט, דעם דאָזיקן געווינס וועל איך קיינמאָל נישט קאָנען אָהיימנעמען.

און אויך דער מגושמדיקער מעלכיאָר האָט אַנדערש נישט געקאָנט ווי לאַכן. הגם ער האָט נישט גערן פארטראָגן, אז זיין טאָכטערס נאָמען זאָל דערמאָנט ווערן ביי די קאָרטן־טישן, אָבער אין דעם פאל איז עס געווען אזוי משונה ווילד, אז ר׳האָט זיך גאָרנישט געקאָנט בייזערן. הם... פארשפילן מא־ריאננען צו יעסטאן, — נו, אדרבא, לאָז גיין!

— דאָס הייסט, האָט ער דערקלערט, אז אויב דו וועסט באקומען איר הסכמה, יעסטא, שטעל איך איין אויף דער דאָ־זיקער קאָרט מיין פאָטערלעכע ברכה צו אייער זיווג...

יעסטא האָט איינגעשטעלט זיין גאנץ געווינס. די שפּיל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן. און נאָכאמאָל איז די אויסגעפאלן גוט פאר אים. מעלכיאָר סינקלער האָט אויפגעהערט צו שפּי־לן און אויפגעשטאנען פון טיש. ער האָט שוין איצט באשיינ־פערלעך געזען, אז ר׳איז דעם אָוונט נישט בכּוח צו קעמפן קעגן שלימזל.

אָבער וואָס איז די מעשה, יעסטא, וואָס דאָס הארץ האָט דיר נישט אָנגעהויבן שנעלער צו קלאפּן פון דעם אלעם? צי פארשטייסטו דען נישט דעם בפירושן ווילן פון גורל? סארא באדייט האָבן, מיינסטו, געהאַט מאריאננעס קושן?

סארא באדייט האָט געהאט איר כעס? צי האָסטו דען שוין אויפגעהערט צו זיין א מבין אויף פרויען-הערצער? און נאָך דערצו דער דאָזיקער געווינס? פארשטיי-זשע דאָך שוין אמאָל, וואָס דער גורל וויל... וואָס די ליבע פאָדערט פון דיר! היידא, צו מעשים, יעסטאַ!...

אָבער יעסטא האָט דעמאָלסט לחלוטין נישט געהאט קיין חשק צו נייע דעראָבערונגען. ער האָט אין זיך געמורמלט קעגן דער אומפארמיידלעכקייט פון גורל.

— פארוואָס, האָט ער געטראכט, זעטיקט זיך די ליבע אן בלויז מיט ליבע? ער האָט גאנץ גוט געוואוסט דעם סוף פון די אלע שיינע ריידלעך. יאָ, ליבע האָט ער געקאָנט געווינען, אָבער נישט א לעבנס-באגלייטערין, אומזיסט די טרחה זיינע! — — —

די נאכט האָט זיך גערוקט אלץ ווייטער, ס'איז שוין געווען לאנג נאָך חצות. די באקן פון די שיינע פרויען האָבן אָנגעהויבן בלאס צו ווערן, די געקרייזלטע לאָקן האָבן זיך אויפגעדרייט, די שפיצן און פאלבאנעס פון זייערע קליידער זענען שוין געווען צעקנייטשט.

די אלטע דאמען האָבן זיך אויפגעהויבן פון די אָטאָ-מאנעס און דערקלערט, אז דער באל דויערט שוין איבער צוועלף שעה, איז שוין די העכסטע צייט אהיימצופאָרן.

און די הערלעכע פארוויילונג וואָלט זיך טאקע שוין באלד געווען געענדיקט, ווען נישט ליליעקרונא אליין וואָלט גענומען דעם פידל און אויפגעשפילט צו דער לעצטער פאָלקע. די פערד זענען שוין געווען געשפאנט, די עלטערע דאמען האָבן זיך שוין אָנגעטון אין זייערע פעלצן און פוטערנע הייבלעך, די עלטער הערן האָבן שוין געהאלטן בייט צושנו-רעווען די רייזע-פלעדן צו די שליטנס און פארשפילעוועט די באָטן. אָבער די יונגווארג האָבן זיך נאָך אלץ נישט גע-קאָנט אָפרייסן פונם טאנץ. מען האָט געטאנצט אין די אויבערמלבושים, מען האָט געטאנצט פארשידענע פאָלקעס, אלץליידנשאפטלעכער, ברענענדיקער. — אָ, סארא ווילד-ברויזנדיק

געטאַנצעריי; ווי נאָר א דאמע איז פארלאָזן געוואָרן פון איין קאוואלער, איז תיכף אונטערגעקומען א צווייטער, און זי מיט־געריסן מיט זיך.

און אפילו דער פארדאגהטער יעסטא בערלינג איז אויך מיטגעריסן געוואָרן פונם דאָזיקן ווילדן טאנץ־ווירבל. ער האָט געוואָלט אוועקטאנצן דעם צער און די באליידיקונג, ער האָט געוואָלט צוריק דערשפּירן אין זיין בלוט די ברויזנדיקע לע־בנס־לוסט און זיך משמח זיין אזוי גוט, ווי אלע אנדערע געסט האָבן עס געטון. און ער האָט אזוי געטאנצט, אז די ווענט פונם סאלאָן ווי אויך די געדאנקען אין זיין מוח זענען פאר אים אוועק אין א ווילדן קאראהאָד.

וואָס איז עס פארא א דאמע, וואָס ער האָט פון מיטן דער טאנצנדיקער כאָפּטע א שלעפּ־געטון צו זיך? זי איז גע־ווען אזוי גרינג און פלינק!.. און ס'האָט זיך אים געדאכט, אז עס פליסן שטראָמען פייער צווישן אים און איר, אז ס'קנאקן, בליצן פון איר צו אים און פון אים צו איר. אָ, דאָס איז דאָך געווען מאריאננע!

בשעת יעסטא האָט געטאנצט מיט מאריאננען איז שוין סינטראם געזעסן אין זיין שליטן, אונטן ביים הויפּט־אריי־גאנג, און נעבן אים איז געשטאנען מעלכיאָר סינקלער.

דער מעכטיקער פּריץ איז געוואָרן אומגעדולדיק צוליב דעם, וואָס ער האָט געדארפט ווארטן אויף מאריאננען. ער האָט געטופּעט אין שניי מיט זיינע גרויסע באָטן און געקלאפּט מיט די אָרעמס, ווייל ס'איז געווען א ברענענדיקער פראָסט.

— דו האָסט אפשר נישט געדארפט פארשפּילן מאריאננען צו יעסטאן, דו הערסט, סינקלער? האָט סינטראם געזאָגט.

— וואָס הייסט?

סינטראם האָט א פריער צורעכט געמאכט די לייצעס און אויפגעהויבן די בייטש צו א שמיץ, איידער ער האָט גע־ענטפערט:

— וואָס הייסט? — ווייל ס'האָט נישט געהערט צום לעבעדיקן בילד, דאָס קושן זיך דאָרט.

דער מגושמדיקער פריץ האָט אויפגעהויבן זיין פויסט צו א געפערלעכן קלאפּ. אָבער סינטראם האָט זיך באצייטנס אָפּ־גערוקט, און ר'איז האסטיק אוועקגעפאָרן און נישט געוואגט זיך אומצוקוקן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז מעלכיאָר סינקלער האָט א שווערע לאפּע און א קורץ געדולד.

דער באלעבאָס פון ביערנע איז ארייַנגעגאנגען אין זאל, כּדי אויפצוזוכן זיין טאָכטער. און דאן האָט ער זי דערזעען טאנצן מיט יעסטאן.

ווילד און פארשיכּורנדיק ליידנשאפטלעך איז געווען דער טאנץ. אייניקע פּאָרלעך זענען געווען בלאס אין פּנים, אנדערע ווידער פלאמענדיק רויט; שטויב איז ווי א רויך געלעגן איבערן זאל; די וואקסענע ליכט זענען שוין געווען אויסגע־ברענט און קוים נאָך געטליעט אין די אָנגעגליטע לייכטערס; און אין מיטן פון דער דאָזיקער געשפּענסטישער פארניכטונג זענען זיי ביידע — יעסטא און מאריאננע — ארומגעפלויגן איבער דער גלאטיקער פּאָדלאָגע, מלכותדיקע אין זייער אומ־דערשעפּלעכן כּוח, שיין אָן א שום פּגם, גליקלעכע פון דעם, וואָס זיי קאָנען זיך מיט לייב און נשמה אָפּגעבן דעם ווילדן ברען פונם דאָזיקן הערלעכן, בארוישנדיקן געווירבל.

מעלכיאָר סינקלער האָט א ווײַלע געקוקט אויף זיי; דערנאָך איז ער אוועק פון דאָרט און געלאָזט מאריאננען טאנ־צן. ער האָט אַזש צוגעקלאפּט די טיר הינטער זיך, גרויזאם געטופּעט אין די שטיגן און אָן שום טענות־ומענות זיך ארייַנגעזעצט אין שליטן, וואו זיין ווייב איז שוין פון פריער געזעסן און געווארט אויף אים, און שנעל אוועקגעפאָרן אהיים.

ווען מאריאננע האָט געענדיקט דאָס טאנצן און זיך נאָכ־געפרעגט אויף אירע עלטערן, זענען זיי שוין פון לאנג געווען אוועקגעפאָרן. ווען זי האָט זיך לסוף איבערצייגט, אז ס'איז טאקע אמת, האָט זי קיינעם נישט געלאָזט באמערקן, ווי דאָס האָט זי פארחידושט. זי האָט זיך שטילשווייגנדיק אָנגעטון אין אירע ווארימע מלבושים און איז ארויס אויפן הויף. די דאמען אין

דער גארדעראָבע האָבן געמיינט, אז זי פּאַרט אין איר איי־גענעם שליטן.

זי האָט אָבער אין אירע דינע זיידענע לעטשלעך גע־איילט איבערן וועג, נישט דערציילנדיק פאר קיינעם וועגן איר בויט, און קיינער וואָלט זיך נישט געגלויבט, אז די דאָזיקע פּארשפּעטיקטע וואנדערין, וועלכע איז דורך די פאר־בייפאָרנדיקע שליטנס כסדר ארויסגעטריבן געוואָרן אויף די הויכע שניי־קופּעס, וואָס ביי די זייטן פונם וועג, — אז דאָס איז געווען די שיינע מאריאננע.

ווי נאָר דער וועג איז געווען פריי, איז זי געלאפן מיט אלע כוחות, דערנאָך איז זי ווידער געגאַנגען, און שפּעטער ווידער געלאָפן. א גרויזאמע, פּיינענדיקע שרעק האָט זי געטריבן.

פון עקעבי ביז ביערנע איז אינגאנצן אן ערך א פערטל מייל. מאריאננע איז טאקע גיך צוגעקומען צו איר היים, אָבער תחילת האָט זי געמיינט, אז זי האָט פארבלאָנדזשעט, ווייל בשעת זי איז צוגעקומען צום הויז זענען אלע טירן געווען פארמאכט, אלע ליכט אויסגעלאָשן. זי האָט אָנגעהויבן איבער־צוקלערן, צי זענען אירע עלטערן שוין אהיימגעקומען אָדער נאָך נישט.

זי האָט צוויי מאָל שטארק אָנגעקלאפּט אין דער ארייג־גאנגס־טיר. זי האָט אָנגענומען די קליאמקע און אזא פעסטן טרייסל־געטון די טיר, אז ס'האָט אזש אָפּגעדונערט אין גאנצן הויז. קיינער איז אָבער נישט ארויסגעקומען עפענען. בשעת זי האָט געוואָלט אָפּלאָזן די אייזערנע קליאמקע, האָט זיך די צו־געפרוירענע הויט אָפּגעריסן פון אירע הענט.

דער מעכטיקער פריץ מעלכיאָר סינקלער איז שנעל אהיימ־געפאָרן, כדי צו פארמאכן די טירן פון ביערנע פאר זיין איינציק קינד.

ער איז געווען שיכור פון דעם פיל טרינקען, און ווילד אויפגעבראכט. ער האָט איצט געהאסט זיין טאָכטער, דערפאר וואָס זי האָט געליבט יעסטא בערלינגן. ער האָט פארשלאָסן די דינערשאפט אין קיך, און זיין ווייב אין שלאָף־שטוב. ער

האָט זיי צוגעזאָגט מיט די פייערלעכסטע שבועות, אז אויב עמיץ וועט פרווון אריינלאָזן מאריאננען, וועט ער אים צעהאקן אויף קרעפל־פלייש, און זיי האָבן אלע גאנץ גוט געוואוסט, אז ער וועט האלטן וואָרט. אזוי אין כעס האָט אים נאָך קיינער נישט געזעען און ס'האָט אים נאָך טאקע קיינמאָל אין לעבן נישט געטראָפן קיין גרעסערער אומגליק. וואָלט אים די טאָכ־טער איצט געקומען פאר די אויגן, וואָלט ער זי זיכער געממיתט.

ער האָט איר געגעבן צירונג פון גאָלד און קליידער פון טייערן זייד, און ער האָט אין איר געלאָזט איינפלאנצן פיינע מידות און א גרויסע בקיאות אין די קליינע אויתיותלעך. זי איז געווען זיין שטאָלץ, זיין ערע. ער האָט זיך געגרויסט מיט איר, ווי זי וואָלט געטראָגן א הערשער־קרוין אויף איר קאָפּ. אָ, זיין קיניגין, זיין געטין, זיין פארערטע, שיינע, שטאָלצע מאַריאַננע! צי איז אים דען עפּעס געווען צו טייער פאר איר? צי האָט ער נישט זיך אליין געהאַלטן פאר צו פּראָסט צו זיין איר פּאָטער? אָ, מאַריאַננע, מאַריאַננע!

ווי זאָל ער זי דען נישט האסן, בעת זי האָט זיך פאר־ליבט אין יעסטא בערלינגן און קושט אים פאַר אלעמען אין די אויגן? זאָל ער זי דען נישט פארשטויסן, פארמאכן זיין טיר פאר איר, בשעת זי פארשוועכט איר גרויסקייט דורך ליבן אזא מין מאן? טאָ זאָל זי בלייבן אין עקעבי, אָדער זאָל זי לויפן צו די שכנים און בעטן, מען זאָל זי לאָזן איבערנעכטיקן, פון זיינעטוועגן מעג זי אפילו שלאָפן אין די שנײ־קופּעס!... ס'איז אים שוין סיי ווי אלצאיינס... די שיינע מאריאננע איז שוין אזוי אויך אראָפּגעשלעפּט געוואָרן אין שמוץ! דער גלאנץ פון איר איז שוין פארשוואונדן, און אויך דער פראכט פון זיין אייגן לעבן.

ער ליגט אין זיין בעט און הערט, ווי זי קלאפּט אין טיר. וואָס גייט דאָס אים אָן? ער שלאָפט. דאָרט אין דרויסן שטייט אַן אויסגעלאסן מיידל, וועלכע וויל חתונה האָבן מיט א דעגראדירטן גלח; מעלכיאָר סינקלער האָט נישט קיין היים פאר אזא איינע! ער וואָלט זי אפשר געלאָזט אריינקומען, אויב ער

וואָלט זי ווינציקער ליב געהאט, אויב ער וואָלט ווינציקער שטאָלץ געווען איבער איר.

נו יאָ, זיין ברכה קאָן ער זיי נישט אָפּזאָגן, דאָס האָט ער דאָך פארשפילט אין קאָרטן. אָבער עפענען זיין טיר פאר איר, ניין, דאָס וועט ער נישט טון. אָ, מאריאננע, מאריאננע!

די שיינע יונגע פרוי איז נאָך אלץ געשטאנען פאר דער פארמאכטער טיר פון איר אייגענער היים. זי האָט אין מאכטלאָזן כעס געקלאפט מיט דער קליאמקע, אָדער געפאלן אויף די קני, צונויפגעלייגט די צעקאליעטשעטע הענט און געבעטן, מען זאָל איר מוחל זיין.

אָבער קיינער האָט זי נישט געהערט, קיינער האָט נישט געענטפערט, קיינער האָט נישט געעפנט.

אָ, זאָגט, איז דאָס נישט שוידערלעך געווען? א שרעק כאפט מיך ארום, בשעת איך דערצייל עס דאָ פאר אייך. זי איז געקומען פון א פארוויילונג, וואו זי איז געווען די פאר-ערטע באל-קיניגין! זי איז נאָר-וואָס געווען שטאָלץ, רייך, גליקלעך, און אין א רגע ארום איז זי אריינגעוואָרפן געוואָרן און אזא אומענדלעכן עלנט! אך, נישט אריינגעלאָזט ווערן צו זיך אהיים, בלייבן אין דרויסן אויף דער קעלט! זי איז נישט גע-וואָרן אויסגעלאכט, נישט געשלאָגן, נישט פארשאָלטן, בלויז מיט קאלטער, פארשטיינערטער אכזריות נישט אריינגעלאָזט געוואָרן אין איר היים!

איך טראכט טאקע איצט וועגן יענער פראָסטיקער, אויסגעשטערנטער ווינטער-נאכט, וואָס האָט זיך דעמאָלסט איבער איר געוועלבט, וועגן דער אומענדלעכער, ווייסער נאכט, מיט די פוסטע שניי-פעלדער און שטילשווייגנדיקע, פינסטערע וועלדער. אלץ איז געשלאָפן, אלץ איז געווען פארזונקען אין א שמערצלאָזן דרעמל, בלויז זי איז געווען דער איינציקער לעבעדיקער פונקט אין דעם שלאָפנדיקן ווייסן ארום. דער גאַנצער צער, ציטערניש און שרעק וואָס איז אַן אנדערשמאָל צעטיילט איבער גאָר דער וועלט, איז איצט געקראָכן דאָ אהער, צום דאָזיקן איינציקן לעבעדיקן פונקט. אָ, גאָט! ווי גרויזאם

דאָס איז איינזאם צו ליידן אין מיטן דער דאָזיקער שלאָפנדיק געפרוירענער וועלט.

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך פּנים־אל־פּנים צוזאַמענגעטראָפן מיט אומרחמנותדיקייט און ברוטאלקייט. איר מוטער האָט זיך נישט געקימערט צו פארלאָזן איר ווארים בעט, כּדי זי צו ראטעווען פון קעלט. אלע אירע געטרייע באדינער, וועלכע האָבן זי געלערנט שטעלן די ערשטע טריט, האָבן איצט געהערט איר וויינענדיק קול און נישט מיט א פינגער גערירט. פאר וואָסער פארברעכן ווערט זי עס אזוי הארב באשטראָפט? וואו אנדערש האָט זי געזאָלט דערווארטן רחמנות, אויב נישט דאָ ביי דער דאָזיקער טיר? אויב זי זאָל אפילו האָבן באגאנגען א רציחה, וואָלט זי אויך דאָ אָנגעקלאפּט, גלייבנדיק אז זיי דאָרט אינעווייניק וועלן איר מוחל זיין. אויב זי וואָלט אפילו טיף געפאלן און געוואָרן איינע פון די געמיינסטע ברואים, פארוויסט און איינגעהילט אין שמאטעס, וואָלט זי אויך געגאנגען צו דער דאָזיקער טיר און געווארט אויף א הארציקן ברוך־הבאָ! אָט די טיר איז דאָך געווען דער ארייננאנג צו איר היים, וואו זי האָט נאָר מיט ליבע געקאָנט באגעגנט ווערן.

און אפשר האָט איר פאָטער שוין גענוג זי אויספּרובירט? וועלן זיי דען נישט באלד עפענען?

— טאַטע, טאַטע! האָט זי גערופן. לאָז מיך אריין! איך ווער געפרוירן, איך ציטער פון קעלט. ס'איז דאָ אזוי שרעקלעך צו זיין איינע אליין אין דרויסן!

— מאמע, מאמע, דו, וואָס ביזט אזוי פיל וועגן אויסגעגאנגען פאר מיינעטוועגן, גיי נאָך דאָס מאָל די פּאָר טריט! דו, וואָס האָסט אזוי פיל נעכט געוואכט איבער מיר, פארוואָס שלאָפסטו איצט, בשעת איך געפין זיך אין אזא סכּנה? מאמע, מאמע, זיי וואך בלויז נאָך די דאָזיקע איינציקע נאכט און איך וועל דיר שוין קיינמאָל נישט מער פארשאפן קיין עגמת־נפש!

אזוי רופט זי און פארזינקט באלד אין אָטעמלאָזער

שטילקייט, כדי זיך איינצוהאָרכן נאָך אן ענטפער. אָבער קיינער האָט זי נישט געהערט, קיינער האָט זי נישט געפאָלגט, קיינער האָט נישט געענטפערט.

דאן פארברעכט זי אירע הענט פון גרויס פחד, אָבער אירע אויגן פארמאָגן נישט קיין טרערן.

דאָס לאנגע פינסטערע הויז מיט ,‥ פארמאכטע טירן און נישט-באלויכטענע פענסטער האָט אין דער דאָזיקער אויס-טערלישער נאכט באקומען אן אימהדיק מאסיוון אויסזען. וואָס וועט עס איצטער ווערן פון איר? זי איז געוואָרן היימלאָז; פארשוועכט איז געוואָרן איר נאָמען, און זי וועט שוין זיין אזוי באפלעקט, אזוי לאנג ווי דער הימל וועט זיך וועלבן איבער דער ערד. און נישט קיין אנדערער ווי איר אייגענער פאָטער אליין האָט מיט דעם רויט-אָנגעגליטן אייזן אויסגע-ברענט דעם שאנד-צייכן אויף איר אָרעם.

— טאטע! רופט זי בּאָכאמאָל, וואָס וועט עס איצט ווערן פון מיר? מענטשן וועלן דאָך אויסרעדן אלדאָס בייז אויף מיר!

זי האָט געוויינט און געקלאָגט, און איר גוף איז געוואָרן שטייף פון קעלט.

אָך און ווי איז צום מענטשן, אויב אזא יאָמערלעכקייט קאָן זיך מיט אמאָל אראָפּלאָזן איבער דער, וועלכע איז נאָר-וואָס געשטאנענן אזוי הויך! אז מ׳קאָן אזוי לייכט געשליידערט ווערן אין אזא טיפן עלנט! דארפן מיר דען נישט יעדער איינציקער פון אונז ציטערן איבער אונזער לעבן? ווער פון אונז שווימט דען אין א זיכערער שיף? ארום אונז לויערט צער ווי א פאלענדיקער ים, אָט זעט, ווי די ברויזנדיקע פאליעס לעקן הונגעריק די זייטן פון דער שיף, און זעט ווי זיי דראפּען זיך און שטורמעווען די שיף און דראָען זי אומ-צודרייען. אָ, נישט פאראן קיין שום זיכערער אָנשפאר, קיין שום פעסטער באָדן, קיין שום באַוואָרנטע שיף, אזוי ווייט-ארום ווי דער בליק קאָן נאָר דערגרייכן זעט זיך בלויז אן אומבאקאנטער הימל איבער אן אֵקעאָן פון צער!

אָבער שטיל! ענדלעך, ענדלעך! דאָרט הערן זיך שוין לייכטע טריט, וואָס גייען איבער די שאָקלדיקע ברעטער פונם פאָדער-הייזל.

— דו ביזט עס, מאמע?

— יאָ, מיין קינד!

— וועל איך שוין איצט קאָנען אריינקומען?

— דער טאטע וויל דיך נישט אריינלאָזן.

— מאַמע, איך בין אין מיינע דינע לעטשלעך געלאָפן איבערן שניי, אזש פון עקעבי ביז דאָ אַהער; איך שטיי שוין דאָ מער ווי אַ שעה צייט, איך קלאַפּ כסדר אין טיר און כ׳האלט אין איין רופן. מאַמע, איך וועל דאָך דאָ אין דרויסן פאַרפרוירן ווערן! פאַרוואָס זענט איר אַוועקגעפאָרן אָן מיר?

— קינד מיינס, קינד מיינס, פארוואָס האָסטו געקושט יעסטאַ בערלינגן?

— טאָ זאָג-זשע דעם טאטן, אז נישט צוליב דעם, וואָס איך ליב אים, האָב איך אים געקושט. דאָס איז דאָך געווען בלויז אַזאַ שפּיל. צי מיינט דען דער טאַטע, אז איך וויל האָבן יעסטא בערלינגן פאַר א מאַן?

— גיי צום אויפזעער, מאריאננע, און בעט מען זאָל דיך דאָרט לאָזן זיין די נאכט. דער טאטע איז שיכּור און לאָזט נישט צו זיך רעדן. ער האָט מיך אויבן געהאלטן פארשפּארט, איך האָב זיך שטילינקערהייט ארויסגעגנבעט, ווען ס׳האָט זיך מיר געדאכט, אז ער שלאָפט. ער וועט דיך דערהרגענען, אויב דו וועסט איצט אריינקומען!

— מאמע, מאַמע, זאָל איך גיין נעכטיקן צו פרעמדע מענטשן, בעת איך האָב אַן אייגענע היים? צי איז די מאמע פונקט אזאַ אכזר, ווי דער טאַטע? ווי קאָן עס דען די מאַמע דערלאָזן, אז איך זאָל דאָ בלייבן אין דרויסן, אין אזא פראָס-טיקע נאכט? איך לייג זיך אוועק דאָ אין דער שניי-קופּע, אויב די מאמע וועט מיך נישט אריינלאָזן!

מאריאננעס מוטער האָט אָנגענומען דעם ריגל, כדי צו עפענען, אָבער אין דער זעלבער רגע האָבן זיך דערהערט

שווערע טריט אויף די שטיגן וואָס צום גאָרן, און א האַרטע שטים האָט זי אוועקגערופן פון דאָרטן.

מאַריאַננע האָט זיך איינגעהאָרכט; איר מוטער האָט זיך דערווייטערט פון דער טיר, די האַרטע שטים האָט זי גע־שטראָפט... און נאָכדעם...

מאַריאַננע האָט דערהערט עפּעס שרעקלעכעס, זי האָט געקאָנט הערן דעם מינדסטן שאָרך פונם שטילן הויז.

זי האָט דערהערט דעם הילך פון א שמיץ, צי פון א קלאַפּ מיט א שטעקן, אָדער פון א פּאַטש, נאָכדעם האָט זי דערהערט א שוואַכן גערויש, און תּיכּף ווידער א קלאַפּ.

אָ, דער דאָזיקער אכזר האָט געשלאָגן איר מוטער! דער אַטלעטישער מעלכיאָר סינקלער האָט געשלאָגן זיין ווייב!

אין שוידערלעכער שרעק האָט זיך מאַריאַננע א טויט־בלאַסע אַנידערגעוואָרפן אויפן שוועל און זיך געקוויטשעט פון אימה. איצטער האָט זי שוין געקאָנט וויינען, און אירע טרערן זענען אויפן שוועל פון איר היים פאַרפרוירן געוואָרן אין אייז־שטיקלעך.

— חסד, דערבאַרמונג! האָט זי געררופן. עפנט, לאָזט מיך אריין, כּדי איך זאָל קאָנען אונטערשטעלן מיינע פּלייצעס פאַר די קלעפּ! אָ, ווי האָט ער עס א האַרץ צו שלאָגן די מאַמע, דערפאַר, וואָס זי וויל נישט צומאָרגנס זעען איר טאָכטער ליגן טויט אין דער שניי־קופּע, דערפאַר וואָס זי וויל טרייסטן איר קינד!

א שרעקלעך טיפע דערנידערונג האָט אין דער דאָזיקער נאַכט געטראָפן מאַריאַננען. זי האָט ערשט נישט לאַנג געחלומט, אַז זי איז א מלכּה, און דאָ איז איז איצט געלעגן ביי דער פאַרשלאָסענער טיר פון איר היים אין א נישט בעסערן מעמד! ווי א געשמיסענע שקלאַפין!

זי האָט זיך אָבער באַלד אויפגעהויבן. א קאַלטבלוטיקער כּעס האָט זי פּלוצלינג באַהערשט. נאָכאַמאָל האָט זי מיט איר צעבלוטיקטער האַנט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אויסגערופן:

— הער־אויס, וואָס איך זאָג דיר! דו, וואָס שלאָגסט מיין

מאמע! דו וועסט נאָך וויינען ווי א בין, דו הערסט, מעלכיאָר סינקלער, דו וועסט נאָך ביטער וויינען, געדענק, דו אכזר!

דערנאָך איז די שיינע מאריאננע אראָפּגעגאנגען צום שליאך, אראָפּגענומען פון זיך דעם פוטערנעם מאנטל און זיך אוועקגעלייגט אין שניי. איר שווארץ סאמעטן קלייד האָט זיך פון דער ווייט געצייכנט ווי א טונקעלער פלעק אויפן פּאָן פונם בלישטשענדיק ווייסן שניי. ליגנדיק דאָרט האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, ווי איר פאָטער וועט צומאָרגנס, בשעת ער וועט ארויסגיין אויף זיין פרימאָרגן-שפּאציר, געפינען זי ליגן אין שניי. זי האָט זיך בלויז דאָס איינע געוואונטשן, אז נאָר ער אליין זאָל זי דאָרט געפונען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, טויט, דו בלאַסער פריינט! צי איז עס פונקט אזוי אמת ווי ס׳איז טרייסטענד, אז איך וועל נישט אויסמיידן דיך צו טרעפן? אפילו צו מיר — צום גרעסטן פוילענצער צווישן די ארבעטער פון דער וועלט, וועסטו א.יך קומען און לויז־מאכן די צעריסענע שיך פון מיינע פיס, ארויסנעמען דעם לעפל און די מילך-קאן פון מיין האנט, און אראָפּציען די ארבעטס-קליידער פון מיין גוף. מיט מילדער געוואלט ציסטו מיך דאן אויס אויפן בעט, און דו פוצסט מיך אויס אין ברייטע, דראפירטע לייוונטענע מלבושים. מיינע פיס דארפן שוין דאן נישט קיין שיך, אָבער אויף מיינע אויסגעהאָרעווע־טע הענט ווערן ארויפגעצויגן א פּאָר שניי-ווייסע הענטשקעס, וואָס קיין שום ארבעט וועט זיי שוין מער נישט באשמוצן. געהייליקט דורך דיר צו אייביקער רו, שלאָף איך אזוי דעם טויזנט-יעריקן שלאָף.

אָ, דו אויסלייזער! די פוילסטע צווישן די ארבעטער פון גאָר דער וועלט בין איך, און מיט א שוידער פון תאווה חלום איך וועגן דער רגע, ווען איך וועל אויפגענומען ווערן אין דיין מלכות.

בלאַסער פריינט! אויף מיר מעגסטו פריי אויסאיבן דיין קראפט, נאָר דאָס זאָג איך דיר: פיל שווערער איז דיר אָנ־

געקומען דער קאמף מיט די פרויען פון פריערדיקע צייטן. די לעבנס־כּוחות אין זייער צארטן גוף זענען געווען זייער שטארקע און קיין שום קעלט האָט נישט געקאָנט אָפּקילן זייער הייס בלוט.

דו האָסט די שיינע מאריאנגע אוועקגעלייגט אויף דיין בעט, אָ טויט, און דו האָסט זיך נעבן איר אוועקגעזעצט, ווי אן אלטע ניאנקע, וואָס זיצט נעבן וויגעלע, כּדי איינצוּוויגן דאָס קינד צום שלאָף. אך, אך, דו געטרייע אלטע באָנע, דו ווייסט דאָך וואָס איז גוט פאר די מענטשן־קינדער און ווי מוז עס דיך פארדריסן, בשעת די שפּיל־חברים קומען־אָן און מיט געפילדער און גערויש וועקן זיי אויף דיין האלב־איינגעשלעפערט קינד. ווי שטארק אויפגעבראכט דו האָסט געמוזט זיין, בשעת די קאוואלערן האָבן אויפגעהויבן מאר־יאננען פונם שניי־בעט, בשעת א געוויסער מאנסביל האָט זי צוגעדריקט צו זיין ברוסט און הייסע טרערן זענען דאן פון זיינע אויגן אראָפּגעפאלן אויף איר אייז־קאלטן פּנים.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין עקעבי זענען שוין אלע ליכט געווען פארלאָשן און אלע געסט זענען שוין געווען אוועקגעפאָרן, און אויבן אין קאוואלערן־פליגל זענען די קאוואלערן געזעסן ארום דעם לעצטן האלב־אויסגעליידיקטן פונש־בעקן.

יעסטא האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעקלאפּט אין קאנט פונם בעקן, און געהאלטן א דרשה פאר אייך, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן:

— צו רעדן וועגן אייך, איז גלייך ווי צו רעדן וועגן מלכות־השמים. הוילע שיינקייט זענט איר, הוילע ליכטיקייט. אייביק יונגע, אייביק רייצנדע און חנעוודיקע, מילדע, ווי די אויגן פון א מאַמע, בשעת זי קוקט אויף איר קינד. ווייכינקע, ווי יונגע וועוועריקעלעך העגגט איר ארום האלז פון מאן, קיינמאָל הערט מען נישט אייער קול זאָל ציטערן פון כּעס, קיינמאָל לייגט זיך נישט אייער שטערן אין צאָרנדיקע קנייטשן, אייערע הענט זענען תּמיד ווייכע און צארטע. ווי חנעוודיקע הייליקע־בילדער, ווי באפוצטע סטאטועו שטייט

איר אין טעמפל פון דער וואַרימער היים. די מענער ליגן פאַר אייערע פיס, אָנבאָטנדיק אייך ווײ-רויך און תפילות. דורך אייך פירט-אויס די ליבע אירע נסים און ארום אייער שטערן שטראַלט דער גאָלדענער אָרעאָל פון פּאָעזיע!

די קאוואַלערן זענען אויפגשפרונגען פון זייערע ערטער, פארשיכּורט פון שטאַרקן וויין, באַרוישטע פון יעסטא בערלינגס פלאַמענדיקע ווערטער; זייער בלוט האָט געברויזט פון פרייד. אפילו דער אַלטער פעטער עבערהארד און דער פוילער קוזין קריסטאָפער האָבן זיך אויך נישט צוריקגעצויגן פון דער אַלגעמיינער מונטערקייט. מען האָט שנעל איינגעשפּאַנט די פערד אין די שליטנס און זיך געאיילט ארויס אין דער פראָסטיקער נאַכט, כּדי נאָכאַמאָל צו שענקען פארערונג צו די, וועלכע קאָנען קיינמאָל נישט גענוג פארערט ווערן, כּדי צו זינגען א סערענאַדע פאַר יעדן איינציקן פון די דאַמען, וועמענס רויטע בעקלעך און גלאַנציקע אויגן האָבן נאָר-וואָס געלויכטן און געשיינט אין די פּראַכטפולע זאַלן פונם עקעביער פּאַלאַץ.

אָ, איר פרויען פון פריערדיקע צייטן! ס׳איז אייך זיכער גוט געפעלן, אויפגעוועקט צו ווערן דורך א סערענאַדע פון אייערע געטרייסטע ריטער, בשעת איר זענט דורכן מלאך פון שלאָף שוין אריינגעפירט געווען אינם קיניגרייך פון זיסע חלומות! ס׳איז אייך זיכער געפעלן, ווי ס׳געפעלט א פארשטאָרבענער נשמה אויפגעוועקט צו ווערן דורך דער זיסער מוזיק פון די הימלען.

אָבער די קאוואַלערן זענען נישט ווייט געקומען אויף דעם דאָזיקן פרומען צוג זייערן, ווייל תּיכּף ווי זיי זענען אָנגעקומען קיין ביערנע, האָבן זיי געפונען די שיינע מאַר-יאַנבע ליגן אין א שניי-קופּע, נישט ווייט פון איר היים.

זיי זענען פארציטערט געוואָרן פון כּעס, דערזעענדיק זי אין שניי, — ווי זיי וואָלטן געפונען א פארגעטערטע איקאָנע צעקאַליעטשעט, באַרויבט און ארויסגעוואָרפן פאַר דער טיר פון דער קירך, אָדער ווי א נידערטרעכטיקער אויסוואורף וואָלט

צעריסן די סטרונעס פון א סטראדיוואריוש-פידל און צעבראָכן דעם סמיטשיק.

יעסטא האָט געטרייסלט זיין געבײַלטע פויסט קעגן דעם פינסטערן הויז.

— אָ, איר קינדער פון שנאה, האָט ער געשריגן, איר האָגל-זאווערוכעס, איר צפון-שטורמען, איר שענדער פון גאָטס גן-עדן!

בערענקרייץ האָט אָנגעצונדן זיין לאמטערן און אראָפגעלויכטן אויף דער געפונענער. און דאן האָבן די קאוואלערן דערזעען מאריאננעס בלוין-און-בלויען פנים, אירע צעקאלטשעטע הענט און די טרערן, וואָס זענען איר צווישן אירע ווימפערלעך פארפרוירן געוואָרן אין אייז-שטיקלעך. זיי האָבן געקלאָגט ווי ווייבער, וואָרום זי איז דאָך געווען נישט בלויז א איקאָנע, נישט בלויז א טייערער פידל, נאָר אויך א שיינע פרוי, א פרייד פאר זייערע אלטע הערצער זי אָנצוקוקן.

יעסטא בערלינג האָט זיך געוואָרפן אויף די קני נעבן איר.

— גיט א קוק, האָט ער געזאָגט, דאָ ליגט זי איצט, מיין כלה! דעם כלה-קוש האָט זי מיר געגעבן מיט עטלעכע שעה פריער, און איר פאָטער האָט מיר צוגעזאָגט זיין ברכה צום זיווג. זי ליגט דאָ און ווארט אויף מיר, אז איך זאָל מיט איר טיילן איר ווייסן בעט!

און יעסטא האָט די לעבענסלאָזע אויפגעהויבן אויף זיינע שטארקע אָרעמס.

— אהיים קיין עקעבי מיט איר! האָט ער אויסגערופן. איצטער איז זי שוין מיינע. איך האָב זי געפונען אין דער שניי-קופּע, איצטער וועט שוין קיינער נישט קאָנען זי צונעמען פון מיר. לאָמיר נישט אויפוועקן די מענטשן, וואָס שלאָפן דאָ אין דעם דאָזיקן הויז. וואָס האָט זי דען צו טון הינטער די טירן, אין וועלכע זי האָט זיך ביז בלוט צעקאלעטשעט אירע הענט ביים אומזיסטיקן קלאפּן?

די קאוואלערן האָבן אלע ווי איינער אויסגעדריקט זייער

הסכּמה דערצו. יעסטא האָט אוועקגעלייגט מאַריאַננען אויפן פּאָדערשטן שליטן, און זיך אוועקגעזעצט נעבן איר. בערענקרייץ האָט זיך אוועקגעשטעלט הינטער זיי, אויף די שליטן-שינעס און גענומען די לייצעס אין זיינע הענט.

— נעם שניי און רייב זי איין, יעסטאַ! האָט ער באַפוילן.

די קעלט האָט בלויז געהאַט פּאַראַליזירט אירע אברים, אָבער דאָס ווילד-אויפגערעגטע, אומגעציימטע האַרץ האָט נאָך אַלץ שטאַרק געקלאַפּט. צומאָל דעם באוואוסטזיין האָט זי נישט געהאַט פאַרלוירן, און זי האָט אַלצדינג געוואוסט, ווי אַזוי די קאַוואַלערן האָבן זי געפונען, אָבער רירן זיך האָט זי מאָרט נישט געקאָנט; אַ פאַרשטאַרטע און שטייפע איז זי געלעגן אין שליטן, בשעת יעסטאַ האָט זי געריבן מיט שניי, און בשעת-מעשה האָט ער אָדער געוויינט אָדער זי געקושט. דאַן האָט זי דערפילט אַן אומענדלעכן פאַרלאַנג צו קאָנען כאָטש אויף אַזוי פיל אויפהייבן אַ האַנט, אַז זי זאָל אים לפּחות קאָנען צוריקגעבן איינאיינציקן גלעט.

זי האָט אַלצדינג געדענקט, הגם זי איז געלעגן אומבאַ-וועגלעך ווי אַ טויטע. און דאָך האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אַזוי קלאָר געטראַכט ווי גראָד איצטער. צי איז זי טאַקע אין דעם אמתן געווען פאַרליבט אין יעסטאַ בערלינגן? יאָ, זי איז עס ווירקלעך געווען. אָבער איז עס אפשר געווען בלויז אַ קאַפּריז פון היינטיקן אָוונט, וואָס וועט שנעל פאַרשווינדן? אָ, ניין, דאָס האָט שוין ביי איר געדויערט זייער לאַנג... אין משך פון אַ סך, אַ סך יאָרן!

זי האָט זיך פאַרגליכן מיט אים און מיט אַנדערע מענ-טשן פון ווערמלאַנד. זיי זענען אַלע געווען אַזעלכע אוממיטל-באַרע, ווי קינדער. וואָסער געלוסט ס׳זאָל זיי נישט האָבן געטריבן, — זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען. זיי האָבן געלעבט בלויז מיט דעם אויסערלעכן לעבן. די אינערלעכע טיפענישן פון זייערע נשמות האָבן זיי קיינמאָל נישט געפּאָרשט. דאַ-קעגן, זי איז געוואָרן אַזאַ איינע, ווי מען ווערט עס דורך

נסיעות איבער דער ברייטער וועלט, צווישן פרעמדע מענטשן. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּגעבן אינגאַנצן עפּעס א זאך. אויב זי האָט געליבט,—יאָ, וואָס זי זאָל נישט האָבן געטון,— איז ביי איר גרעסטער אָנשטרענגונג, איין העלפט פון איר איך עפּעס ווי געשטאַנען אָפּגערוקט, און זיך צוגעקוקט מיט א קאלטן חוזק-שמייכל. זי האָט תמיד געבענקט נאָך אזא ליי־דנשאפט, וואָס זאָל קומען ווי א שטורם און זי מיטרייסן מיט זיך און פארטויבן אירע חושים. און אזוי איז איצט טאקע געשעען. זי איז געקומען צו איר, די אלמעכטיקע ליבע. דאן, ווען מאַריאַננע האָט געקושט יעסטא בערלינגן אויפן באלקאָן האָט זי זיך צום ערשטן מאָל אינגאנצן פארגעסן.

און איצט איז זי ווידער באהערשט געוואָרן פון ליידנ־שאפט, איר הארץ האָט אזוי געארבעט, אז זי האָט בולט גע־הערט ווי עס קלאפּט. צי וועט זי שוין נישט באלד קאָנען בא־הערשן אירע אברים? זי האָט דערפילט א ווילדע פרייד פון דעם, וואָס זי איז פארשטויסן געוואָרן פון איר היים. איצטער וועט זי שוין אָן שום וואקלעניש ווערן יעסטא בערלינגס ווייב. ווי נאריש זי איז געוועזן, אזוי פיל יאָרן ארומצוגיין און אונטערדריקן די ליבע אין זיך! אָ, ווי הערלעך, ווי הער־לעך ס׳איז נאָכצוגעבן דער שטורמדיקער ליבע און צו פילן דאָס רוישנדיקע געזאנג פונם בלוט! אָבער צי וועט זי שוין קיינמאָל נישט באפרייט ווערן פון די אייז-קייטן, וואָס פּענ־טען אירע איברים? אינערלעך איז זי תמיד געוועזן בלויז אייז, און אינערלעך איין שטיק פייער. איצטער איז עס גע־ווען גראָד פארקערט: א פייער-נשמה האָט געגליט אין א פאר־שטייפטן, אייז-קאלטן גוף.

און פלוצלינג דערפילט יעסטא, ווי צוויי ארעמס הייבן זיך פאמעלעך אויף און נעמען ארום זיין האלז אין א שוואַ־כער, מאכטלאָזער אומארמונג.

קוים-קוים וואָס זי האָט געפילט די אומארמונג, אָבער מאריאננען האָט זיך געדוכט, אז דערמיט האָט זי מיטאמאָל

באפרייט די ליידנשאפט, וואָס איז שוין לאנג געווען צונויפ־
געפרעסט אין איר ברוסט.

ווען בערענקרייץ האָט דאָס דערזעען, האָט ער דאָס פערד פריי געלאָזט לויפן איבער דעם באַקאנטן וועג, און אליין האָט ער אויפגעהויבן זיין בליק צום הימל, און עקשנות־דיק און אומאויפהערלעך געקוקט אויף די שטערן.

9.

# די אלטע וואגנס.

פריינט, מענטשנס קינדער!

אויב ס'וועט זיך אייך גראָד אזוי טרעפן, אז איך וועט דאָס לייענען שפּעט ביינאכט, אָט ווי איך שרייב עס איצט אין די שטילע נאכט-שעהן,— זאָלט איר נישט אָפּזיפצן לייכט און טראכטן, אז נאָכדעם ווי די חשובע קאוואלערן זענען אהיים געקומען מיט מאריאַנגען און איר געשאפן א גוט געלעגער אין דער פיינסטער גאסט-שטוב בשכנות פונם גרויסן סאלאָן, האָבן זיי זיך רואיק געקאָנט לייגן שלאָפן.

זיי האָבן זיך טאקע געלייגט אין בעט אריין, און אפילו אנטשלאָפן געוואָרן. אָבער ס'איז זיי, ליידער, נישט באשערט געווען צו קאָנען שלאָפן רואיק ביז מיטאָג-צייט, למשל ווי ס'וואָלט מיר אָדער אייך, ליבע לעזער, געקאָנט זיין באשערט, אויב מיר וואָלטן וואך געווען ביז פיר א זייגער פארטאָג און די אברים וואָלטן אונז וויי געטון פון מידקייט.

מען דארף, נעמלעך, נישט פארגעסן, או אין יענער צייט איז די אלטע מאַיאָרין ארומגעגאנגען איבערן לאנד מיט א בעטלער-זעקל אויפן רוקן און מיט א וואנדער-שטעקן אין האנט, און אז ס'איז קיינמאָל נישט געווען איר טבע, בשעת זי האָט פאָרגענומען עפּעס א וויכטיקע זאך, זי זאָל זיך דאן רעכענען מיט דער באקוועמלעכקייט פון א מידן בעל-עברהניק.

בפרט איצט האָט זי עס נאָך ווינציקער געקאָנט טון, בעת זי האָט גראָד אין דער דאָזיקער נאכט באשלאָסן צו פאַר־טרייבן די קאוואלערן פון עקעבי!..

פארביי איז שוין די צייט, ווען זי האָט אין פּראכט און גלאנץ געפירט די ממשלה איבער עקעבי, און געזייעט שמחה אויף דער ערד, ווי דער רבונו של עולם זייט שטערן אויפן הימל. איצט האָט זי זיך היימלאָז ארומגעשלעפט איבערן לאנד, און די מאכט און דער כבוד פונם גרויסן גוט זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די קאוואלערן. און זיי האָבן עס געהיט, א שטייגער ווי דער ווינט היט דאָס אש וואָס אויפן פרייען פעלד, ווי די פרילינגס־זון היט־אָפּ די שניי־קופּעס.

טיילמאָל האָט פּאסירט, אז די קאוואלערן זענען זאלבע־זעקס אָדער זאלבעאכט ארויסגעפאָרן אויף א לאנגן שליטן מיט א פּאראדנעם געשפּאן און מיט גלעקלעך אין די גע־פלאָכטענע לייצעס; און טאָמער האָבן זיי דאן באגעגנט די מאיאָרין, ווי זי איז נעבעך ארומגעגאנגען ווי א בעטלערין, איז זיי אפילו נישט איינגעפאלן אראָפּצולאָזן די אויגן פאר חרפּה. די דאָזיקע טומלדיקע חברה ליידיקגייערס האָבן איר געדראָט מיט געבײלטע פויסטן, און דורך א העפטיקן שליידער פון שליטן זי געטריבן אויף די שניי־קופּעס וואָס ביים שאָסיי־גרוב, און דער מאיאָר פוקס האָט דערביי קיינמאָל נישט פארגעסן דריי מאָל אויסצושפּייען,– אלס א סגולה קעגן דער בייזער באגעגעניש. זיי האָבן נישט געהאט קיין שום רחמנות אויף איר. אין זייערע אויגן איז זי געווען עקלהאפט ווי א מכשפה. אויב ס'וואָלט געשען מיט איר עפּעס אן אומגליק, וואָלטן זיי זיך נישט מער מצער געווען, ווי איינער, וועלכער וואָלט שיסנדיק ערב־פּסח פון א ביקס, געלאָדן מיט מעשענע קנעפּלעך, גראָד געטראָפן אין א מכשפה, אויף איר וועג צום גהינום *).

---

*) לויט דעם גלויבן פון די שוועדישע פאָלקס־מאסן פליען די מכשפות ערב פּסח אויף א בעזים אין גהינום אריין. מ. פּ.

דאָס פארפאָלגן די מאיאָרין איז פאר זיי געווען א פראגע פון רעטונג פאר זייערע אייגענע נשמות. נישט איינמאָל שוין האָבן מענטשן גרויזאם און ברוטאל זיך קעגנזייטיק געפיי-ניקט, כדי אויסצולייזן זייערע נשמות.

בשעת די קאוואלערן פלעגן טיף אין דער נאכט שכורערהייט זיך צושלעפן פון די זויף-טישן צו די פענסטער, כדי זען צי די נאכט איז רואיק און אויסגעשטערנט, האָבן זיי אָפטמאָל געזעען א פינסטערן שאָטן, וואָס האָט זיך געשארט איבערן הויף, און זיי האָבן דאן פארשטאנען, אז די מאיאָרין איז שוין ווידער געקומען, כדי נאָכצוזען איר באליבטע היים; אָבער דאן האָט זיך דער קאוואלערן-פליגל ממש געטרייסלט פון די שפּאָטישע געלעכטערס און הוזק-ווערטלעך, וואָס זענען צו איר אראָפּגעפלויגן פון די געעפנטע פענסטער.

אין דער אמתן! הארצלאָזיקייט און גאוה האָט אָנגע-הויבן צו פארכאפּן די הערצער פון די אָרימע קאוואלערן. דאָס איז געווען דער פועל-יוצא פון דער בייזער שנאה, וואָס סינטראם האָט איינגעפלאנצט אין זיי. און גלייבט מיר, זייערע נשמות וואָלטן זיך שוין נישט געקאָנט געפינען אין א גרעסערע סכנה, אפילו אויב די מאיאָרין וואָלט פארבליבן אין עקעבי! א סך מער זעלנער קומט אום בעת דעם אנטלויפן, ווי בעת דער שלאַכט גופא.

די מאיאָרין ווידער, האָט נישט געטראָגן קיין גאָר גרויסע שנאָה צו די דאָזיקע קאוואלערן. וואָלט די מאכט צוריק געווען ביי איר אין האנט, וואָלט זי זיי באשטראָפט ווי לאָבוזעוואטע יונגלעך, און דערנאָך זיי ווידער געשאָנקען איר חסד און פריינטשאפט.

איצט האָט זי אָבער מורא געהאט פאר איר באליבטן הויף, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די קאוואלערן, און אויף וועלכן זיי האָבן אכטונג געגעבן, א שטייגער ווי וועלף גיבן אכטונג אויף שעפסן, ווי זשו-ראווליעס גיבן אכטונג אויף פרילינגס-זריעה.

ס'איז זיכער פאראן א סך מענטשן, וועלכע האָבן גע-ליטן פונקט אזא צער, ווי זי. און זי איז נישט די איינציקע

וועלכע האָט געמוזט צוזעען דעם חורבן פון א באַליבטער היים און געפילט דעם ביטערן טעם פון זיין אן עדות ווי דאָס בעלעבאטישקייט, וואָס איז ביז איצט געהאַלטן געוואָרן אין אָרדנונג, ווערט פאַרוואָרלאָזט. אזא איינעם דאכט זיך דעמאָלסט, אז די היים פון זיינע קינדער-יאָרן, וואָס ווערט איצט צעפאַלן, קוקט אויף אים מיט די בליקן פון א פאַר-וואונדעטער חיה. א סך מענטשן פילן זיך ווי רשעים, בשעת זיי זעען, ווי די ביימער וועלקן אונטערן פאַראַזיטישן מאָך און ווי די זאמד-סטעזשקעלעך ווערן באדעקט מיט ווילדן גראָז. די דאָזיקע מענטשן וואָלטן געוואָלט פאַלן אויף די קני פאַר די פעלדער, וואָס זענען אמאָל געווען ביי זיך גדלותדיק איבער זייערע גרויסע גערעטעניש, און זיך בעטן ביי זיי, אז די פעלדער זאָלן זיי נישט אָנקלאָגן פאַר דער בושה, וואָס זיי ליידן צוליב זיי. אזעלכע מענטשן קערן זיך אויך אָפּ פון די אָרימע אָפּגעמאָגערטע פערדלעך — זאָל שוין א דרייסטערער פון זיי זיך טרעפן מיט זייערע בליקן! זיי וואגן אויך נישט צו שטיין נעבן דער פורטקע און זען ווי די אויסגעהונגערטע בהמות קומען אהיים פונם טרוקענעם פאַשע-פעלד. קיין שום ווינקעלע אויף דער ערד איז דעם מענטשן נישט אזוי פאַרהאַסט, ווי אן אָפּגעלאָזטע היים.

אָ, איך בעט אייך, איר אַלע, וועלכע פאַרמאָגט פעל-דער, לאָנקעס, פּארקן און באַליבטע, פרייד-ברענגנדיקע בלו-מען-גערטנער, — היט זיי גוט אָפּ! היט זיי אָפּ מיט ליב-שאפט, מיט ארבעטזאמקייט! ס'איז זייער נישט גוט, ווען די נאטור איז זיך מצער צוליב די מענטשן!

בשעת איך טראכט, וואָס דער דאָזיקער שטאָלצער הויף עקעבי האָט געמוזט ליידן אונטער דער באַלעבאטישקייט פון די קאוואַלערן, איז עס מיין הייסער וואונטש, אז דער אטענטאט פון דער מאיאָרין וואָלט זיך געמעגט איינגעבן, און עקעבי וואָלט טאקע געמעגט צוגענומען ווערן פון די קאוואַלערן!

ס'איז איצט נישט געווען איר כונה, אז זי אַליין זאָל זיך צוריקקערן צו איר אַמאָליקער מאכט.

בלויז איין ציל האָט זי געהאט: צו באפרייען איר היים פון די דאָזיקע משוגעים, פון די דאָזיקע צעווילדעוועטע גזלנים, פון די דאָזיקע היישעריקן, וואָס נאָך זייערס אָן אָנ־פאל וואקסט שוין נישט קיין שום גראָז. בעת זי האָט זיך ווי א בעטלערין ארומגעשלעפט איבערן לאנד און געלעבט פון נדבות, האָט זי תמיד געמוזט טראכטן וועגן איר מוטער, און אין איר הארץ האָט זיך איינגעוואָרצלט די איבערצייגונג, אז קיין שום תשובה איז פאר איר נישט פאראן, כל זמן איר מוטער וועט נישט פריער אראָפּנעמען די קללה, וואָס הענגט איבער איר קאָפּ.

קיינער האָט נאָך איר ביז איצט נישט געזאָגט, אז די אלטע איז געשטאָרבן, איז עס גאנץ מעגלעך, אז זי לעבט נאָך דאָרט אויבן אינם פאָלווארק, וואָס צווישן די וועלדער פון עלוודאל, און אלס ניינציקיעריקע זקנה פילט זי נאָך אלץ אויס אירע טעג מיט אומאויפהערלעכער ארבעט: זומער־צייט ביי די מילך־קאנען, און ווינטער ביי די ברענערייען פון האָלץ־קוילן, ווארטנדיק אויף דעם טאָג, ווען די אויפגאבע פון איר לעבן וועט זיין פארענדיקט.

די מאיאָרין האָט געטראכט, אז די אלטע האָט געמוזט לעבן אזוי לאנג בלויז דערפאר, כדי זי זאָל זיין אימשטאנד אראָפּצונעמען די קללה פון איר קינד, וואָרום קען דען שטאַרבן א מוטער, וועלכע האָט איר אייגן קינד ארייגעטריבן אין אזא מין אומגליק?

און דעריבער האָט די מאַיאָרין געוואָלט אוועקגיין צו דער אלטיטשקער, כדי זיי זאָלן ביידע קאָנען ווידער באקו־מען די פארלוירענע רו.

זי האָט זיך געוואָלט לאָזן אין וועג אריין דורך די פינסטערע וועלדער, לענג־אויס דער אָזערע, ביז צו דער היים פון אירע קינדער־יאָרן. ווייל פריער וועט זי אין ערגעץ נישט קאָנען געפינען קיין רו, הגם אין יענע שווערע טעג האָבן זיך, וואָס אָן אמת, געפונען א סך מענטשן, וועלכע האָבן איר אָנגעבאָטן א ווארימע היים און געטרייע פריינטשאפט, זי

האָט אָבער אין ערגעץ נישט געוואָלט פאַרבלייבן. זי איז געגאַנגען פאַרדאַגהט און בייז פון איין פאָלוואַרק צום צווייטן, וואָרום ס'האָט זי געדריקט א ווײַסטע קללה. זי וועט אלזאָ אוועקגיין צו איר מוטער, אָבער קודם-כל האָט זי איר באַ־ליבטן הויף געוואָלט באַזאָרגן אין זיכערע הענט. זי האָט נישט געוואָלט אוועקגיין און אים איבערלאָזן אין די הענט פון לייכטזיניקע אויסבערענגערס, פון שיכּורע לא-יוצלחס, פון נישט באַרעכנטע פאַרשווענדערס פון גאָטס גאָב. צי זאָל זי דען אוועקגיין, און דערנאָך געפינען איר ירושה פאַרוויסט, אירע קוזיניעס שווייגנדיקע, אירע פערד אויסגעמאָגערטע, און אירע באַדינער צעלאָפּענע.

אָ ניין, נאָכאַמאָל וועט זי זיך אויפהויבן אין איר גאַנ־צער אמאָליקער קראַפט און פאַרטרייבן די קאַוואַלערן.

זי האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אז איר מאַן האָט עס שטאַרק הנאה געטון צו זען, ווי איר ירושה ווערט פאַר־שווענדעט. אָבער זי האָט אים גענוג געקאָנט, כּדי צו וויסן, אז וואָלט עס איר נאָר געלונגען צו פאַרטרייבן די היישעריקן, וואָלט ער צו פויל געווען צו שאַפן עפּעס א נײַ פּורעניות אויף זייער אָרט. וואָלטן די קאַוואַלערן דערווייטערט געוואָרן פונעם הויף, דאַן וואָלט שוין איר אלטער אויפזעער צוזאַמען מיטן עקאָנאָם ווייטער געקירעוועט מיט דער באַלעבאַטישקייט פון עקעבי אין די אלטע, אויסגעטרעטענע דרכים.

און דעריבער האָט איר טונקעלער שאָטן אין די לאַנגע נעכט זיך געשאַרט איבער די שוואַרצע וועגן, וואָס פירן צו דער הוטע. זי האָט זיך אַריין און אַרויסגעגנבעט פון די אַרענדאַרישע שטיבלעך; אין דער וואָג-שטוב פון דער גרויסער מיל האָט זי זיך געשושקעט מיטן מילנער און מיט די מיל־אַרבעטער, און אינעם פינסטערן קוילן-סקלאַד האָט זי זיך אויך באַראַטן מיט די שמידן.

און זיי אַלע האָבן געשוואוירן איר צו העלפן. דער כּבוד און מאַכט פון דער גרויסער הוטע דערלויבט נישט, אז זי זאָל פאַרבלייבן אין די הענט פון די אָפּגעלאָזענע קאַוואַ־

לערן, כּדי אָפּגעהיטן צו ווערן, ווי דער ווינט היט-אָפּ דאָס אש וואָס אויפן פעלד, ווי דער וואָלף היט-אָפּ די שעפּסן פון א סטאדע.

און טאקע גראָד אין דער דאָזיקער נאכט, בעת די מונטערע הערן האָבן פון אָוונט ביז באגינען געהאט געטאנצט, זיך געוויילט און געטרונקען, ביז זיי זענען נישט טויט-מידע און שיכּורע אנידערגעפאלן אויף זייערע בעטן, — אין דערזעלבער נאכט מוזן זיי אוועק! זי האָט די דאָזיקע זאָרגלאָזע הערן געלאָזט זיך באוויזן אלס גרויסע שררות, בשעת זי איז א פארדאגהטע געזעסן און געוואכט אין דער קוזניע אויפן סוף פון דער שמחה; זי האָט נאָך לענגער געוואַרט, — ביז די קאוואלערן זענען צוריקגעקומען פון זייער ביינאכטיקן אויספלוג. זי איז געזעסן און שטילערהייט געוואכט, ביז וואנען מען האָט איר נישט צו וויסן געטון, אז דאס לעצטע ליכט-פלעמל איז שוין פארלאָשן געוואָרן אין די פענסטער פונם קאוואלערן-פליגל, און אז דער גאנצער גרויסער הויף שלאָפט שוין. דאן איז זי אויפגעשטאנען און איז ארויס פון איר באהעלטעניש.

ס'איז שוין געווען פינף א זייגער פארטאָג, אָבער די אויסגעשטערנטע פעברואר-נאכט האָט נאָך אלץ געהאלטן איינגעהילט די וועלט אין איר צודעק.

די מאיאָרין האָט באפוילן, אז אלע מענטשן פון דער הויטע זאָלן זיך פארזאמלען נעבן דעם קאוואלערן-פליגל; זי אליין איז אריין אין הויף; דאָרטן איז זי צוגעגאנגען צום גרויסן מויער, אָנגעקלאפּט אין טיר ביים הויפּט-אריינגאנג, און מען האָט זי תיכּף אריינגעלאָזן. דעם ברוביער גלחס טאָכטער, וועמען זי האָט דערצויגן פאר א טיכטיקע באדינערין, איז איר אקעגן געקומען.

— די באלעבאָסטע מיינע זאָל זיין הארציק באגריסט! האָט די באדינערין געזאָגט און געקושט איר האנט.

— לעש-אויס דאָס ליכט! האָט די מאיאָרין געזאָגט, וואָס מיינסטו, כ'קאָן דאָ נישט גיין אָן א ליכט?

זי האָט זיך אװעקגעלאָזט װאַנדערן דורך דעם שטילן הויז. זי איז געגאַנגען פונם קעלער ביז צום בוידעם און זיך מיט אַלעם געזעגנט. מיט שטילע, שאַרנדיקע טריט זענען זײ בײדע געגאַנגען פון שטוב צו שטוב.

די מאַיאָרין האָט געפירט אַ געשפּרעך מיט אירע זכרו־נות, און די באַדינערין, נישט זי האָט געזיפצט, נישט זי האָט געכליפּעט, נאָר אַ טרער נאָך אַ טרער איז פון אירע אויגן געפלאָסן, בשעת זי איז נאָכגעגאַנגען איר שפּײַזערין. די מאַ־יאָרין האָט געלאָזט עפענען פאַר זיך די װעש־קאָמאָדעס און די זילבער־שאַפעס, און זי האָט מיט איר האַנט געפירט איבער די פײַנע אַדאַמאַש־טישטוכער און פּרעכטיקע זילבערנע קרוגן און טיש־געשיר. זי האָט גלעטנדיק אַ טאַפּ־געטון דעם הויכן באַרג מיט קישנס, װאָס אינם קעמערל אויפן בוידעם. יעטװע־דעם געצײַג, סײַ די װעבשטולן, סײַ די שפּינרעדלעך און אויך די קאַמשטולן צום פלאַקס — אַלץ האָט זי געמוזט אָנ־טאַפּן. זי האָט אַרײַנגעשטעקט איר האַנט אין קאַסטן מיט בשמים און נאָכגעזען, װיפיל ס׳איז אים אין נאָך פאַראַן, און געקװעטשט די רײען חלבנע ליכט, װאָס זענען אויף אַ בראָט־שפּיז געהאַנגען אונטער דער סטעליע אין קאַמער.

— די ליכט זענען שוין טרוקן! האָט זי געזאָגט. מען קאָן זײ שוין אַראָפּנעמען און אַרײַנלײגן אין די קאַסטנס.

אונטן אין קעלער איז זי אויך געװען, פּאָרזיכטיק אײַנ־געבויגן די פעסלעך און אָנגערירט די רײען װײַן־פלעשער.

זי איז אַרײַן אין שפּײַכלער און אין קיך. זי האָט אַלצ־דינג אָנגעטאַפּט, אַלצדינג באַקוקט, זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט און זיך געזעגנט מיט אַלצדינג, װאָס אין איר הויז.

צום לעצטן איז זי אַרײַן אין די שטובן. אין דער עס־שטוב האָט זי זיך אָנגעשטויסן אָן די פּליטן פונם גרױסן טיש.

— אַ סך מענטשן האָבן זיך זאַט אָנגעגעסן בײַם דאָזיקן טיש, האָט זי געזאָגט.

אַזױ איז זי דורכגעגאַנגען איבער אַלע שטובן. די לאַנגע, ברײטע אָטאָמאַנעס האָט זי שוין געפונען שטײן אויף זײער

אָרט. זי האָט אנידערגעלייגט איר האנט אויף די קילע פּליטעס פון די מארמאָרנע טישן, וועלכע זענען אונטערגעהאלטן געוואָרן פון באגילדעטע גריפאָנען*) און האָבן אונטערגעשטיצט שפּיגלען, וואָס האָבן געהאט גזימסן פון טאנצנדיקע געטינס.

— דאָס איז א רייך הויז! האָט זי געזאָגט, א הערלעכער מאן איז ער געווען, וועלכער האָט דאָס אלץ איבערגעגעבן אין מיין רשות! געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

אין סאלאָן, וואו דער טאנץ האָט נאָר-וואָס געהאט געווירבלט, זענען שוין די שטייף-פלייצעדיקע פאָטעלן געשטאנען אין גלייכער אָרדנונג, לענג-אויס די ווענט.

דאָרט איז זי צוגעגאנגען צום קלאוויר און גאנץ שטיל אָנגעשלאָגן א טאָן.

— אין מיין צייט האָט דאָ אויך נישט געפעלט קיין פריילעכקייט און מונטערקייט! האָט זי געזאָגט.

די מאיאָרין איז אריינגעקומען אויך אין גאסט-שטוב, וואָס נעבן סאלאָן.

דאָרט איז געווען פינסטער. די מאַיאָרין האָט געטאַפּט מיט דער האנט און גראָד געטראָפן צו דער באדינערינס פנים.

— דו וויינסט? האָט זי געזאָגט, דערפילנדיק ווי די האנט ווערט איר נאס פון דער באדינערינס טרערן.

דאן האָט דאָס יונגע מיידל אָנגעהויבן העשען אויף א קויל.

— באלעבאָסטע! האָט זי אויסגערופן, באלעבאָסטע! זיי וועלן דאָך פון אלצדינג א תל מאכן! פארוואָס גייט די באלעבאָסטע אוועק פון אונז און לאָזט די קאוואלערן פארוויסטן דאָס דאָזיקע הויז?

די מאיאָרין האָט דאַן א צי-געטון דאָס פאָרהאנג-שנירל און איר אָנגעוויזן אויפן הויף.

---

*) גריפאָן — א לעגענדארישע חיה, — גוף, פיס און וויידל ווי ביי א לייב, קאָפּ און פליגל ווי ביי אן אָדלער. מ. פ.

— צי האָב איך עס דיך אויסגעלערנט צו וויינען און צו יאָמערן? האָט זי אויסגערופן, קוק ארויס! דער הויף איז פול מ ט מענטשן. מאָרגן וועט זיך שוין קיין איין קאוואלער נישט געפונען אין עקעבי!

— וועט דאן די באלעבאָסטע צוריקקומען? האָט די באַ-דינערין געפרעגט.

— מיין צייט איז נאָך נישט געקומען, דער שליאך איז נאָך דערווייל מיין היים, און די שטרוי-סטערטע מיין בעט. אָבער דו וועסט פאר מיר אָפּהיטן עקעבי, בשעת איך בין דאָ נישטאָ, דו הערסט, מיידל?

נאָכדעם זענען זיי ווייטער געגאנגען. קיינער פון זיי ביידע האָט נישט געהאט קיין אנונג, אז מאריאננע איז גע-שלאָפן גראָד אין דער דאָזיקער שטוב. זי איז שוין איצטער געווען אינגאנצן וואך, זי האָט אלצדינג געהערט און אלצדינג פארשטאנען.

זי איז געלעגן אין בעט און געדיכטעט א הימן צו דער ליבע:

— אָ, דו הערלעכע, האָט זי געטראכט, אָ, דו וואונדער-באַרע! דו, וואָס האָסט מיך אויפגעהויבן איבער מיר אליין, אין גרענצלאָזן עלנט בין איך דאָך געלעגן, און דו האָסט עס פאר מיר פארוואנדלט אין א גן-עדן. אויף דער אייזערנער קליאמקע פון דער פאַרמאכטער טיר צו מיין עלטערן-היים זענען מיינע הענט צעקאליעטשעט געוואָרן פונם ברענענדיקן פראָסט, און אויף דער שוועל פון מיין היים ליגן מיינע טרערן, פארפרוירענע אין פערל פון אייז. דער פראָסט פון כעס האָט דורכגעקילט מיין הארץ, בשעת איך האָב געהערט די קלעפּ אויפן רוקן פון מיין מאמע, אין דער שניי-קופּע האָב איך געוואָלט איבערשלאָפן מיין צער און צאָרן. אָבער ענדלעך ביזטו געקומען צו מיר, אָ, ליבע! דו קינד פון פייער, צו מיר, דעם אייז-קאלטן וועזן, ביזטו געקומען! אויב איך פאר-גלייך מיין אומגעהייערן עלנט, וואָס איך האָב די נאכט אדורכגעלעבט, מיט דער הערלעכקייט, וואָס איך האָב דורכ-

דעם געוואונען, דאכט זיך מיר, אז די דאָזיקע עלנטקייט איז גאָרנישט! איך בין איצט באפרייט פון יעטוועדן באנד, — נישט איך האָב א פאָטער, נישט איך האָב א מוטער, נישט א היים. די מענטשן וועלן אלדאָס בייז גלייבן אויף מיר און וועלן זיך מיט פאראכטונג אָפּקערן פון מיר. נו, גוט, אזוי איז עס דיר געפעלן געוואָרן, און זאָל געשעען דיין ווילן, אָ, ליבע! דען פארוואָס זאָל איך שטיין העכער פון מיין געליבטן? האנט-ביי-האנט וועלן מיר אוועקוואנדערן אין דער וועלט. אָרים איז יעסטא בערלינגס כלה. אין א שניי-קופּע האָט ער זי געפונען. טאָ לאָמיר זיך צוזאמען אויפבויען א היים, אָבער נישט אין די הויכע זאלן פון פאלאצן, נאָר אין א קליין פויעריש שטיבעלע נעבן וואלד! איך וועל אים העלפן אָפּהיטן די האָלץ-ברענערייען, איך וועל אים העלפן אויפשטעלן נעצן פארן אויער-האָן און פארן האָז, איך וועל אים קאָכן זיין עסן און פאריכטן זיינע מלבושים. אָ, מיין געליבטער! איך וועל בענקען און זיין פארזאָרגט, בשעת איך וועל איינזאם זיצן נעבן וואלד און דיך אָפּווארטן. גלייבסטו עס, ליבסטער? יאָ, איך וועל עס טון, איך וועל עס טון! נישט נאָך די פארשוואונדענע טעג פון עשירות וועל איך בענקען, בלויז נאָך דיר, נאָך דעם אָפּקלאנג פון דיינע פוס-טריט, איינהאָרכנדיק זיך אין דיין פריילעך געזאנג, בשעת דו קומסט צו גיין מיט דער האק אויפן אקסל. אָ, מיין געליבטער, מיין טייערער! מיין גאנץ לעבן-לאנג וואָלט איך אזוי געקאָנט זיצן און ווארטן און בענקען נאָך דיר...

אָט אזוי איז זי געלעגן און נישט געשלאָפן, נאָר געדיכטעט איר הימן צום אלמעכטיקן גאָט פון הארצן, צום באָרוויסן עראָס, און גראָד דאן איז די מאיאָרין אריינגעקומען אין דער גאַסט-שטוב.

נאָכדעם ווי זי איז ארויס פון דאָרט, איז מאריאנע אויפגעשטאנען און זיך שנעל אָנגעטון. זי האָט ווידער געמוזט נעמען אויף זיך דאָס שווארצע סאמעטענע קלייד און די דינע זיידענע באל-שיך. זי האָט זיך איינגעהילט אין דער קאָלדרע,

ווי אין א שאל, און זיך נאָכאמאָל געאיילט ארויס אין דער דאַזיקער שרעקלעכער נאכט.

רואיק אויסגעשטערנט און בייסנדיק קאלט האָט נאָך די פעברוואר-נאכט גערוט איבער דער ערד, עפעס ווי זי וואָלט גאָר קיין סוף נישט געוואָלט נעמען און די פינסטערניש און קעלט, וואָס זי האָט אין די שעהן פארשפרייט, האָבן נאָך לאנג, זייער לאנג נאָכדעם ווי די זון איז שוין געהאט אויפגעגאנגען, יאָ, אפילו לאנג נאָכדעם ווי דער טיפער שניי איבער וועלכן די שיינע מאריאננע האָט דורכגעוואנדערט, איז שוין געהאט צעגאנגען אין וואסער — האָבן זיי נאָך אלץ פעסט געהאלטן אין זייער האנט די ממשלה איבער דער ערד...

מאריאננע האָט געאיילט אוועק פון עקעבי, כדי צו שאפן הילף. זי האָט עס נישט געקאָנט לאָזן געשעען, אז ס'זאָלן פארזאָגט ווערן די מענטשן, וועלכע האָבן זי אויפגעהויבן פונם שניי און פאר איר געעפנט זייער היים. זי האָט גע-וואָלט אוועקגיין קיין זשעי צום מאיאָר זאמצעליוס. און דע-ריבער האָט זי נישט געהאט קיין צייט צו זאמען זיך, ווייל ערשט אין א שעה ארום האט זי געקאָנט זיין צוריק.

ווען די מאיארין האָט זיך שוין געהאט געזעגנט מיט איר היים, איז זי ארויס אויפן הויף, וואו די מענטשן האָבן אויף איר געווארט, און דער קאמף צוליב דעם קאוואלערן-פליגל האָט זיך אָנגעהויבן.

די מאיאָרין שטעלט-אויס אירע מענטשן ארום דעם הויכן שמאָלן הויז, וואָס דער אויבערשטער שטאָק זיינער איז די בארימטע היים פון די קאוואלערן. דאָרט אויבן, אין דער גרויסער שטוב מיט די געקאלכטע ווענט, מיט די רויט-גע-פארבטע קופערס און מיס דעם גרויסן פראָסטן טיש, אויף וועלכן די אָקע-קאָרטן שוויכען ארום אין פארגאָסענעם בראָנפן, און וואו די ברייטע בעטן זענען פארשטעלט מיט געל-קעסטלדיקע פאָרהאנגען, דאָרט שלאָפן די קאוואלערן. אָ די דאָזיקע זאָרג-לאָזע פארשוינען!

אין דער ווארימער שטאל ווידער, נעבן די פולע קאָרי-

טעס, שלאָפֿן די פערד פֿון די קאַוואַלערן און חלומען וועגן די נסיעות וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין פֿריערדיקע יאָרן. א מחיה איז עס צו חלומען אין די טעג פֿון מנוחה וועגן די ווילדע מעשים פֿון דער יוגנט, וועגן נסיעות צו ירידן, ווען זיי האָבן גאַנצע טעג און נעכט געמוזט שטיין אין דרויסן, אונטערן פֿרייען הימל; וועגן וועט-לויפֿן צוריקוועגס פֿון דער ווייַנאַכטיקער פּרימאָרגן-מעסע אין דער קירך; וועגן פֿרייוואונגען פֿאַר א פּערד-אויסטויש, בשעת שכורע הערן האָבן זיך מיטן שלייף פֿון די לייצעס פֿאַרמאָסטן אויף זיי און אַרויסבייגנדיק זיך פֿונם וואָגן, כמעט ווי ליגנדיק איבער זייער רוקן, זיי אַרייַנגעשריגן אין די אויערן גראָבע זידל-ווערטער און קללות. א מחיה איז עס זיי צו חלומען וועגן דעם אַלעם, בשעת זיי ווייסן, אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט מער דאַרפֿן פֿאַרלאָזן די אָנגעפּילטע קאָריטעס און די וואַרימע שטאַל פֿון עקעבי. אוי, די דאָזיקע זאָרגלאָזע באַשעפֿענישן...

אין אַן אַלטער האַלב-צעפֿאַלענער שאָפּע געפֿינט זיך א משונהדיקע זאַמלונג פֿון אַלטע וואָגנס. דאָרטן שטייען גרין-געפֿאַרבטע משא-שליטנס און רויטע און געלע לייטער-וועגעלעך. דאָרטן שטייט די ערשטע קאַריאָלקע וואָס מען האָט געזעען אין ווערמלאַנד, געוואונען פֿון בערענקרייצן אַלס קריגס-רויב אין יאָר 1814. דאָרטן שטייען אויך כּלערליי איינשפּאַניקע וואָגנס, און בריטשקעלעך אויף רעסאָרן, וואָס זענען איינגעבויגן ווי שוואַנען-העלזער, און עטלעכע פּאָסט-קאַרעטקעס, — אויסטערלישע אינקוויזיטאָרישע מכשירים, מיטן קאָזיאָל אָנגעשפּאַרט אויף הילצערנע רעסאָרן. מען קאָן דאָרטן זען אַלע די שברי-כּלים — דראָזשקעס און קאָליאַסעס — וואָס האָבן צעשאָקלט די געדערים פֿון אונזערע זיידעס בעת זייערע נסיעות איבער גרוביקע שאָסייען. חוצדעם געפֿינט זיך דאָרט א לאַנגער שליטן, אויף וועלכן ס׳קאָנען אַרויף צוועלף מאַן מיטאַמאָל. און אויך דעם תּמיד געפּרוּווירענעם קוזין קריסטאָפֿערס בויד-שליטן, ערנעקלוס אַלטער פֿאַמיליע-שליטן מיט דער מילבן-צעפֿרעסענער בערן-פֿעל און מיטן אָפּגעריבענעם

הערב אויפֿן שליטן-דאשעק; דאָסגלייכן געפֿינט זיך דאָרט א גרויסע צאָל שליטנס מיט שפּיציקע דאשקעס.

א סך זענען זיי געווען, די קאוואלערן, וועלכע האָבן געלעבט און זענען געשטאָרבן אין עקעבי. זייער נאָמען איז שוין פֿון לאנג פֿארגעסן געוואָרן אין דער וועלט. און זיי האָבן שוין נישט קיין אָרט אין די הערצער פֿון מענטשן. אָבער די מאיאָרין האָט באהאלטן די דאָזיקע אלטע וואָגנס, אין וועלכע זיי זענען אמאָל אָנגעקומען קיין עקעבי. זי האָט דאס אלצדינג געזאמלט, טאקע אין דער דאָזיקער אלטער שאָפּע.

דאָרט אינעווייניק שטייען זיי און שלאָפֿן און לאָזן דעם שטויב אין געדיכטע שיכטן פֿאלן איבער זיך. שרויפֿן און טשוועקעס לאָזן נאָך זייער איינגריף אינם צעקרישלטן געהילץ, די פֿארב שיילט זיך און פֿאלט-אָפּ אין לאנגע בלעטלעך, דאָס געבעטעכץ פֿון די קישנס קריכט ארויס פֿון די לעכער, וואָס די מילבן האָבן אויסגעגעסן.

— לאָזט אונז רוען, לאָזט אונז צעפֿאלן! זאָגן די וואָגנס. מיר האָבן זיך שוין גענוג ארומגעטראסקעט איבער די שליאכן, מיר האָבן אין זיך שוין גענוג פֿייכטקייט ארייַנגעזאפּט בעת שלאקס-רעגנס און שניי-זאווערוכעס! לאָזט אונז רוען! ס'איז שוין אזא לאנגע צייט אוועק זינט מיר זענען מיט די יונגע הערן געפֿאָרן צו זייער ערשטן באל. ס'איז שוין לאנג פֿארשוואונדן די צייט, ווי מיר זענען פֿריש-באפֿארבטע און בלאנקענדיקע ארויסגעפֿאָרן אויף די הערלעכע איבערלעבונגען פֿון די שליטן-אויספֿלוגן, און ס'זענען שוין א סך יאָרן פֿארביי, זינט מיר האָבן איבער בלאָטיקע וועגן געבראכט די יונגע העלדן צום מאנעוור-פֿעלד נעבן טראָסנעז — — —.

די אלטע וואָגנס און שליטנס שלאָפֿן דאָרט גאנץ געשמאק און ס'רוב פֿון זיי, אפֿילו פֿון די נייעסטע און בעסטע, האָבן שוין קיינמאָל נישט בדעה צו פֿארלאָזן עקעבי.

און אָט פּלאצט דאָס לעדער פֿונם פֿוס-זאק, ס'צעפֿאלן די רינגען פֿון די רעדער, די ספּריכעס און די הילצערנע שרויפֿן

פון די ראָד-קעפּלעך צעקרישלען זיך. אָבער די אַלטע וואָגנס קימערן זיך גאָרנישט, זיי זאָלן לעבן, אדרבא, זיי ווילן שטארבן — און אן עק! דער שטויב ליגט שוין טאקע איבער זיי ווי א תכריכים-צודעק. אונטער זיין שוץ באקומט די עלטער די מאכט איבער זיי. זיי שטייען דאָרט אין אומגעשטערטער פויל-קייט און צעפאלן ביסלעכווייז, הגם קיינער רירט זיך צו זיי נישט צו. בלויז איין מאָל אין יאָר ווערט די שאָפּע געעפנט, — אויב ס׳קומט-צו א נייער חבר, וואָס האָט טאקע ערנסט בדעה צו באזעצן זיך אין עקעבי. און אזוי שנעל ווי די טירן פון דער שאָפּע זענען ווידער פארמאכט, לייגט זיך די מ׳דקייט, דער שלאָף, די צעפאלנקייט און די עלטער-שוואכקייט אויך איבער אים. מייז, ווערים, מילבן און ווי זיי הייסן דאָרט, — די רויב-גיריקע האָלץ-פרעסערס, — זיי אלע וואַרפן זיך אויף אים, און ער ווערט פארזשאווערט און צעקרישלט אין טרוימ-לאָזער און בנעימותדיקער רו.

אָבער אין דער דאָזיקער אויסטערלישער פעברואר-נאכט לאָזט די מאיאָרין עפענען די טירן פונם דאָזיקן „מוזיי" פון אלטווארג, און ביים ליכט פון לאמטערנע און שטורקאצן לאָזט זי אויפזוכן די וואָגנס און שליטנס, וואָס געהערן צו די איצ-טיקע קאוואלערן פון עקעבי; בערענקרייצנס קאריאָלקע, און ערנעקלוס הערב-באפוצטער שליטן, און די „בודקע", וואָס האָט געשיצט דעם תמיד געפרוירענעם קוזין קריסטאָפער, אלץ לאָזט זי ארויסשלעפּן פון דער שאָפּע.

זי קימערט זיך נישט, צי ס׳איז א געשפאן פאר זומער צי פאר ווינטער. זי זעט נאָר צו, אז יעדער איינער זאָל בא-קומען דאָס זייניקע.

און אין שטאל ווערן זיי אויך אויפגעוועקט, די אלטע קאוואלערישע פערד, וועלכע האָבן נאָר-וואָס געחלומט נעבן זייערע אָנגעפילטע קאָריטעס.

דער חלום אייערער וועט נאָכאמאָל ווערן וואָר, איר זאָרגלאָזע פערדלעך! איר וועט ווידער מוזן פרובירן קלעטערן ארויף איבער גלייכע בערגלעך און עסן דאָס טוכלע היי, וואָס

אין די שטאלן פון די אכסניות, און איר וועט ווידער שפירן דעם טעם פון שמיץ מיט דער בייטש פון שכורע פערד-הענד-לער בעת די ווילדע וועט-געלויפן איבערן גלאנציקן אייז, וואָס איז אזוי גליטשיק, אז איר ציטערט צו שטעלן א פוס דערויף!

שיין זעען זיי איצט אויס, די אלטע וואָגנס און שליטנס, בעת די קליינע נאָרוועגישע בארג-פערדלעך ווערן אוועקגע-שטעלט פאר געשפענטיק-הויכע בריטשקעס, אָדער ווען די הויכפיסיקע, קנאכיקע רייט-פערד ווערן איינגעשפאנט אין ניד-ריקע, שפיציקע שליטנס! די אלטע חיות מאכן גרימאסען און פאָרסקען, בשעת מען לייגט זיי אריין די הארטע צוים אין ציינלאָזן פיסק, און די וואָגנס און שליטנס קרעכצן און סקריי-פען. די דאָזיקע נעבעכדיקע שוואכע זקנים וואָלט מען לי-בערשט באדארפט לאָזן שלאָפן ביז צו דער לעצטער רגע פון דער וועלט. און דא ווערן זיי גאָר ארויסגעשלעפט צום בא-קוקן; ליידער, ווערן דאָ פארשטייפטע קני-געלענקן, הינקענדיקע פאָדערשטע פיס, פערדישע הוסטן און געשווירן ארויסגעפירט אויף דער ליכטיקער שיין...

די שטאל-יונגען גיבן זיך סוף כל סוף אן עצה מיט די פערד און שפאנען זיי איין; נאָכדעם גייען זיי צו צו דער מאיאָרין און פרעגן זי אין וואָסער געשפאן זאָל יעסטא בער-לינג מאכן די נסיעה, ווייל, ווי באוואוסט, איז ער געקומען קיין עקעבי אויף דער מאיאָרינס קוילן-שליטן.

— שפאן-איין „דאָן זשואנען" אין אונזער בעסטן בויד-שליטן! זאָגט די מאיאָרין, און שפרייט-אויס א בערן-פעל מיט זילבערנע קלאמערס!

אזוי ווי דער שטאל-יונג האָט ווידערשפעניק געברומט עפעס אונטערן נאָז, האָט זי צוגעגעבן:

— ס'איז נישט פאראן אין מיין שטאל אזא פערד, וועלכן איך וואָלט נישט געוואָלט אוועקגעבן, כדי פטור צו ווערן פונם דאָזיקן פארשוין. געדענק, וואָס איך זאָג דיר!

לסוף זענען שוין די וואָגנס און די שליטנס אויפגע-

וועקט און די פערד אויף. אָבער די קאוואַלערן שלאָפן נאָך אַלץ.

איצטער איז אויף זיי די ריי ארויסגעפירט צו ווערן אין דער ווינטער-נאַכט; ס׳איז אָבער א פיל געפערלעכערע זאַך זיי אָנצוגרייפן אין די בעטן, ווי ארויסצופירן די שטייף-פיסיקע פערד און די צעקרישלטע אלטע וואָגנס. זיי זענען דרייסטע, שטארקע און שרעקלעכע פארשוינען, פאַרהאַרטעוועטע אין הונדערטער אוואַנטורעס. זיי זענען גרייט זיך צו פאַר-טיידיקן ביז צו דער לעצטער מינוט, און ס׳איז גאָרנישט אַזאַ גרינגע זאַך זיי ארויסצושלעפן פון זייערע בעטן און אראָפּ-ברענגען אין די וואָגנס, וואָס זאָלן זיי אוועקפירן פון עקעבי.

די מאַיאָרין לאָזט אונטערצינדן א שטרוי-סטערטע, וואָס שטייט אזוי נאָענט צום הויז, אז דער פלאַם מוז ארײַנלייכטן אין שלאָף-שטוב פון די קאוואַלערן.

— די שטרוי-סטערטע איז מיינע, גאַנץ עקעבי איז מיינס! זאָגט זי.

און בשעת די סטערטע שטייט אין פלאַמען, רופט זי אויס:

— איצט וועקט זיי אויף!

אָבער די קאוואַלערן שלאָפן הינטער גוט פארמאַכטע טירן. דער גאַנצער המון וואָס שטייט אין דרויסן הייבט-אָן אויסצושרייען דעם שרעקלעכן אימהדיקן רוף: „ס׳ברענט, ס׳ברענט, געוואַלט, ס׳ברענט!" ס׳העלפט אָבער נישט, די קאוואַלערן שלאָפן.

דעם שמיד-מייסטערס שווערער האַמער דונערט אויף דער ארײַנגאַנג-טיר, אָבער די קאוואַלערן שלאָפן.

א האַרט-צונויפגעקוועטשטע שניי-קויל צעברעכט א שויב און פליט אריין אין שטוב, אָפּשפּרינגנדיק צוריק פונם בעט-פּאָרהאַנג, אָבער די קאוואַלערן שלאָפן.

זיי חלומען, אז א שיין מיידל וואַרפט זיי צו א נאָז-טיכל; זיי חלומען וועגן אפּלאָדיסמענטן הינטער אן אראָפּגע-

לאָזטער קורטינע; זיי חלומען וועגן מונטערע געלעכטערס ביי דעם באַטויבנדיקן רעש פון ביינאכטיקע בעלער.

א הארמאטן-שאָס נעבן זייער אויער, א ים אייז-קאלט וואסער וואָלט מען באדארפט האָבן כדי זיי אויפצוּוועקן.

זיי האָבן זיך פארנייגט פאר זייערע באל-דאמען און מיט זיי געטאנצט. זיי האָבן מוזיצירט, אויפגעפירט ספעקטאקלען און געזונגען. זיי פילן זיך איצט שווער פון וויין, זייערע כּוחות זענען פולשטענדיק אויסגעשעפּט פון דער הוליאנקע, און זיי פארזונקען דעריבער אין א שלאָף, וואָס איז אזוי טיף ווי דער טויט.

דער דאָזיקער געבענטשטער שלאָף האלט זיי שוין ביים אָפּראטעווען, מחמת דער המון הויבט-אָן גלויבן, אז די דאָזיקע שטילקייט פארבאָרגט אין זיך א סכּנה. וואָרום אפשר זאָל דאָס גאָר באדייטן, אז די קאַוואַלערן האָבן זיך פון דאָרט ארויסגעכאפּט, כּדי צו שאפן הילף? אָדער זאָל עס אפשר באדייטן, אז זיי זענען וואך און שטייען דאָרט מיט די פינגער ביים צינגל פונם פּיסטאָלעט, לויערנדיק הינטער א פענסטער אָדער א טיר, גרייט צו דערשיסן דעם ערשטן, וואָס וועט וואגן אריינצוקומען?

די דאָזיקע באנדע קאוואלערן זענען דאָך באקאנט אלס כּיטרע, קעמפערישע חברה-לייט, מיינען זיי דאָך געוויס עפּעס מיט זייער שווייגן. ווער האָט עס דען געקאָנט גלויבן, אז זיי וועלן זיך לאָזן איבערראשן ווי א בער אין זיין נאָרע!

דער המון רעוועט איינמאָל נאָכן אנדערן: „געוואלט, ס'ברענט!" אָבער אין קול ואין עונה.

אזוי ווי קיינער האָט נישט קיין דרייסטקייט דערויף, נעמט די מאיאָרין אליין א האק און ברעכט-אויף די דרויסנדיקע טיר.

זי לויפט דערנאָך איינע אליין ארויף איבער די שטיגן, רייסט-אויף די טיר צום קאוואלערן-פליגל און שרייט אַריין: „ס'ברענט!"

דאָס, זעט איר, איז א שטים, וואָס געפינט א בעסערן

אָפּקלאנג אין די אויערן פון די קאוואלערן, ווי דאָס גוואל־טעווען פונם המון. צוועלף מענטשן, וועלכע זענען שוין פון לאנג געוואוינט זיך איינצוהאָרכן צו דער דאָזיקער שטים, שפּרינגען־אויף מיט אמאָל פון זייערע בעטן; זיי דערזעען דעם פייער־אָפּשיין, כאפּן אויף זיך די קליידער און לויפן אראָפּ פון די שטיגן אויפן הויף.

אָבער נעבן דעם ארייננאנג שטייט דער הויכער שמיד־מייסטער און צוויי מגושמדיקע מילנער־יונגען. און א גרויסע שאנד געשעט דאן מיט די קאוואלערן. כסדר ווי עס קומט עמיצער פון זיי אראָפּ, כאפּט מען אים, מען ווארפט אים אום אויף דר׳ערד און ס׳ווערן אים געבונדן די פיס. דערנאָך ווערן זיי צָן שום טענות אוועקגעטראָגן צום שליטן אָדער וואָגן, וואָס איז פאר יעדן איינציקן פון זיי באשטימט.

קיינער האָט זיך נישט ארויסגעדרייט, אלע האָט מען זיי געפּאקט; סיי בערענקרייץ, דער פּולקאָווניק, איז געוואָרן גע־בונדן און אוועקגעפירט, סיי קרישאַן בערג, דער שטארקער קאפּיטאן און סיי פּעטער עבערהארד, דער פילאָזאָף. אפילו דער תמיד אומבאזיגטער, דער שרעקלעכער יעסטא בערלינג איז איצט געוואָרן געפאנגען. א כלל, סאיז דער מאיאָרין גאָר גוט געלונגען אויסצופירן איר פּלאן, מחמת זי איז פאָרט מעכטיקער ווי אלע קאוואלערן צוזאמענגענומען.

ס׳איז ווירקלעך א רחמנות א קוק צו טון אויף די קא־וואלערן, ווי זיי זיצן עס דאָרט מיט געבונדענע אברים אין די אלטע צעטראסקעטע וואָגנס און שליטנס. זיי לאָזן אראָפּ די קעפּ און ווארפן בייזע בליקן ארום זיך, דער הויף טרייסלט זיך פון וויסטע קללות, פון ווילדע אויסברוכן פון מאכטלאָזן כעס.

די מאיאָרין גייט אָבער ארום פון איינעם צום אנדערן.

— דו זאָלסט מיר צושווערן, זאָגט זי, אז דו וועסט שוין קיינמאָל נישט מער צוריקקומען קיין עקעבי.

— גיי אין דר׳ערד אריין, מכשפה!

— דו זאָלסט מיר שווערן, חזרט זי איבער, אז נישט

ווערסטו פון מיר צוריק ארייננעוואָרפן אין קאוואַלערן-פליגל, אזוי געבונדן ווי דו ביזט און דו וועסט דאָרטן פארשרפהט ווערן, ווייל היינטיקע נאכט פארברען איך דעם גאנצן קאוואַ-לערן-פליגל, אזן טו ווי דו ווילסט!

— דאָס וועט די מאיאָרין נישט וואגן!

— נישט וואגן? צי איז דען עקעבי נישט מיין אייגנטום? אָ, דו אויסוואורף איינער! דו מיינסט, אז איך געדענק נישט, ווי דו האָסט מיר נאָכגעשפיגן אויפן שליאך? דו מיינסט אפשר, אז כ׳האָב נישט גרויס חשק געהאט נאָר-וואָס צו מאכן דאָ א פייער און לאָזן אייך אלעמען פארברענט ווערן דאָרט אינע-ווייניק? צי האָסטו דען אויפגעהויבן דיין האנט, כדי מיך צו פארטיידיקן, בשעת מען האָט מיך פארטריבן פון מיין היים? אָ, ניין, דו זאָלסט מיר די רגע שווערן!

א שרעק איז צו זען, ווי דערצאָרנט די מאיאָרין איז איצט, הגם זי מאכט זיך אפשר בייזער ווי זי איז אין דערווירקלעכקייט. און אזוי פיל מאנסלייט, באוואָפנטע מיט שארפע העק, שטייען ארום איר, אז בלית-ברירה מוזן די קאוואַלערן שווערן, כדי ס׳זאָל חלילה נישט קומען צו עפעס א גרויס אומגליק.

די מאיאָרין הייסט אראָפּברענגען זייערע מלבושים און קופערטס, און זי לאָזט אויפקניפן זייערע האנט-פענטעס. נאָכ-דעם גיט מען זיי די לייצעס אין די הענט.

אָבער אויף דעם אלעם איז פיל צייט אוועק, און מאריאננע האָט דערווייל באוויזן צוקומען קיין זשעי.

דער מאיאָר בערענט זאמצעליוס האָט פיינט געהאט צו שלאָפן ביז שפעט אין טאָג ארייַן, און ווען זי איז אָנגעקומען, איז ער שוין געווען אָנגעטון. זי האָט אים געטראָפן אויפן הויף, בשעת ער איז ארויסגעגאנגען מיטן אָנבייסן צו זיינע בערן.

דער מאיאָר האָט נישט קיין סך געענטפערט אויף אירע רייד. ער איז בלויז אַרייַנגעגאנגען צו די בערן און זיי אָנ-געטון די צוימען, ארויסגעפירט זיי אויפן הויף און אוועק-געאיילט קיין עקעבי, אָנטרייבנדיק די בערן מיט א בייטש.

מאריאננע איז אים פון דערווייטנס נאָכגעגאנגען. זי איז שיער נישט געפאלן צו דר׳ערד פון מידקייט, אָבער דערזעענדיק א העלע פייער-שיין אויפן הימל, איז זי אויף טויט דערשראָקן געוואָרן.

וואָס איז דאָס פאר א משונהדיקע נאכט? א מאן שלאָגט זיין ווייב און א פאָטער לאָזט זיין קינד פארפרוירן ווערן פאר זיין טיר. צי האָט דען איצטער א פרוי בדעה צו פארברענען אירע שונאים? און צי האָט דען דער דאָזיקער משוגענער מאיאָר בדעה ארויסצולאָזן די בערן אויף זיינע אייגענע מענטשן?

זי האָט גובר געווען איר מידקייט, איבערגעיאָגט דעם מאיאָר און מיט א ווילדער שנעלקייט געאיילט צו עקעבי צו.

ארייַנקומענדיק אויפן הויף, האָט זי זיך אדורכגעשטופט דורך דער מענטשן-מאסע. בעת זי איז שוין געשטאנען אין מיטן מענטשן-רינג, פנים-אל-פנים מיט דער מאיאָרין, האָט זי אויסגערופן אזוי הויך ווי זי האָט נאָר געקאָנט:

— דער מאיאָר, דער מאיאָר קומט אָן מיט די בערן!

די פארזאמלטע זענען דערשטוינט געוואָרן. אלעמענס בליקן האָבן געזוכט די מאיאָרין.

— איך פארשטיי, אז דו האָסט אים אהערגעבראכט, האָט זי געזאָגט צו מאריאננען.

— אנטלויפט, האָט די לעצטע אויסגערופן, גייט אלע אוועק פון דאנען! אום גאָטס ווילן! איך ווייס נישט, וואָס דער מאיאָר האָט אין זינען... ער האָט אלע זיינע בערן מיט זיך! —

די ארומיקע זענען שטילשווייגנדיק געשטאנען און געקוקט אויף דער מאיאָרין.

— איך דאנק אייך פאר אייער הילף, קינדער, האָט זי רואיק געזאָגט צו די מענטשן. אלץ, וואָס איז דאָ היינטיקע נאכט געשען, איז געווען אזוי איינגעאָרדנט, אז קיינער פון אייך זאָל נישט קאָנען צוגעצויגן ווערן צו געריכטלעכער פאראנטוואָרטלעכקייט אָדער חלילה קומען אין אן אומגליק אריין. גייט איצטער אהיים! איך וויל עס נישט צוזען, אז

עמיצער פון מיינע מענטשן זאָל הרגענען אָדער אליין ווערן דערהרגעט. גייט שנעל אוועק פון דאנען!

די מענטשן זענען אָבער פאָרט נאָך געבליבן שטיין.

די מאיאָרין האָט זיך דאן געווענדעט צו מאריאננען:

— איך ווייס, אז דו ליבסט, האָט זי געזאָגט, דו האנדלסט איצט אין שגעון פון ליבע. הלוואי ס׳זאָל קיינמאָל נישט קומען דער טאָג, ווען דו וועסט מאכטלאָז זיך מוזן צוקוקן צום חורבן פון דיין היים! הלוואי זאָלסטו תמיד הערשן איבער דיין צונג און איבער דיין האנט, בשעת דער כעס פילט-אָן דיין נשמה!

— ליבע קינדער, קומט שוין, קומט שוין! האָט זי זיך ווידער געווענדעט צו די מענטשן, זאָל שוין איצטער גאָט אליין באשיצן עקעבי! איך מוז אוועקגיין צו מיין מוטער. אָ, מאריאננע, ווען דו וועסט ווידער צום שכל קומען, בעת עקעבי וועט שוין זיין פאַרוויסט און דאָס לאַנד וועט קרעכצן אונטער דער שווערער נויט, באַקלער זיך דאַן, וואָס דו האָסט די נאַכט געטון, און קום דאַן צו הילף די מענטשן!

דאָס זאָגנדיק איז זי אַוועק—און דער המון איז איר נאָכגעגאנגען.

בשעת דער מאיאָר איז צוגעקומען צום הויף, האָט ער שוין דאָרט נישט געפונען קיין לעבעדיקן נפש, א חוץ מאריאננען און די לאנגע רייע פערד און וואָגנס מיט די קאוואלערן. דאָס איז געווען א לאנגער, טרויעריקער צוג, אין וועלכן די פערד האָבן נישט אויסגעזען בעסער פאר די וואָגנס און די וואָגנס האָבן נישט געהאט קיין שענערן אויסזען ווי זייערע אייגנטימער. שטארק געשעדיקט אין קאמף פון לעבן זענען זיי אלע געווען.

מאריאננע איז צוגעגאנגען און אויפגעקניפט די פענטעס פון די געבונדענע.

זי האָט באמערקט, ווי זיי האָבן פארביסן די ליפן און אוועקגעקוקט אין א זייט. זיי האָבן זיך געשעמט, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער. א גרעסערע חרפה און בושה האָבן זיי

נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט.

— מיר איז נישט געווען פיל בעסער, בשעת איך האָב מיט א פּאָר שעה פריער געקניט אויף די שטיגן פון ביערנע, האָט מאריאננע געזאָגט, כדי זיי צו טרייסטן.

און אָט, ליבע לעזער, איך וועל אייך דאָ נישט פּרו־בירן צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ס'איז נאָכדעם אין יע־נער נאכט געשעען, ווי אזוי די אלטע וואָגנס און שליטנס זענען צוריק ארייננעקומען אין שאָפּע, די פערד אין שטאַ און די קאוואלערן אין זייערע שטובן.

דער מאָרגן־גרוי האט זיך שוין אָנגעהויבן צו באווייזן איבער די מזרחדיקע בערג, און דער טאָג איז אָנגעקומען מיט ליכטיקייט און רו. אך, וויפיל רואיקער עס זענען די זין־באלויכטענע טעג, איידער די פינסטערע נעכט, אונטער וועמענס באשיצנדיקן פליגל די רויב־חיות גייען אויף יאַגד און עס שרייען די סאָוועס!

בלויז דאָס וויל איך אייך זאָגן, אַז ווען די קאַוואַלערן זענען צוריק אַריינגעקומען אין הויז און אין לעצטן פּונש־בעקן האָבן זיי נאָך געפונען עטלעכע טראָפּנס אָנצוגיסן אין זייערע גלעזער, איז זיי באַפאלן פלוצלינג אַ גרויסע פרייד.

— לחים! זאָל לעבן די מאַיאָרין! האָבן זיי אויסגערופן. הורראַ!

זי איז אַן אומפארגלייכלעכע פרוי! וואָס האָבן זיי דען עפּעס בעסערס פארלאנגט, ווי צו דינען איר, צו פאַרגעטערן זי?

— איז עס דען נישט ביטער, אז דער טייוול האָט באַ־קומען די מאַכט איבער איר, און אז איר גאַנץ שטרעבן און טראכטן, גייט נאָר אויס צו דעם, זי זאָל קאָנען שיקן די נשמות פון די קאוואלערן אין גהינום אריין?

10.

## דער גרויסער בער פון „נורליטאם בארג־קאפ"

אין דער פינסטערניש פון די וועלדער וואוינען טמא׳דיקע חיות, וואָס זייערע פיסקעס זענען באוואָפנט מיט אימהדיק בלאנקענדיקע ציין, אָדער מיט שארפע שנאָבלען; זייערע פיס טראָגן מעכטיקע קלויען, וואָס בענקען זיך נאָכצוהענגען אין אַ בלוט־פולן האלז און זייערע אויגן בלינצלען פון מאָרד־חשק.

דאָרט וואוינען די וועלף, וואָס גייען ביינאכט ארויס אויף יאגד, און פארפאָלגן דעם שליטן פון פויער, ביז וואנען דאָס ווייב זיינס מוז נעמען איר קליין קינד, וואָס זיצט אויף איר שויס און ארויסווארפן עס פאר די וועלף, כדי דערמיט אָפצוראטעווען איר אייגן לעבן און איר מאנס לעבן.

דאָרט וואוינט די ווילדע רויב־קאץ ועמען די מענטשן רופן „קלויע", ווארום לפּחות אין וואלד איז עס זייער גע־פערלעך זי אָנצורופן ביים ריכטיקן נאָמען; דער וואָס האָט עס יאָ געטון, דארף אין אָוונט גוט ארומזעען די טירן און פענסטערלעך פון זיין שטאַל־שטאַל, אויב נישט,—וועט די „קלויע" זיכער דאָרט אָפּשטאַטן א וויזיט! א שפּילעכל איז עס פאר איר ארויפצוקלעטערן אויף גלייכע ווענט, ווארום אירע קלויען זענען שטארקע ווי שטאָל־נעגל; זי איז אזוי פלינק, אז זי קריכט אריין דורך דער קלענסטער שפארונע און ווארפט

זיך אויף די שעפּסן; די „קלויע" הענגט זיך אָן אין זייער גאָרגל און טרינקט-אויס דאָס בלוט פונם האלז, מזיקט און רייסט ביז יעטוועדער שעפּס בלייבט טויט. זי הערט נישט פריער אויף איר טויטן-טאנץ צווישן די דערשראָקענע בהמות, כל-זמן כאָטש איינער פון זיי ווייזט נאָך עפּעס ארויס א סימן פון לעבן, און צומאָרגנס געפינט דער פּויער אלע שעפּסן ליגן טויט מיט צעריסענע גאָרגלען.

אין די וועלדער וואוינט אויך דער פּוהאטש, וואָס שרייט אין בין-השמשות; אויב מען שפּעט אים דאן נאָך, קומט ער אויף זיינע ברייטע פליגלען צופליען ווי א בישט-גוטער און האקט יענעם אויס די אויגן. ווארום ער איז נישט קיין ריכ-טיקער פויגל; א וואלד-רוח איז ער! — — —

דער שרעקלעכסטער וואלד-איינוואוינער איז אָבער דער בער, וואָס באזיצט דעם כוח פון צוועלף דערוואקסענע מאנסלייט און אויב ס'איז אין אים אריין א מענטשלעכער דיבוק, — קאָן ער דערהרגעט ווערן בלויז דורך א זילבערנער קויל. סארא בא-האלטענע אימהדיקע כוחות עס זענען אין דעם בער, וואָס מאכן אים הארט פאר געוויינלעכן בליי? א קינד קאָן אין משך פון פיל שעהן ליגן וואך און צאפּלען זיך פאר דער דאָזיקער חיה-רעה, וועמען בייזע כוחות באשיצן.

און אויב מען זאָל אמאָל טרעפן דעם בער אין וואלד,— א גרויסן און הויכן ווי א וואנדערנדיקער פעלזן-בארג, דאן זאל מען נישט אנטלויפן, און אויך נישט פארטיידיקן זיך, נאָר מען זאָל זיך אוועקלייגן אויף דער ערד און זיך מאכן טויט. א סך קליינע קינדער זענען שוין אין זייער דמיון גע-לעגן אויף דער ערד און געהאט דעם בער איבער זיך, ער האָט זיי מיט דער לאפּע געקאָלערט ארום און ארום, און זיי האָבן געפילט זיין הייסן, סאָפּנדיקן אָטעם איבער זייער פּנים, אָבער זיי זענען פּאָרט געלעגן שטיל, ביז וואנען ער איז אוועקגעגאנגען, כדי אויפצוגראָבן א גרוב וואו זיי צובאהאלטן. זיי האָבן זיך דאן פאמעלעך אויפגעהויבן און זיך אוועקגע-שארט דורך די געדיכטע קוסטעס; תחילת לאגנזאָם, און דער-

נאָך אזוי שנעל, ווי די קליינע פיסלעך האָבן נאָר געקאָנט לויפן, — אבי וואָס ווייטער פון דאָרטן.

אָבער שטעלט אייך נאָר פאָר, — אָ, שטעלט אייך נאָר פאָר, אויב דער בער וואָלט זיי נישט געפונען אזוי פאַלקאָם טויט, נאָר ער וואָלט זיי אַ קאַפּעטשקע איינגעביסן, אָדער אויב ער וואָלט געווען זייער הונגעריק און געהאט חשק זיי באלד אויפן אָרט אויפצועסן, אָדער אויב ער וואָלט זיי דערזעען, בשעת זיי זענען אנטלאָפן, און זיי נאָכגעיאָגט!... אָ, גאָט! א וויסטע אימה כאפט מיך ארום ביים דאָזיקן געדאנק.

ווי א מכשפה איז די שרעק! זי זיצט אין דער פינס-טערניש פון די וועלדער, און זי פליסטערט דעם מענטשן אין אויער אריין כישוף-לידער און פילט-אָן זיין הארץ מיט אימה׳-דיקע מחשבות. דערפון קומט די פאַראַליזירנדיקע מורא, וואָס מאכט שווער דאָס לעבן און פארשטעלט פאר דעם מענטשן די שיינקייט פון הערלעכע געגנטן. פיינטלעך איז די נאטור, כיטרע ווי דער שלאָפנדיקער שלאנג, קיין שום זאך קאָן מען איר נישט גלויבן. צי ליגט דען נישט דאָרט די אָזערע לעוי-ווען אין הערלעכער שיינקייט? גלויב איר נישט! זי לויערט אויף רויב: יעדעס יאָר מוז זי באקומען איר מעשר פון דער-טרונקענע. דאָרט ליגט דאָך דער וואלד אזוי לאָקענדיק פרידלעך, אָבער גלייב אים נישט! דער וואלד איז פול מיט טמא׳דיקע חיות, אין וועלכע ס׳זענען אריין נשמות פון בייז-וויליקע מכשפות און מאָרד-גלוסטיקע גזלנים! היט זיך פארן קוועלעכל מיטן ווייכן וואסער! ס׳ברענגט חלאת און טויט, אויב מען שפרייזט דערין אדורך נאָך זון-אונטערגאנג! גלויב נישט דער קוקאווקע, וואָס האָט אזוי מונטער געקרייעט אין פרי-לינג! אין הארבסט פארוואנדלט זי זיך אין א רויב-גיריקן שפארבער, מיט שפיזיקע אויגן און שארפע נעגל. גלויב נישט דעם מאָך, נישט דעם ווזשאָס, נישט דעם פעלזן-בארג; בייז-וויליק איז די נאטור, באזעסן פון פינסטערע, גרויזאמע כוחות, וואָס האסן דעם מענטשן. נישט פאראן קיין אָרט, וואו דו קאָנסט מיט זיכערקייט אוועקשטעלן דיין פוס; און מערקוויר-

דיק איז, אז דער שוואכער מענטשלעכער מין קאָן זיך אויס־דרייען פון אזוי פיל פארפאַלגונג!

ווי א מכשפה איז די שרעק! צי איז זי נישט אמאָל געבליבן זיצן אין דער פינסטערניש פון די טיפע ווערמלענדישע וועלדער, און צי זינגט זי נאָך אירע כשוף־לידער? פארטונקלט זי נאָך די שיינקייט פון הערלעכע געגנטן, פאַראַליזירט זי נאָך די פרייד פון לעבן?

גרויס איז געווען איר מאכט, איך ווייס עס, איך, וואָס כ׳האָב געהאט שטאָל אין וויגעלע און פייער־קוילן אין באָד־וואסער; איך ווייס עס, איך, וואָס כ׳האָב געפילט איר אייזער־נע האנט ארום מיין האַרץ!

אָבער קיינער זאָל חלילה נישט מיינען, אז איך וויל דאָ איצטער דערציילן וועגן עפּעס אימה׳דיקעס און גרויזאמעס. דאָס איז נאָר אן אלטע מעשה וועגן דעם גרויסן בער פון „גורליטאַס בארג־קאָפּ״, וואָס איך וויל דאָ דערציילן, און ס׳שטייט יעדן איינציקן פריי צו גלויבן אָדער נישט, — ווי געוויינטלעך מיט יאגד־מעשיות.

— — — — — — — — — — — — — —

דער גרויסער בער האָט זיין היים אויף דעם פּרעכטיקן בארג־קאָפּ, וואָס מען רופט „גורליטאַ״ און וועלכער שטייט — א גלייכער און שווער צוגענגלעכער — אויפן ברעג פון דעם אויבערשטן טייל פון דער לעיווען.

די וואָרצלען פון אן אומגעפאלענער סאָסנע, צווישן וועלכע דער מאָך־טאָרף איז נאָך פארבליבן, בילדן די ווענט און דעם דאך ארום זיין וואוינונג, צווייגן און ריטלעך שיצן זי, דער שניי פארשטאָפּט די לעכער. ער קאָן דאָרט ליגן אינעווייניק און כאפּן א גוטן און רואיקן דרימל פון זומער צו זומער.

צי איז ער דען א פּאָעט, א סענטימענטאלער טרוימער, — דער דאָזיקער קודלאטער וואלד־מלך, דער דאָזיקער קרום־אויגיקער גזלן? וויל ער פארשלאָפן די פּראָסטיקע נעכט און פארבלאָזע טעג פונם קאלטן ווינטער, כדי אויפגעוועקט צו

ווערן פון רוישנדיקע קוועלעכלעך און פייגל-געזאנג? וויל ער דאָ'ט ליגן און חלומען וועגן פארוויטלטע באָרוווקעס-בערגלעך און וועגן מוראשניקעס, אָנגעפילטע מיט ברוינע, באטעמטע באשעפענישלעך, און סמאקעווען דעם געדאנק וועגן ווייסע שעפסעלעך, וואָס פאשן זיך אויף די גרינע בארג-משופּהקייטן? צי וויל ער, דער גליקלעכער, אויסמיידן דעם ווינטער פון לעבן?

אין דרויסן פליט דער ווירבל-שניי, פייפנדיק צווישן די סאָסנעס; אין דרויסן שלעפן זיך ארום דער וואָלף און דער פוקס,—משוגענע פון הונגער. פארוואָס זאָל נאָר דער בער אליין מעגן שלאָפן? זאל ער אויפשטיין און פילן ווי דער פראָסט ברענט, ווי שווער ס'איז ארומצוטרעטן אין טיפן שניי!... זאָל ער אויפשטיין!

ער האָט זיך אויסגעבעט א גוט געלעגער, דער דאָזיקער פיינער תכשיט,—א שטייגער ווי די שלאָפנדיקע פרינצעסין פונם קינדער-מעשהלע, און פונקט ווי דער פרינץ וועקט זי אויף דורך א קוש, אַזוי וויל דער בער אויפגעוועקט ווערן דורכן פרילינג. ער וויל אויפגעוועקט ווערן דורך א זונען-שטראל, וואָס רייסט זיך צווישן די ריטלעך אריין אין זיין שלאָף-שטוב און ווארימט זיינע באָז-לעבער, אָדער דורך עטלעכע טראָפּנס פון דער צערונענער שניי-קופּע, וואָס נעצן אדורך זיין פעלץ... אָבער ווייי איז צו דעם, וועלכער שטערט אים אין דער נישט-ריכטיקער צייט!...

נו, ! יאָ!... פונקט ווי ס'וואָלט עמיצער זיך נאָכגעפרעגט, ווי אזוי דער וואלד-מלך וויל איינאָרדענען זיין קיום! ווי ס'וואָלט נישט איצטער גאָר אומגעריכטערהייט א גאנצע מענגע האָגל-שרויט געקומען אריינצופליען צווישן די ריטלעך און ווי בייסנדיקע קאָמארעס אריינגעקראָכן אין דער הויט זיינער!

ער דערהערט פלוצלינג א געשריי, א באטויבנדיקן רעש און שארף-קנאלדיקע שאָסן. ער טרייסלט דאן ארויס דעם שלאָף פון זיינע אברים און שליידערט אוועק די ריטלעך אין א זייט כדי נאָכצוזען, וואָס דאָ איז געשען. דאָס איז פאר

דעם אלטן, פארכאַליעטן שלעגער א גאנץ שווערע עבודה אויסצופירן. אהא!... ס׳מאכט זיך דאָ לעבעדיק!...

וואָרום ס׳איז געווים נישט דער פרילינג, וואָס פילדערט און רוישט אין דרויסן, פאר דער נאָרע! און אויך נישט דער שטורם-ווינט, וואָס ווארפט-אום סאָסנעס און יאָגט-אָן א שניי-זאווערוכע, אָ, ניין... דאָס זענען דאָך די קאוואלערן... די חברה קאוואלערן פון עקעבי!

זיי זענען אלטע באקאנטע פונם וואלד-מלך. בישקשה, ער געדענקט נאָך גאנץ גוט די נאכט, ווען דער מאיאָר אנדערס פוקס און דער פולקאָווניק בערענקרייץ האָבן זיך פארשטעקט אין א קו-שטאל פון א פויער אין דאָרף ניגאָרד, וואו מען האָט זיך געריכט אויף זיינעם, דעם בערס, א באזוך. ווען ער האָט זיך ארייגעכאפט דורכן טאָרפענעם דאך, זענען זיי נאָר-וואָס געהאט איינגעשלאָפן איבער זייער בראָנפן-פלאש; זיי האָבן זיך אָבער אויפגעכאפט, בשעת ער האָט שוין גע-זאָלט אַרויסהויבן די געממיתטע קו פון דער שטאל, און זיי זענען אים באפאלן מיט ביקסן און מעסערס. די קו האָבן זיי טאקע צוגענומען פון אים און אויך דאָס איינע אויג זיינס, אָבער מיטן לעבן איז ער פאָרט ניצול געוואָרן.

און ווירקלעך, זענען דען נישט די קאוואלערן און ער אלטע באקאנטע?... דער וואלד-מלך געדענקט נאָך גאנץ גוט, ווי אזוי זיי האָבן זיך א צווייטן מאָל געוואָרפן אויף אים, בעת ער און זיין הויכגעשעצטע פרוי — די מלכה זיינע—ווי אויך ס׳יונג-ווארג זייערס האָבן זיך נאָר-וואָס געהאט אוועקגעלייגט צום ווינטער-שלאָף אינם אלטן קיניגלעכן בערן-שלאָס, טאקע דאָ אויף „גורליטאס בארג-קאָפּ״. אָ, ער געדענקט נאָך גאנץ גוט, ווי די קאוואלערן זענען גאָר אומדערוואַרטעט אָנגעפאלן אויף זיי! אויך דעמאלסט איז אים געלונגען צו אנטלויפן, אַוועק-שלײדערנדיק אַלץ, וואָס איז אים געשטאנען אין וועג, אָבער ער האָט נאָכדעם זיין גאנצן לעבן געמוזט הינקען פון א שאָס אין היפט-ביין, און ווען ר׳איז ביינאכט צוריק געקומען צום קיניגלעכן שלאָס, איז דער שניי געווען רויט באפארבט מיטן

בלוט פון זיין הויכגעשעצטער מלכּה-פּרוי, און דאָס קיניגלע-
כע יונגוואַרג איז אוועקגעפירט געוואָרן אויפן פלאַך-לאַנד,
כּדי עס זאָל דאָרט אויפוואַקסן און ווערן באַדינער און פריינט
פון די מענטשן.

יאָ, איצטער טרייסלט זיך דער באָדן, איצטער צעשיט
זיך די שניי-קופּע וואָס דעקט-צו דעם אריינגאַנג צו דער
נאָרע, איצטער רייסט ער זיך אַרויס, דער גרויסער בער,
דער אַלטער קאַוואַלערן-שונא. גיב אַכטונג פוקס, אַלטער
בערן-יעגער, גיב אַכטונג, בערענקרייץ, — פּוּלקאָווניק און
קאָרטן-שפּילער! גיב אַכטונג, יעסטאַ בערלינג, העלד פון הונ-
דערטער אַוואַנטורעס!

ווי איז צו אַלע פּאָעטן, טרוימער און ליבע-העלדן!
דאָרט שטייט איצט יעסטאַ בערלינג מיטן פינגער אויפן צינגל
פון דער ביקס, און דער בער קומט גלייך צו אים. פאַרוואָס
שיסט ער נישט? וועגן וואָס טראַכט ער עס אַזוי, בשעת ער
האָט דעם בער פּונקט אויפן ציל? פאַרוואָס יאָגט ער נישט
גלייך אַריין אַ קויל אין דער ברייטער בערן-ברוסט? ער שטייט
דאָך אויפן ריכטיקן אָרט, דאָס צו טון. די איבעריקע יעגערס
קאָנען דאָך לעת-עתּה נישט צוקומען, צו שיסן אין ריכטיקן
אויגנבליק. צי מיינט ער, אַז ער שטייט בלויז אויף אַ פּאַראַד
פאַרן וואַלד-קיניג?

יעסטאַ שטייט טאַקע און חלומט וועגן דער שיינער
מאַריאַננע, וועלכע ליגט די טעג מסוכּן קראַנק אין עקעבי,
פאַרקילט נאָך דער נאַכט, וואָס זי איז געשלאָפן אין דער
שניי-קופּע.

ער טראַכט וועגן דעם, פאַרוואָס אויך זי איז אַ קרבן
פון דער קללה פון שנאה, וואָס ליגט אויף דער ערד, און
ס'שוידערט אים פון עקל צו זיך אַליין, פאַרוואָס ער איז
היינט פאָרט אַרויסגעגאַנגען, כּדי צו פאַרפאָלגן און ממיתן.

אָבער אָט קומט דער גרויסער בער גלייך קעגן אים.
ער איז בלינד אויף איין אויג, פון אַ שניט מיט אַ מעסער
פון אַ קאַוואַלער; ער הינקט אויף אַ פוס צוליב אַ קויל פון

דער ביקס פון א צווייטן קאוואלער! ער איז בייז און שפיצט זיינע ברוינע קודלעס. ער איז איינזאם, זינט זיי האָבן דער־הרגעט זיין ווייב און אוועקגעפירט זיינע קינדער. און יעסטא זעט אים בולט, אזוי ווי ר׳איז אין דער ווירקלעכקייט: אן אָרימע, פארפאָלגטע חיה נעבעך. ער, יעסטא בערלינג, וויל נישט צונעמען ביי איר דאָס לעבן, — דאָס לעצטע וואָס איז איר נאָך פארבליבן, נאָכדעם ווי די מענטשן האָבן ביי איר אלץ צוגענומען.

— זאָל ער מיך טויטן, טראכט יעסטאַ, אָבער איך וועל נישט שיסן.

בשעת דער בער ברעכט זיך אדורך צו אים דורך די צווייגן, שטייט ער רואיק, פונקט ווי אויף א פאראד, און ווען דער וואלד־מלך שטייט אים שוין גלייך פארן פנים, פרעזענ־טירט ער דאָס געווער און מאכט א שריט אין א זייט פאר זיין מאיעסטעט.

דער בער זעצט דאן פאָר זיין וועג, וויסנדיק זייער גוט, אז ער טאָר דאָ נישט פארלירן קיין צייט. ער ברעכט זיך אריין אין וואלד, מאכט זיך א וועג דורך הויכע שניי־קופעס און קאטשעט זיך אראָפּ פון גלייכן בארג. ער אַנטלויפט און ווערט פארפאלן, ווי א שטיין אין וואסער אריין... אָבער די אלע יעגערס, וועלכע זענען ביז איצט געשטאנען מיט אן אָנגעשפאנטען ציינגל און געווארט אויפן קנאל פון יעסטאס געווער, שיסן־אויס אלע אויף א מאָל פון זייערע ביקסן. נאָר אומזיסט איז זייער טרחה. דער פארפאָלגונגס־קרייז איז איבער־געריסן געוואָרן, און דער בער איז נישטאָ!...

דער מאיאָר אנדערס פוקס און דער פולקאָווניק בערענ־קרייץ בייזערן זיך און שילטן, אָבער יעסטא לאכט פון זיינע באיווע חברים:

— ווי קאָנען זיי גאָר פארלאנגען, אז א מענטש, וועלכער איז אזוי גליקלעך ווי ער, זאָל טון שלעכטס מיט גאָט׳ס באַ־שעפעניש?...

דער גרויסער בער פון „גורליטאס בארג־קאָפּ” איז אלזאָ

ארויס מיטן לעבן אויך פון דער דאָזיקער מעשה; אָבער איצט איז ער שוין אויפגעוועקט פונם ווינטער-שלאָף, און דערפאַר וועט ער מיט די פויערים לערנען בלק! קיין שום אנדערער בער באזיצט נישט אזעלכע פעאיקייטן ווי ער אראָפּצורייסן די דעכער פון זייערע נידריקע שעפּסן-שטאלן, וואָס זענען ענלעך צו קעלערס. קיינער קאָן זיך נישט בעסער פאר אים ארויסדרייען פון אן אויסגעשטעלטער נעץ.

די מענטשן דאָרט אויבן אין צפון, ביים אויבערשטן טייל פון דער לעיוועז, האָבן זיך שוין אַליין נישט געקאָנט קיין עצה געבן קעגן דעם דאָזיקן גזלן. און דעריבער האָט מען אַראָפּגעשיקט אַ שליח נאָך א שלוח צו די קאוואלערן, אַז זיי זאָלן זיך מטריח זיין ארויפקומען און ממיתן דעם בער.

טאָג-איין טאָג-אויס, נאַכט-איין נאַכט-אויס, אין משך פון גאַנצן חודש פעברואַר, שלעפּן זיך איצטער די קאוואלערן ארויפצו צו דעם אויבערשטן טייל פון דער לעיוועז, כדי צו געפינען דעם בער, אָבער ער דרייט זיך כסדר אויס פון זיי. צי האָט ער זיך אויסגעלערנט די כיטרעקייט פונם פוקס, און די געשווינדקייט און פלינקייט פונם וואָלף? ווען די קאוואלערן לויערן אויף אים אין איין הויף, בושעוועט ער אין שכנותדיקן הויף; אויב זיי זוכן אים אין וואלד, פארפאָלגט ער דעם פויער, וואָס קומט צופאָרן איבערן אייז. ער איז דער דרייסטסטער פון די וואלד-גזלנים, ער קריכט ארויף אויפן בוידעם און ליידיקט-אויס דער באַלעבאָסטעס האָניק-קרוגל, ער דערהרגעט דאָס פערד וואָס איז איינגעשפאנט אין שליטן,—אונטערן נאָז פונם פורמאַן!

אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן משער זיין, סארא מין בער דאָס איז, און פארוואָס יעסטאַ האָט נישט געקאָנט שיסן אין אים. ס׳איז אן אימה צו זאָגן, און ס׳איז שרעקלעך צו גלויבן, אָבער עס איז פאָרט נישט קיין געווענלעכער בער, און קיינער קאָן גאָרנישט אין זינען האָבן אים אוועקצולייגן, וויבאַלד ער האָט נישט קיין זילבערנע קויל. דאָס מוז זיין א קויל פון זילבער און גלאָקן-רודע, געגאָסן

אין א קירכן-טורעם, אין א דאָנערשטיקן אָוונט בעת׳ן מולד, און דער גלח אָדער דער קירך-אויפזעער אָדער עמיצער אַנ-דערש זאָל נישט וויסן דערפון,—אָט דאָס וואָלט אים אפשר יאָ געממיתט. אָבער אזא מין קויל איז נישט אזוי גרינג צו קריגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין עקעבי געפינט זיך א מענטש, וועלכער האָט מער ווי ווער ס׳נישט איז געהאַט גרויס קרענקונג דערפון, וואָס דער בער איז אנטלאָפן. דאָס איז, ווי מען קאָן זיך שוין משער זיין, דער מאיאָר אַנדערס פוקס, דער אלטער בערן-יעגער.— ער פארלירט, אי דעם אַפעטיט צום עסן, אי דעם שלאָף פון גרויס פאַרדרוס, וואָס ער קאָן נישט אוועקליייגן דעם ריזיקן בער פון „גורליטאַס באַרג-קאָפּ״; לסוף אָבער באגרייפט ער אויך, אַז דער בער קאָן אוועקגעלייגט ווערן בלויז דורך א זילבער-נער קויל.

דער כמורנער און בייזער מאיאָר אנדערס פוקס, איז אסור נישט געווען קיין שיינער פארשוין. ער האָט געהאט א שווער-פעליקן, אומגעלומפערטן גוף, א ברייטן, רויטן פנים מיט אראָפּהענ-געענדיקע בייטעלעך אונטער די קינבאקן, און א פילפאכיקן גוידער. די צוויי קליינע, שווארצע וואָנסעלעך זענען ווי שטייפע בערשטן געזעסן אויף זיין גראָבער אויבערשטער ליפּ, און די שווארצע האָר זענען אים געשטאנען גלייך און שטעכיק פון סאמע שטערן אָן. דער-צו נאָך איז ער געווען א קנאפער דברן, דערפאר אָבער א שפּאָרער בעל-אכילה. ער איז נישט געווען פון די מענטשן, וועמען פרויען באגעגענען מיט ליכטיקע שמייכעלעך און אָפענע אָרעמס, און ער אליין האָט זיי אויך נישט געשענקט קיין מילדע בליקן. ער האָט שוין אליין נישט געגלויבט, אז ער זאָל נאָך א מאָל זוען נישט ס׳איז טרעפן אזא פרוי, וועלכע זאָל נושא-חן זיין אין זיינע אויגן; דעריבער זענען די אלע זיבן זאכן וואָס געהערן צו ליבע און ראָמאנטישקייט געווען גאנץ ווייט פון אים. און דערפאר טאקע איז עס אזא חידוש געווען, וואָס ער האָט איצט רק געקוקט אויף דער לבנה, ווי ער וואָלט ביי איר געוואָלט פרעגן אן עצה אין א הארצן-ענין. דאָס האָט

ער טאקע נישט געטון. ער האָט בלויז געטראכט וועגן דער זילבערנער קויל, וואָס מען קאָן גיסן נאָר בעתן מולד.

און אָט איז אָנגעקומען אַ דאָנערשטאָג, און דער אָוונט איז געווען א שיינער, ווען די לבנה איז נישט מער ווי א צוויי פינגער די ברייט און פארבלייבט א פאָר שעה אויפן האָריזאָנט. ווען די זון איז שוין אונטערגעגאנגען, האָט זיך דער מאיאָר פוקס ארויסגעגנבעט פון עקעבי, נישט זאָגנדיק פאר קיינעם וואוהין ער האָט בדעה זיך אוועקצולאָזן. ער האָט מיטגענומען פייער-שטאָל, א קויל-פורעם און א קוילן-בעקן און דאָס אלץ ארייגעלייגט אין דער יאגד-טאָרבע. די ביקס האָט ער זיך פארוואָרפן אויף די פלייצעס און — היידא! צו דער קירך אין ברובי; אָט וועט ער אָקאָרשט זען, צי דאָס גליק וועט זיך וועלן מטריח זיין פאר אזא ערלעכן מענטשן ווי ער.

די קירך ליגט אויפן מזרחדיקן ברעג פון שמאָלן דורכגוס צווישן אויבערשטן און אונטערשטן טייל פון דער לעיוועז, און דער מאיאָר פוקס מוז אריבערגיין די בריק וואָס איבערן דורכגוס, כדי צוצוקומען צו דער קירך. אלזאָ, גייט ער אזוי פארטיפט אין שווערע מחשבות, נישט אומקוקנדיק זיך צו די בערגלעך פון ברובי, וואו די הייזער צייכנען זיך שארף קעגן קלאָרן אָוונט-הימל, און נישט צו „גורליטא", וואָס זיין קיילעכדיקער שפיץ זעט זיך ארויס אינם אָוונט-גלאנץ. ער קוקט כסדר אראָפּ אויף דער ערד און קלערט אלץ, ווי אזוי ער זאָל דאָ קאָנען קריגן דעם קירך-שליסל, נאָר אויף אזא מין אופן, אז קיינער זאָל דאָס נישט וויסן.

אָבער ווען ער קומט ארויף אויף דער בריק, דערהערט ער עמיצן שרייען אזוי פארצווייפלט, אז ער מוז אויפהויבן דעם בליק.

צו יענער צייט איז דער קליינער דייטשל פאבער געווען דער אָרגאניסט אין ברובי. ער איז געווען א דאַרער פארשוינדל, שוואך סיי אין וואָג, סיי אין ווערט. און קירך-אויפזעער איז דעמאָלסט געווען יאן ליארסאָן, — א טיכטיקער פויער, אָבער אן אביון, מחמת דער כיטרער גלח פון

ברובי האָט ביי אים אויסגענאַרט זיין גאַנצע ירושה,—א קימאַ־לן פון א פינפהונדערט טאָלער!

דער קירך-אויפזעער האָט געוואָלט חתונה האָבן מיטן אָרגאַניסטס שוועסטער, די קליינע איידעלע יונגפרוי פאַבער, אָבער דער אָרגאַניסט האָט נישט געוואָלט דערלאָזן דערצו, און צוליב דעם זענען די דאָזיקע צוויי מענטשן נישט געווען קיין איבעריק גוטע פריינט.

גראָד אין יענעם אָוונט האָט דער קירך-אויפזעער גע-טראָפן דעם אָרגאַניסט אויף דער בריק, און איז גלייך צוגע-לאָפן צו אים. ער כאַפּט אים אָן פאַר דער ברוסט און הויבט אים אויף אויף זיינע הענט איבער דעם בריק-אָנלען, און זאָגט אים צו מיט כלערליי שבועות, אַז ער וועט אים אַריינ-וואַרפן אין דורכגוס, אויב ער וועט אים נישט געבן די איי-דעלע יונגפרוי פאַר א ווייב. דער קליינער דייטשל וויל אָבער נישט נאָכגעבן, ער וואַרפט זיך און שרייט, און זאָגט כסדר: ביין!—הגם טיף אונטער זיך זעט ער דעם שוואַרצן ריבשטאָק פונם פרייען וואַסער, וואָס שטראָמט צווישן די ווייסע ברעגן.

— ניין, ניין! שרייט ער, ניין, ניין, איך וועל זי דיר נישט געבן!

און ס׳איז טאַקע נישט זיכער, צי דער קירך-אויפזעער וואָלט נישט אין ווילדן כעס געלאָזט דעם אָרגאַניסט אַראָפּ-טאַנצן אין קאַלטן, שוואַרצן וואַסער אַריין, אויב דער מאַיאָר פוקס וואָלט נישט גראָד דעמאָלסט אַרויפגעקומען אויף דער בריק. איצטער באַקומט דער קירך-אויפזעער שטאַרק מורא, ער לאָזט פאַבערן צוריק אַראָפּ אויף דער בריק און אליין מאַכט ער געשווינד א ויברח.

דער קליינער פאַבער פאַלט דעם מאַיאָר אויפן האַלז, וויל אים דאַנקען, אָבער דער מאַיאָר שטופּט אים מיט עקל אָפּ פון זיך און זאָגט, אַז ס׳איז דאָ, במחילה, נישטאָ פאַר-וואָס צו דאַנקען. דער מאַיאָר האָט נעמלעך נישט קיין איב-ריק גרויסע ליבשאַפט פאַר דייטשן, זינט ער איז געווען איינ-

קוואַרטירט אין פּוטבוס אויפן אינזל ריגען, בעת דער פּאָמע־רשער מלחמה.

ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי נאָנט צו שטאַרבן פון הונגער, ווי אין יענער צייט.

דער קליינער פּאַבער וויל דאַן אַוועקלויפן צום סטאַ־דאָסטע שאַרלינג, כּדי אָנצוקלאַגן דעם קירך-אויפזעער פאַר א מאָרד-פּרווו, אָבער דער מאַיאָר גיט אים צו פאַרשטיין, אַז דערויף לוינט זיך אָסור נישט די טרחה אין דעם דאָזיקן לאַנד, מחמת דאָס לעבן פון א דייטשל איז דאָ נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי.

ערשט דאַן בארואיקט ער זיך, דער קליינער פּאַבער, און ער פאַרבעט דעם מאַיאָר צו זיך אַהיים, כּדי אים מכבד צו זיין מיט חזיר-וואורשט און מיט אָוושאַנע ביר.

דער מאַיאָר גייט מיט אים מיט, ווייל ער טראַכט זיך, אַז דער אָרגאַניסט מוז זיכער האָבן א שליסל פון דער קירך ביי זיך אין דערהיים. און זיי גייען אַרויף צו דעם בערגל, וואו די קירך פון ברובי ליגט מיט דער פּלעבאַניע פונם פּראָבאָסטש, מיטן הייזל פונם קירך-אויפזעער און מיט דער דירה פונם אָרגאַניסט אַרום זיך.

— האָט נישט קיין פּאַראַיבל, האָט נישט קיין פּאַראַיבל! זאָגט דער קליינער פּאַבער, ווען ער און דער מאַיאָר טרעטן איבער די שוועל פון זיין היים, היינט איז דאָ אפילו נישט אַזוי אין בעסטער אָרדנונג. מיר האָבן זיך דאָ היינט געפּאָ־רעט אין דער באַלעבאַטישקייט, איך און מיין שוועסטער: מיר האָבן געשאָכטן א האָן!

— אָ, צו אלדי רוחות, אַזוי גאָר! רופט-אויס דער מאַיאָר.

די קליינע, איידעלע יונגפרוי פּאַבער קומט באַלד אריין מיט אָוושאַנע ביר אין גרויסע, ליימענע קרוגן.

איצט ווייסט יעדער, אַז דער מאַיאָר האָט אויף פרויען געקוקט נישט מיט גאָר מילדע בליקן. אָבער צו באַטראַכטן די קליי־נע יונגפרוי פּאַבער האָט אים אלנפאַלס הנאה געטון. זי איז

אריינגעקומען צירלעך געקליידעט אין א ווייסן פארטוכל און א פיינעם הייבעלע. די העלע האָר זענען געלעגן גלאַטיק צו־געקעמט ארום דעם שטערן, און דאָס קליידל פון היימיש־גע־וועבטן שטאָף, איז געווען אזוי בלענדניק ריין, אירע קליינע הענטלעך זענען אזוי שטארק באשעפטיקט געווען און זי האָט זיך אזוי גראציעז באוועגט, און דערצו נאָך איז איר קליין פנימל געווען אזוי ראָזע און קיילעכדיק, אז דער מאיאָר האָט נישט געקאָנט פטור ווערן פונם געדאנק, דאָס ווען ער וואָלט מיט א פינפאונצוואנציק יאָר צוריק געטראָפן אזא קליין חנעוודיק ווייבעלע, וואָלט ער אומבאדינג געמוזט זיך שדכנען צו איר.

אָבער הגם זי איז צירלעך אָנגעטון און דאָס פנימל איז שטארק פארראָיטלט און זי באוועגט זיך זייער פלינק, — זע־נען אירע אויגן פאָרט שטארק פארוויינטע. אָט טאקע דאָס רופט ביי אים ארויס די מילדע מחשבות וועגן איר.

בשעת די מאנסלייט עסן און טרינקען, גייט זי כסדר ארויס און אריין, ביז איינמאָל קומט זי צו צו איר ברודער, מאכט א קניקס און זאָגט:

— ווי באפעלט מיין ברודער צו שטעלן די קי אין שטאל?

— שטעל צוועלף לינקס און עלף רעכטס, וועלן זיי זיך נישט שטויסן! זאָגט דער קליינער פאבער.

— צו אלדי רוחות! האָט פאבער אזוי פיל קי? רופט־אויס דער מאיאָר פארחידושט. אָווא, סארא עשירות!

אָבער אין דער אמתן האָט דער אָרגאניסט געהאט בלויז צוויי קי, נאָר ער האָט איינע פון זיי גערופן „עלף", און די צווייטע „צוועלף", כדי ס'זאָל קלינגען שענער, בשעת ער רעדט וועגן זיי.

דער מאיאָר ווערט אויך געוואויר, אז פאבערס קו־שטאל ווערט איבערגעבויט, און דעריבער גייען זיינע קי בייטאָג ארום אויפ'ן פעלד און ביינאכט שטייען זיי אין דער האָלץ־שאָפע. די קליינע יונגפרוי פאבער טוט זיך כסדר דאָס איריקע,

גייט ארויס און אריין; און ווידער קומט זי צו צו איר ברודער, מאכט פאַר אים א קניקס און זאָגט, אז דער טשעסלאר פרעגט, ווי הויך מען דארף מאכן די שטאל.

— נעם א מאָס לויט דער קו! זאָגט דאן פאַבער, נעם א מאָס לויט דער קו!

דעם מאיאָר פוקס געפעלט זייער די דאָזיקע תשובה.

אין מיטן שמועס פרעגט דער מאיאָר דעם אָרגאניסט, פארוואָס זיין שוועסטערס אויגן זענען אזוי רויט, און דאן ווערט ער געוואויר, אז זי וויינט צוליב דעם, וואָס ער האָט איר נישט געוואָלט לאָזן חתונה האָבן מיטן אָרימען קירך-אויפזעער, וועלכער איז דערצו נאָך א גרויסער בעל-חוב און האָט שוין נישט קיינעמען צו ירשענען.

פון דעם אלעם פארזינקט דער מאיאָר פוקס אין אלץ טיפערע און טיפערע מחשבות, ער ליידיקט-אויס א קרוג נאָך א קרוג און עסט-אויף א וואורשט נאָך א וואורשט, נישט באמערקנדיק עס אפילו. דעם קליינעם פאַבער שווינדלט עס פאר די אויגן פון אזא מין משונהדיקן אפעטיט און דורשט, אָבער דער מאיאָר—וואָס מער ער עסט און טרינקט, אלץ קלאָ-רער ווערט אים אין מוח, און אלץ פעסטער ווערט זיין באַ-שלוס צו טון עפעס פאר דער קליינער יונגפרוי פאבער.

דאָס איז דער זעלבער מאיאָר פוקס, וועלכער האָט אמאָל ביי אן אָרימער פרוי אויפגעגעסן בעת א מאָלצייט, א גאנצן חזיר-קאָפּ, וואָס זי האָט פאר זיך און פאר אירע בני-בית געהאט אָנגעגרייט אויף די וויינאכט-חגאות.

איצט האָט ער אויך זייער געשמאקעוועט דעם גוטן חזיר-וואורשט, און דערפאר באשלאָסן צו באווייזן דאָס, אז די אויגן פון דער זיס-חנעוודיקער יונגפרוי פאבער זאָלן שוין נישט מער זיין פארוויינט.

אָבער בשעת-מעשה האָט ער אלנפאלס געהאלטן אן אויג אויפן גרויסן שליסל מיטן געקרייזלטן צאָן, וואָס איז געהאנ-גען אויף א האקן, נישט ווייט פון דער טיר.

און ווי נאָר דער קליינער פאבער, וועלכער האָט נעבעך

געמוזט מיטהאלטן מיטן מאיאָר ביים טרינקען, לייגט אוועק זיין קאָפּ אויפן טיש און כראָפּעט, נעמט דער מאיאָר דעם שליסל, כאפּט דאָס היטל און טראָגט זיך שנעל אָפּ פון דאָרט.

א ווײַלע שפּעטער שטאפּלט דער מאיאָר איבער די שטיגן ארויף צום קירך-טורעם, ער לייכט זיך צו מיט זיין קליינעם האָרן-לאמטער און קומט ארויף אויבן, וואו די גלאָקן עפענען איבער אים זייערע ריזיקע פּיסקעס.

קודם-כל שאָבט ער אָפּ מיט דער פייל א ביסל גלאָקן-רודער און וויל שוין ארויסנעמען די קויל-פורעם און דעם קוילן-בעקן פון דער יאגד-טאָרבע, אָבער דאן באמערקט ער, אז ס׳פעלט אים דער עיקר: ער האָט נישט מיטגענומען קיין זילבער!

אויב ס׳זאָל טאקע אריין עפּעס א געהיימע קראפט אין דער קויל, מוז זי דאָך געגאָסן ווערן דאָרט אויבן אין טורעם; איצט איז אלץ אין אָרדנונג: א דאָנערשטיקער אָוונט, דער מולד, און קיינער האָט נישט קיין אנונג, אז ער געפינט זיך דאָרט, און דאָך קאָן ער גאָרנישט אויפטון! ער שליידערט ארויס אין דער שטילקייט פון דער נאכט א קללה מיט אזא כוח, אז ס׳ציטערט-אָפּ אזש אין די גלעקער.

באלד דערנאָך דערהערט ער פון אונטן א שוואכן גערויש, וואָס קומט פון דער קירך. ס׳דאכט זיך אים, אז ער הערט טריט אויף די שטיגן. אין דער אמתן: עמיצער גייט טאקע מיט שווערע טריט ארויף איבער די סקריפּעדיקע שטיגן.

דער מאיאָר פוקס שטייט אויבן און שילט אזוי, אז ס׳הילכט-אָפּ אין די גלעקער, אָבער דערהערנדיק די טריט, פארטראכט ער זיך א ביסעלע. ער קלערט, ווער קאָן דאָס זיין וואָס קומט אזוי אומגעבעטן, כדי אים בייהיפליק זיין ביים גיסן די קויל. די טריט קומען אלץ נענטער און נענטער. יענער האָט א פּנים בדעה ארויפצוגיין צום סאמע גלאָקן-געשטעל.

דער מאיאָר באהאלט זיך טיף צווישן די בעלקעס פון דער רושטעוואניע און לעשט-אויס דאָס לאמטערנדל. מורא האָט ער אפילו נישט, נאָר די גאנצע מעשה וואָלט דאָך קא-

ליע געוואָרן, אויב עמיצער וואָלט אים אין דערהויף דערזעען.
און ווי נאָר ער האָט זיך באהאלטן, אזוי האָט דער ניי-אנגע-קומענער שוין ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ איבער דער פּאָדלאָגע.

דער מאיאָר קען אים גאנץ גוט: דאָס איז דער קארגער גלח פון ברובי, דער זעלבער פּארשוין, וועלכער איז שוין כמעט ווי משוגע פון גיריקייט, און האָט אטבע צו באהאלטן זיינע אוצרות אויף די משונה'דיקסטע ערטער. איצט קומט ער טאקע מיט א פּעקל באנקנאָטן, וואָס ער וויל ערגעץ פאר-שטעקן אינם טורעם-געשטעל. ער ווייסט דאָך נישט, אז עמיצער זעט אים. ער הייבט-אויף א ברעט פון דער פּאָדלאָגע און לייגט דאָרט אוועק דאָס געלט, דערנאָך גייט ער צוריק אראָפּ.

דער מאיאָר איז אָבער נישט פויל, ער לויפט-צו צום באהעלטעניש און הייבט-אונטער דאָס זעלביקע ברעט. אָ, אזוי-פיל געלט! איין פּעקל באנקנאָטן נעבן אנדערן, און צווישן זיי ברוינע לעדערנע בייטלען, אָנגעשטאָפּטע מיט זילבערנע מטבעות. דער מאיאָר נעמט בלויז אזוי פיל זילבער, וויפל ס'איז נויטיק צו א קויל; דאָס איבעריקע לאָזט ער ליגן.

ווען ער קומט צוריק אראָפּ אויף דר'ערד, האָט ער שוין די זילבערנע קויל אין דער ביקס. ער גייט און קלערט, וואָס דאָס גליק קאָן האָבן נאָך אָנגעגרייט פאר אים, אין דעם דאָזיקן דאָנערשטיקן אָוונט. ס'איז עפּעס זייער אויסטערליש מיט די דאָזיקע דאָנערשטאָגדיקע אָוונטן בעת'ן מולד.

קודם-כל גייט ער צו דער דירה פונם אָרגאניסט. אויפן וועג אהינצו טראכט ער:

— שטעל זיך פאָר, ווען די בערנקאנאליע וואָלט געוואוסט, אז פּאבערס קי שטייען אין אזא צעבראָכענער שאָפע, כמעט ווי אונטערן פרייען הימל!

אין דער אמתן!... ער זעט, דאכט זיך, ווי עפּעס א שווארצע און הויכע זאך קומט צוקריכן איבערן פעלד, אין דער ריכטונג צו דער האָלץ-שאָפּע צו... דאָס מוז באשטימט זיין דער בער!...

ער לייגט-צו די ביקס צו דער באק און ז'איז שוין גרייט

אויסצושיסען, אָבער ער האָט באַלד חרטה.

די פאַרוויינטע אויגן פון דער קליינער יונגפרוי פאַבער באַווייזן זיך פאַר אים אין דער פינסטערניש. ער דערמאָנט זיך, אַז ער וויל דאָך איר העלפן, און דעם קירך־אויפזעער אויך אַ ביסעלע. ס׳קאָסט אים אָבער אַ שטיק געזונט, ער זאָל נישט ממיתן אליין דעם גרויסן בער פון „גורליטאַ״. ער האָט שפּעטער אליין געזאָגט, אַז קיין שום זאַך אין דער וועלט האָט אים נאָך קיינמאָל נישט אַזוי פיל געזונט געקאָסט, ווי דאָס אָפּזאָגן זיך פון שיסן אויף דעם דאָזיקן בער, אָבער די קליינע יונגפרוי איז געווען אַזאַ איידעלע און חנעוודיקע, — האָט ער דאָך געמוזט עפּעס טון פאַר איר צוליב...

ער לויפט שנעל אַוועק צום קירך־אויפזעער, וועקט אים אויף, פירט אים אַ האַלב־אָנגעטאָנענעם אַרויס אויפן הויף, און זאָגט אים, אַז ער זאָל שיסן אויף דעם בער, וואָס פאַרגנבעט זיך איצט צו פאַבערס האָניק־שאַפע.

— אויב דו וועסט דערשיסן דעם דאָזיקן בער, וועט דיר פאַבער זיכער געבן זיין שוועסטער, זאָגט ער, ווייל אַזוי אַרום וועסטו מיטאַמאָל ווערן אַן אָנגעזעענער מענטש. דאָס איז, פאַרשטייסטו מיך, נישט קיין פּשוטער בער, און די בעסטע מאַנסטלייט פון לאַנד וואָלטן עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כבוד צו האָבן אים אַוועקגעלייגט.

דער מאַיאָר שטעקט אים אַריין אין האַנט זיין אייגענע ביקס, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט דער קויל פון זילבער און גלאָקן־רודע, געגאָסן אויבן אין קירך־טורעם, אין אַ דאָנערשטיקן אָוונט בעת׳ן מולד. ער קאָן נעבעך דערביי נישט אויפהערן צו ציטערן פון קנאה, וואָס אַ צווייטער וועט דערשיסן דעם גרויסן וואַלד־מלך, דעם אַלטן בער פון „גורליטאַ״.

דער קירך־אויפזעער צילעוועט זיך... זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ער צילעוועט זיך אַזוי, ווי ער וואָלט בדעה געהאַט צו דערשיסן די „גרויסע בעריכע״, וואָס מען רופט זי אויך „קאַרלס וואָגן״, וועלכע גייט איבערן הימל־געוועלב אין אַ קרייז איבער דעם פּאָלאַר־שטערן, און נישט דעם בער, וועל־

כער האלט שוין ביים אריינקריכן אין פאבערס שאָפּע. די קויל לויפט ארויס מיט אזא קנאל, אז מען הערט אים אזש ביז ארויף אויף „גורליטא", און דער בארג ענטפערט־אָפּ מיט א הילכיקן ווידער־קול. אָבער ווי דער קירך־אויפזעער זאָל נישט האָבן געצילעוועט — פאלט דער בער א טויטער אויפן אָרט. אָט אזוי גייט עס צו, ווען מען שיסט מיט א זילבערנער קויל. מען טרעפט דעם בער אין הארצן, אפילו ווען מען האָט זיך געצילעוועט צו די שטערן.

מענטשן קומען באלד צולויפן פון די נאָענט־ליגנדיקע הייזלעך און פרעגן, וואָס איז דאָ געשעען, — קיינמאָל נאָך האָט א קויל נישט אָפּגעהילכט אזוי שטארק, און נישט אויפגעוועקט אזוי פיל שלאָפנדיקע ווידער־קולות. דער קירך־אויפזעער באַקומט זייער פיל שבחים, ווארום דער דאָזיקער בער איז געווען א מכּת־מדינה.

דער קליינער פאבער קומט אויך ארויס, אָבער איצט ווערט דער מאיאָר פוקס גרויזאם אנטוישט. דער קירך־אויפזעער שטייט ממש איינגעהילט אין כּבוד, און דערצו נאָך האָט ער אָפּגעראטעוועט פאבערס קי, אָבער דער קליינער אָרגאניסט איז לגמרי נישט גערירט און ווייזט נישט ארויס קיין סימן פון דאנקבארקייט; ער שפּרייט נישט אויס זיינע ארעמס פארן קירך־אויפזעער און באגריסט אים נישט ווי זיין שוואָגער און ווי א העלד.

דער מאיאָר שטייט און קנייטשט די ברעמען און טופּעט מיטן פוס פון גרימצאָרן איבער אזא געמיינהייט. ער וויל רעדן צו דעם דאָזיקן קמצנישן, ענגהארציקן, קליינעם פּארשוינדל און אים דערקלערן, סארא העלדן־טאט דאָס איז. אָבער ער שטאמלט בלויז, די ווערטער בלייבן אים שטעקן אין גאָרגל, ער קאָן נישט ארויסברענגען א וואָרט. און אלץ בייזער און בייזער ווערט ער ביים געדאנק, אז ער האָט זיך דאָ אומזיסט און אומנישט אָפּגעזאָגט פונם כּבוד צו האָבן אוועקגעלייגט דעם בער.

אָ, ס'איז אים פשוט אוממעגלעך צו גלייבן, אז דער, וואָס

האָט אויסגעפּירט אזא מין העלדישע טאַט זאָל נישט זוכה זיין צו געווינען אפילו די שטאָלצסטע כּלה פון גאָר דער וועלט!

דער קירך-אויפזעער און נאָך עטלעכע יונגעלייט גרייטן זיך אָפּצושינדן דעם בער, זיי גייען צו צו א שלייפשטיין און שארפן די מעסערס. די איבעריקע גייען צוריק אריין אין די הייזער און לייגן זיך אין די בעטן. דער מאיאָר פוקס שטייט איינער אליין ביים טויטן בער.

נאָך א ווײלע טראכטן גייט ער נאָכאמאָל אהער צו דער קירך, שטעקט ווידער אריין דעם שליסל אין אלטן פארזשאַווערטן שלאָס, קלעטערט ארויף איבער די שמאָלע שטיגן און קרומע לייטערס, וועקט אויפסניי אויף די שלאָפנדיקע טויבן, און דערגרייכט ביז צום טורעם.

שפּעטער, ווען דער בער ווערט אָפּגעשינדן אונטער דעם מאיאָרס השגחה, געפינט מען אין פּיסק ביי אים א פּעקל באנקנאָטן אויף א סומע פון גאנצע פינפהונדערט טאָלער. ס׳איז אוממעגלעך צו זאָגן, פון וואנען דאָס געלט קומט דאָרט אהין, נאָר עס איז דאָך עפּעס אן אויסטערלישער בער, און אזוי ווי, דער קירך-אויפזעער האָט אים אוועקגעלייגט, איז דאָס געלט זיינס. דאָס איז דאָך א קלאָרע זאך.

בשעת דאָס ווערט צונויפגעמאָרגנס אין דער פרי באקאנט, פארשטייט שוין אפילו דער קליינער פּאַבער אָן שום פּירושים, סארא רומפולע טאַט דער קירך-אויפזעער האָט אויסגעפירט, און ער דערקלערט, אז ער וועט זיין שטאָלץ צו ווערן זיין שוואָגער.

פרייטאָג-צונאַכטס קערט זיך אום דער מאיאָר אַנדערס פוקס צוריק קיין עקעבי, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באטייליקט אין דער שיסער-סעודה ביים קירך-אויפזעער, און איז געווען ביי די תּנאים אין דער דירה פון אָרגאַניסט. ער גייט מיט א שווער געמיט; ער פילט נישט קיין שום פרייד, וואָס זיין אלטער שונא איז געפאלן, און ס׳טוט אים אויך נישט קיין הנאָה פון דער פרעכטיקער בערן-פעל, וואָס דער קירך-אויפזעער האָט אים געשאָנקען.

איצט וועלן אפשר אסך מענטשן מיינען, אז ער איז זיך אזוי מצער צוליב דעם, וואָס די קליינע איידעלע יונגפרוי פּאָבער, וועלכע האָט ביי אים שטארק נושא-חן געווען, וועט געהערן צו א צווייטן?... אָ ניין, צוליב דעם האָט ער נישט קיין קרענקונג. דאָס נעמט ער זיך אַזוי שטארק צום הארצן, וואָס איצטער איז שוין דער אלטער איין-אויגיקער וואלד-מלך געפאלן, און ער, אנדערס פוקס, האָט נישט געהאט די זכיה אויסצוּפּיסן א זילבערנע קויל קעגן אים.

ער קומט ארויף אין קאוואלערן-פליגל, וואו די קאוואלערן זיצן ארום דעם אָפענעם קאַמין, און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, ווארפט ער אוועק די בערן-פעל. זאָל קיינער נישט מיינען, אז ער האָט עפּעס דערציילט וועגן זיין נסיעה! ערשט לאנג-לאנג נאָכדעם האָט מען פון אים געקאָנט ארויסבאקומען דעם ריכטיקן פארלויף פון דער זאך. און אויך דאן האָט ער נישט פארראטן דאָס באהעלטעניש פונם ברוביער גלחס אוצר און דער גלח ווידער האָט אפשר קיינמאָל נישט באמערקט די גנבה.

די קאוואלערן האָבן געַנוי באטראכט די פעל.

— א שיינע פעל, זאָגט בערענקרייץ, ס'איז מיר אָבער א חידוש, ווי ארום איז דער דאָזיקער בחור ארויסגעקומען פון זיין ווינטער-רו, אָדער אפשר גאָר האָסטו אים דערשאָסן אין זיין נאָרע?

— ער איז דערשאָסן געוואָרן אין ברובי, ענטפערט מאיאָר פוקס.

— נו, יאָ, אזוי גרויס ווי דער בער פון „גורליטא” איז ער נישט, זאָגט יעסטא, אָבער אלנפאלס איז דאָס א נישקשהדיקע חיה געווען.

— אויב ער וואָלט געווען איין-אויגיק, זאָגט קעווענהיללער, וואָלט איך געגלויבט, אַז דו האָסט טאקע אוועקגעלייגט דעם „אלטן” בכבודו-ועצמו, — אזוי גרויס איז ער, אָבער דער דאָזיקער, זע איך, האָט נישט געהאט קיין וואונד אָדער אייטער נעבן די אויגן, און אויב אזוי קאָן דאָס נישט

זיין ער.

מאיאָר פוקס איז בייז אויף זיך, אויף זיין אייגענער נארישקייט, אָבער באלד שטראַלט־אויף זיין פנים, אזוי, אז עס ווערט אפילו עפּעס גאָר שיין!... אזוי, הייסט עס, איז דער גרויסער בער נישט געפאלן פון דער קויל פון א צווייטן יעגער!

— רבונו של עולם, ווי גוט דו ביזט! זאָגט ער צו זיך אליין, און פּלעסט פרום צונויף זייַנע הענט.

11.

## די ליצימאציע אין ביערנע

אָפטמאָלס האָבן מיר קינדער זיך שטארק גע׳חידושט איבער די דערציילונגען פון די אלטע לייט.

— איז דען אין די יאָרן פון אייער שטראלנדיקער יוגנט יעדן טאָג געווען א באל? האָבן מיר זיי געפרעגט, און צי איז דען דאָס לעבן דעמאָלסט געווען איין לאנגע לע־גענדאריש־הערלעכע איבערלעבונג? זענען דען אלע יונגע דאמען געווען דעמאָלסט שיינע און ליבנסווירדיקע, און צי האָט זיך דען יעטוועדע שמחה געענדיקט דערמיט, וואָס יעסטא בערלינג האָט אוועקגערויבט איינע פון זיי?

אָבער דאן האָבן די אלטע לייט געשאָקלט מיט זייערע חשובע קעפּ אויף ניין, און האָבן באלד גענומען דערציילן וועגן דעם מורמלען פון די שפּינרעדלעך, און טראסקערײ פון די וועבשטולן, וועגן דעם פּאָרן זיך אין קיך, וועגן דעם הא־מערן פון די צעפּעס אויף די בוידעמער פון די סטאָדעלעס און וועגן דעם הילכן פון דער האק אין וואלד. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אזוי לאנג, ביז וואנען זיי זענען נישט ווידער ארויף אויף זייער אלטן שליאך: דאן זענען די שליטנס ווידער צוגעפאָרן צו די שטיגן, וואָס פארן הויז־אריינגאנג, דאן זענען די פערד געלאָפן דורך פינסטערע וועלדער מיט די פריילעכע יונגע מענטשן, דאן האָט דער טאנץ געווירבלט און די פידל־,

פרויעס האָבן געפּלאַצט. די ווילדע יאַגד מיט אומאַנטורי-פטישע איבערלעבונגען האָט מיט רעש און געפּילדער געברויזט אַרום דער לאַנגער אָזערע לעיוועז. פון א מהלך ווען האָט מען שוין געהערט דעם גערויש. דער וואלד האָט זיך איינ-געבויגן און איז געפאלן, אלע פארבאָרגענע כוחות פון פאר-ניכטונג זענען פרייגעלאָזט געוואָרן: שרפות האָבן געבושעוועט, פארפלייצונגען האָבן געמאכט געוואלטיקע חורבנות, און חיות-רעות פון וואלד האָבן זיך הונגעריקע און וואָיענדיקע געשאַרט אַרום די מענטשנס וואוינונגען. אונטער די קאָפּיטעס פון די אכט-פיסיקע פערד איז יעטוועדעס שטילע גליק צעטרעטן גע-וואָרן אין שטויב. וואו נאָר די דאָזיקע יאַגד האָט פארביי-געברויזט, דאָרטן האָבן די הערצער פון די מענער אויפגע-פלאַמט אין ווילדקייט, און די פרויען האָבן אין טויט-בלאַסער דערשראָקנקייט געמוזט אנטלויפן פון זייערע היימען.

און מיר יונגע זענען צומאָל געזעסן פאַר חידושטע, שטיל-שווייגנדיקע און פארצאפּלטע, אָבער פּאָרט גליקלעכע.

— סארא מענטשן! האָבן מיר געטראַכט. מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט זען אַזעלכע!

— צי האָבן די מענטשן פון יענע צייטן קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן דעם, וואָס זיי האָבן געטון? האָבן מיר גע-פרעגט.

— געוויס, קינדער, האָבן זיי אויך געטראַכט, — האָבן די אלטע לייט געענטפערט.

— אָבער מסתמא נישט אזוי ווי מיר טראַכטן, — האָבן מיר זיך געעקשנט.

און די אלטע לייט האָבן נישט פארשטאַנען, וואָס מיר מיינען דערמיט. אָבער מיר, מיר האָבן דאַן געטראַכט וועגן דעם אויסטערלישן גייסט פון זעלבסט-אָבסערווירונג, וואָס האָט שוין אריינמארשירט אין אונזערע הערצער. מיר האָבן גע-טראַכט וועגן אים, דעם בייזן באַשעפעניש מיט די אייז-אויגן און מיט די לאַנגע, אויסגעקרומטע פינגער, וואָס איז געזעסן אין פינסטערסטן ווינקעלע פון דער נשמה און געפּליקט אונטער

וועזן, ווי אלטע פרויען פליקן שטיקלעך פון זייד און וואל
ויף שארפע.

זיינע לאנגע, הארטע אויסגעקרומטע פינגער האבן געפליקט א ברעקל נאך א ברעקל, ביז וואנען אונזער גאנצער „איך" איז געלעגן ווי א בארג שמאטעס. אונזערע בעסטע געפילן, אונזערע אור-ערשטע מחשבות, אלץ וואס מיר האבן געטון און געזאגט איז געוואָרן אונטערזוכט, דורכגעפאָרשט און פאנאנדערגענומען אויף שטיקלעך. די אייז-אויגן האבן געקוקט, און דאס אָנ-צייניקע מויל פונם דאָזיקן באשעפעניש האט שפאָטיש גע-שמייכלט און געפליסטערט:

— נא, גיב אָקאָרשט א קוק, דאס איז אלץ שמאטעס, הוילע שמאטעס און צויטן...

ס'האט זיך אָבער פאָרט געפונען איינער פון די מענטשן פון יענער צייט, וועלכער האט אין זיין נשמה אָפגעגעבן אַן אָרט פארן דיבוק מיט די אייז-אויגן. אין איינעם פון זיי האט ער אָפגעהיט דעם קוואל פון אלע האנדלונגען, אָפשפּעטנדיק פון שלעכטס און פון גוטס, באגרייפנדיק אלץ, גאָרנישט פאר-אורטיילנדיק, פאָרשנדיק, זוכנדיק, פאנאנדערנעמענדיק, פארא-ליזירנדיק אי די באוועגונג פונם הארץ, אי דעם כוח פונם געדאנק, — דורכן אָפּחוזקן אָן שום רחמנות.

די שיינע מאריאננע האט אין זיך געטראָגן דעם דאָ-זיקן בייזן גייסט פון זעלבסט-אָבסערווירונג. זי האט געפילט, ווי זיינע אייז-אויגן און חוזק-שמייכל גייען-נאָך יעדן טריט און שריט אירן און ווי זיינע שפּיציקע אויערן כאפּן-אויף יעדן וואָרט אירן. איר לעבן איז געוואָרן א פאָרשטע-לונג, וואו ער איז געווען דער איינציקער צוקוקער. זי איז שוין נישט מער געווען קיין מענטש, זי האט נישט געליטן, נישט געפרייט זיך, און נישט געליבט, זי האט בלויז אויס-געפירט די ראָל פון זער שיינער מאריאננע סינקלער, און די זעלבסט-אָבסערווירונג איז מיט שטאר-בליקנדיקע אייז-אויגן און מיט פלייסיק פאנאנדער־קלייבנדיקע פינגער געזעסן און זיך צוגעקוקט צו איר אויפטרעטן.

מאריאננע איז געווען צעטיילט אין צוויי העלפטן. בלאס, אנטיפאטיש און אפּחוזקנדיק איז איין העלפט פון איר „איך" געזעסן און זיך צוגעקוקט צו די מעשים פון דער צווייטער העלפט, און קיינמאל האט דער דאזיקער משוגנהדיקער גייסט, וואס האט פאגאנדערגענומען איר וועזן, נישט פארמאגט קיין וואָרט פון מיטגעפיל אָדער סימפּאטיע פאר איר.

נאָר וואו איז ער אָבער געווען, דער דאָזיקער בלאסער וועכטער, וואס היט-אָפּ דעם קוואל פון די לעבנס-אימפּולסן, וואו איז ער געווען אין דער נאכט, ווען זי האט קענען געלערנט די גאנצקייט פונם לעבן? וואו איז ער געווען, ווען זי, די קלוגע מאריאננע סינקלער האט געקושט יעסטא בער-לינגן פאר הונדערט פּאָר אויגן, אָדער ווען זי האט זיך פון גרויס כעס ארייגעוואָרפן אין דער שניי-קופּע, כדי צו שטארבן? דאן זענען די אייז-אויגן געווען פארבלענדעט, דאן איז דער חוזק-שמייכל געווען פאראליזירט, מחמת די ליידנשאפט האט דאן געשטורעמט אין איר נשמה. דאס ברויזן פון ווילדע, שטארקע, מיטרייסנדיקע איבערלעבונגען האט געדונערט אין אירע אויערן. בלויז אין דער דאָזיקער שרעקלעכער נאכט איז מאריאננע סינקלער געווען א גאנצער מענטש.

אָ, דו גאָט פון זעלבסט-אָפּשפּעטונג! בשעת מאריאננען איז מיט אומענדלעכער מי געלונגען אויפצוהויבן אירע פאר-שטיינערטע אָרעמס, כדי ארומצונעמען יעסטאס האלז, דאן האָסטו געווייס געמוזט, גלייך ווי דער אלטער פולקאָווניק בע-רענקרייץ, אָפּווענדן דיינע אויגן פון דער ערד און קוקן אויף די שטערן. אין יענער נאכט האָסטו קיין שום שליטה אי-בער איר נישט געהאט. טויט ביזטו געווען, בשעת זי האָט געדיכטעט אירע ליבע-הימנען, בשעת זי האָט זיך געאיילט אהינצו, קיין זשעי, נאָכן מאיאָר זאמצעליוס, אויך בשעת זי האָט געזען ווי די פייער-פלאמען באפארבן אויף רויט דעם הימל אי-בער די בוימער-שפּיצן פון וואלד.

זעסטו, זיי זענען לסוף געקומען, די שטארקע שטורם-פייגל, די אָדלערס פון די דערשיטערנדיקע ליידנשאפטן. מיט פליגל פון פייער

און נעגל פון שטאָל זענען זיי געקומען אראָפּצופליען אויף דיר, דו גייסט מיט די אייז-אויגן! זיי האָבן אריינגעיאָגט זייערע שארפע נעגל אין דיין קארק און דיך אוועקגעשלייפט אין דער אומבאקאנטער ווייט. דו ביזט דאן געווען טויט און צעשמעטערט. אָבער איצטער זענען זיי אוועקגעפלויגן, די שטאָלצע, ריזיקע פייגל, וואָס ווייסן נישט אין זייער דרך פון קיין שום בארעכנונג און וועמען קיין שום אָבסערוואטאָר האָט נאָך קיינמאָל נישט באגלייט; און פון די טיפענישן פון דער אומבאקאנטער ווייט ביזטו דערנאָך, דו משונה'דיקער גייסט פון זעלבסט-אָבסערווירונג, אויפגעשטאנען תחית-המתים און נאָכאמאָל זיך באזעצט אין דער נשמה פון דער שיינער מאריאננע.

אין משך פון גאנצן חודש פעברואר איז מאריאננע געלעגן קראנק אין עקעבי. בעת זי האָט אויפגעזוכט דעם מאיאָר זאמצעליוס אין זשעי, האָט זי זיך דאָרט אָנגעשטעקט מיט דער פּאָקן-מגפה. דאָס שרעקלעכע חלאת האָט זיך מיט דער גאנצער ק־אפט א וואָרף-געטון אויף איר, — וועלכע איז דערצו נאָך געווען געפערלעך פארקילט און פארמאטערט. דער טויט איז שוין געווען נאָנט פון איר, אָבער סוף חודש איז זי פאָרט געווען שוין אויסגעהיילט. אָבער שוואך איז זי נאָך אלץ געווען, און איר פנים איז אינגאנצן געוואָרן געשטופלט. זי וועט שוין קיינמאָל נישט מער הייסן „די שיינע מאריאננע".

דאָס האָט אָבער נאָך קיינער נישט געוואוסט, חוץ מאריאננע אליין און איר פלעגערין. און די קאוואלערן, זיי האָבן עס אוודא נישט געוואוסט, וואָרום די קראנקן-שטוב, וואו די פּאָקן האָבן געהערשט, איז נישט געווען אָפן פאר יעדן איינציקן.

אָבער ווען איז דען די מאכט פון זעלבסט-אָבסערווירונג גרעסער, ווי אין די לאנגע שעהן פון קומען צו זיך נאָך א שלאפקייט? דאן זיצט זי און גאפט כסדר מיט אירע אייז-אויגן און פליקט אָן אויפהער מיט אירע קנאָכיקע, הארטע, אויסגעקרומטע פינגער. און קוקט מען גוט נאָך, זעט מען ווי ס'זיצט דאָרט הינטער איר נאָך א באשעפעניש — נאָך געלער און בלא-

סער פון אים—וואָס גאפט און פאראליזירט און לאכט-אָפּ, און הינטער דעם—נאך איינס און נאָך איינס. אלע לאכן זיי פון איינאנדער און פון דער גאנצער וועלט. און בעת מאריאנבע איז געלעגן און אויף זיך אליין געקוקט מיט אָט די גאפנדיקע אייז-אויגן, זענען אלע אכזאָליקע געפילן אָפּגעשטאָרבן אין איר.

זי איז געלעגן און בלויז געשפילט, אז זי איז קראנק, זי איז געלעגן און געשפילט, אז זי איז אומגליקלעך, גע-שפילט, אז זי איז פארליבט, געשפילט, אז זי איז נקמה-גיריק.

זי איז טאקע דאָס אלצדינג געווען, און דאָך איז עס געווען נישט מער ווי שפיל, ווייל אלץ איז געוואָרן שפיל און אומווירקלעך אונטער דער השפעה פון די אייז-אויגן, וואָס האָבן זי געהיט, און זיי ווידער זענען געהיט געוואָרן פון א צווייטער פּאָר אייז-אויגן הינטער זיי, וועלכע זענען ווידער פון זייער זייט אויך געהיט געוואָרן פון נאָך א צווייטער פּאָר אויגן, און אזוי כּסדר אין אן אומענדלעכער פערספּעקטיוו.

אלע שטארקע כּוחות פון לעבן זענען אין איר געווען איינגעשלעפערט אין א פארכשופטן שלאָף. צו פלאמענדיקער שנאה און ענטוזיאסטישער ליבע איז זי געווען פעאיק בלויז איין איינציקע נאכט, נישט מער.

זי האָט איצטער צומאָלס נישט געוואוסט, צי זי ליבט ווירקלעך יעסטא בערלינגן, צי נישט. זי האָט געבענקט צו זען אים, כּדי אויסצופרווון, צי ער איז נאָך אלץ אימשטאנד זי אוועקצופירן פון זיך אליין, ארויסצורייסן זי פון איר אייגע-נעם איך.

ביז ס'האָט נאָך געדויערט די מאכט פון דער קראנקהייט, האָט זי געהאט בלויז איין קלאָרע מחשבה: אז איר קראנק-הייט זאָל נישט ווערן באקאנט. זי האָט זיך נישט געוואָלט זען מיט אירע עלטערן, און זי האָט זיך אויך נישט געוואָלט איבערבעטן מיט איר פאָטער, מחמת זי האָט געוואוסט, אז ער וואָלט חרטה-געקראָגן, וויבאלד ער וואָלט זיך באַר דערוואוסט ,ווי מסוכן קראנק זי איז געווען. דעריבער האָט זי געהייסן אלע-מען זאָגן, אז דאָס אויגן-חלאת, וואָס פלעגט זיך אלעמאָל

טשעפּען צו איר, בעת זי האָט באַזוכט איר היים־געגנט, צווינגט זי אויך איצט צו זיצן אין שטוב הינטער אראָפּגע־לאָזטע פאָרהאַנגען. זי האָט דער פלעגערין פאַרבאָטן צו דערציילן, ווי קראַנק זי איז געווען, און די קאַוואַלערן האָט זי פאַרבאָטן צו רופן אַ דאָקטאָר פון קאַרלשטאַד; זי האָט טאַקע געפּאַקט, האָט זי געטראַכט, די אָנשטעקנדיקע פּאָקן, אָבער אין אַ גאַנץ לייכטער פאָרם, און אין הויז־אַפּטייקל פון עקעבי גע־פונען זיך נאָך גענוג מיטלען צו ראַטעווען איר לעבן.

ס׳איז איר גאָרנישט געקומען אויפן רעיון, אַז זי קאָן שטאַרבן פון דעם דאָזיקן חלאת. זי איז בלויז געלעגן און געוואַרט אויפן טאָג פון פולקאָמער געזונט, כדי צו קאָנען פאָרן מיט יעסטאַן צום פּראָבאָסט און לאָזן פּובליקירן וועגן זייער חתונה.

איצטער אָבער איז שוין דאָס חלאת און די היץ פאַר־ביי. זי איז שוין ווידער געווען קאַלט ווי תמיד און ביים קלאָרן שכל, און ס׳איז איר פאָרגעקומען, ווי נאָר זי אַליין וואָלט געווען דער אייציקער בר־דעת אין דער דאָזיקער וועלט פון משוגעים. נישט זי האָט געהאַסט, נישט זי האָט געליבט. זי האָט איצט פאַרשטאַנען איר פאָטער; זי האָט זיי אַלעמען פאַרשטאַנען. און דער, וועלכער פאַרשטייט, — האַסט נישט.

זי איז געוואויר געוואָרן, אַז מעלכיאָר סינקלער האָט בדעה אַרויסצושטעלן זיין הויף ביערנע אויף ליציטאַציע און חרוב צו מאַכן זיין גאַנץ האָב־און־גוטס, כדי זי זאָל נישט האָבן וואָס צו ירשענען נאָך אים. מען האָט געשמועסט, אַז ער וועט די פאַרוויסטונג אַדורכפירן אַזוי גרינטלעך ווי מעג־לעך: ראשית־כל וועט ער פאַרקויפן דאָס גאַנצע מעבל און די שטוב־באַלעבאַטישקייט, דערנאָך די בהמות און מכשירים און צום סוף דאָס הויז אַליין צוזאַמען מיטן באָדן; דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער וועט באַקומען דערפאַר, וועט ער אָנשטופּן אין אַ זאַק און אַריינוואַרפן עס אין דער טיפעניש פון דער לעי־ווען.

מאַריאַננע האָט צושטימענדיק געשמייכלט, בשעת זי האָט

דאָס געהערט דערציילן: יאָ, דאָס האָט טאקע געפּאסט פאַר זיין כאראקטער.

ווי מאָדנע ס'האָט זיך איר איצטער אויסגעוויזן, אז זי אליין האָט אמאָל געדיכטעט דעם גרויסן ליבע-הימן! זי האָט ערשט דאָ נישט לאנג געחלומט וועגן דעם נעבעכדיקן סוכּהלה פונם אָרימען האָלץ-העקער און וועגן דעם הארץ פון איר געליבטן... גלייך ווי אלע אנדערע מיידלעך. איצט איז עס איר פאָרגעקומען זייער אויסטערליש, אז זי האָט אמאָל געקאָנט האָבן אזא סענטימענטאלן חלום! — — —

זי האָט זיפצנדיק געבענקט נאָך דער נאטירלעכקייט. ס'איז איר שוין דערעסן געוואָרן דאָס תּמידיקע שפּילן, קיינמאָל האָט זי נישט געהאט עפּעס א שטארקן געפיל. זי האָט כּמעט ווי נישט געטרויערט נאָך איר שיינקייט; ס'האָט איר אָבער געשווידערט פאר דעם מיטלייד פון פרעמדע.

אָ, לפּחות איין רגע פארגעסנקייט פון זיך אליין! א זשעסט, א וואָרט, א טאט וואָס זאָל נישט געווען זיין פאָראויס באַרעכנט!

אין א געוויסן טאָג, ווען די שטוב איז גוט אויסגערייניקט און אויסגעלופטערט געוואָרן, האָט זי זיך אין אָנטועכץ אוועקגעלייגט אויף א סאָפע און געהייסן ארייַנרופן יעסטא בערלינגן. מען האָט איר אָבער געענטפערט, אז ער איז אוועקגעפאָרן צו דער ליציטאציע אין ביערנע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין ביערנע האָט טאקע אין דער אמתן געזאָלט פאָרקומען א גרויסע ליציטאציע. מען האָט דאָרט געזאָלט אויספארקויפן אן אלט רייך הויז. און מענטשן זענען דעריבער געקומען פון ווייטע מקומות, כּדי צו קויפן עפּעס פון די ווערטפולע חפצים.

דער מעכטיקער מעלכיאָר סינקלער האָט צונויפגעוואָרפן דאָס גאנצע באלעבאטישקייט אין גרויסן סאלאָן. דאָרטן זענען געלעגן טויזנטער זאכן, צונויפגעשליידערטע אין קופּעס. וואָס האָבן דערגרייכט ביז צום סופית.

ער אליין איז אדורכגעגאנגען איבערן גאנצן הויז ווי א בייזער מלאך אין טאָג פון וועלט-משפט, און צונויפגעשלעפט אלץ, וואָס ער האָט געוואָלט פארקויפן. נאָר דאָס קיך-געשיר, די שווארצע אייזערנע טעפּ, די הילצערנע שטולן, די צינער-נע קרוגן און די קופּערנע ראָנדלעס, — דאָס אלץ האָט ער נישט געטשעפּעט, מחמת אין זיי איז נישט געווען גאָרנישט, וואָס זאָל אים דערמאָנען אָן מאריאננען; דאָס איז אָבער אויך געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט אויסגעמיטן זיין צאָרן.

ער האָט זיך אריינגעריסן אויך אין מאריאננעס שטוב, פארוויסטנדיק דאָרט אלצדינג. איר ליאלקע-שאפקעלע, איר בי-כער-עטאזשערקע, און דאָס קליינע שטולעכל, וואָס ער האָט געלאָזט צוהיבלעווען ספּעציעל פאר אירעטוועגן, איר צירונג און מלבושים, איר סאָפקע און איר בעט, אלצדינג האָט גע-מוזט אוועק, ער האָט דאָס אלץ ארויסגעשלעפּט צום פארקויפן.

דערנאָך איז ער דורכגעגאנגען פון שטוב צו שטוב. ער האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט אלץ, וואָס האָט ביי אים דער-וועקט אן אומצופרידנקייט, און אראָפּגעטראָגן גרויסע משאות אין סאלאָן אריין. ער האָט שווער געסאָפּעט אונטער דער משא פון סאָפקעס און מארמאָר-פּליטעס; אָבער ער האָט אויס-געהאלטן. און ער האָט אלצדינג צוזאמענגעוואָרפן אין איין הויפן. ער האָט אויפגעבראָכן די קרעדענסן און ארויסגע-נומען דאָס פּראכטפולע פאמיליען-זילבער. אוועק דערמיט! מא-ריאננע האָט עס אָנגערירט! ער האָט אָנגענומען פולע אָרעמס מיט שניי-ווייסע אדאמאשענע סערוועטן און לייוונטענע טיש-טוכער מיט מערעזשקעס פון א האנט די ברייט, — אלץ יוסטע, היימישע ארבעט, די פּרוכט פון א סך יאָרן פּראצע, און דאָס אלץ צוזאמען אוועקגעשליידערט אויף די קופּעס. אוועק דער-מיט! מאריאננע איז נישט ווערט דאָס צו האָבן! ער האָט ווי א בייזער רוח געשטורמט דורך די שטובן מיט גאנצע שטויסן פּאָרצעליין אויף די הענט, נישט ליגנדיק קיין אכט דערויף, ווי ער צעברעכט טעלער גאנצע טוצנדווייז; ער האָט געכאפּט די שעלעכלעך פון עכטן כינעזישן פּאָרצעליין, אויף

וועלכע זיין פאמיליען-הערב איז געוועזן אויסגעבערענט. אוועק מיט זיי! זאָל ווער ס'וויל זיי באנוצן! ער האָט פון בוידעם אראָפּגעשליידערט גאנצע בערג מיט בעטגעוואנט: פערענעס און קישנס אזעלכע ווייכע, אז מען איז אין זיי אראָפּגעזונקען ווי אין א פאליע; אוועק מיט זיי! מאריאננע איז אמאָל געשלאָפן אויף זיי!

ער האָט געוואָרפן צאָרנדיקע בליקן אויף די אלטע, גוט באקאנטע מעבל. צי איז דען דאָרט געוועזן עפּעס א שטול, אויף וועלכן זי זאָל נישט האָבן געזעסן, א בילד וועלכן זי זאָל נישט האָבן באטראכט, א זשיראנדאָל, וואס זאָל איר נישט אמאָל האָבן צוגעלויכטן בשעת איר טואלעט-מאכן, א שפיגל, וואָס האט נישט געוויזן אמאָל אירע געזיכט-שטריכן? ער האָט פארביסן געביילט זיינע פויסטן קעגן דער דאָזיקער וועלט פון פארהאסטע זכרונות. ער וואָלט גערן צוגעלאָפן מיט א האמער און צעשמעטערט אלץ אויף פיך-פיצלעך.

ער האָט אָבער געקלערט, אז ס'וועט זיין א פילבארערע נקמה צו מאכן א ליציטאציע אויף דעם אלעם. אוועק צו פרעמדע מענטשן זאָל עס! אוועק, כדי פארשמוצט צו ווערן אין די כאטעס פון פאראָבקעס, כדי צו ווערן פארוואָרלאָזט אונטער דעם גלייכגילטיקן אויג פון פרעמדע. צי איז אים דען נישט באקאנט דאָס ליציטאציע-מעבל מיט די אָפּגעבראָכענע קאנטן, וואָס האָט זיך געפונען אין די ארומיקע פוי-ערישע שטיבלעך, — צו שאנד-געוואָרענע פריצישע מעבל, ווי זיין שיינע טאָכטער האָט זיך איצט אליין צו שאנד און שפּאָט געמאכט?... אוועק מיט זיי, זאָלן זיי שטייען מיט צעריסן געבעטעכץ און אָפּגעריבענער פארגילדונג, מיט צעבראָכענע פיס און געפלעקטע פליטן, און זאָלן זיי בענקען נאָך זייער אמאָליקער היים! אוועק מיט די אלע מעבל-זאכן אין אלע פיר עקן פון דער וועלט, אזוי אז קיין שום אויג זאָל זיי נישט קאָנען געפינען, קיין שום האנט זאָל נישט אימשטאנד זיין זיי צונויפצוזאמלען!

ווען די ליציטאציע האָט זיך לסוף שוין אָנגעהויבן,

האָט ער א האלבן זאל געהאט אָנגעפילט מיט אן אומבאשרייב־לעכן מיש־מאש פון אָנגעוואָרפענע שטוב־זאכן.

אין דער קווער פון דעם גרויסן זאל האָט ער אוועק־געשטעלט א לאנגן בופעט. הינטער אים איז געשטאנען דער ליציטאטאָר און אויסגערופן; דאָרטן זענען אויך געזעסן די שרייבערס און פארצייכנט די קניות, און אויפן בופעט האָט מעלכיאָר סינקלער אוועקגעשטעלט א פעסל בראָנפן. אין דער צווייטער העלפט זאל, אין פאָדער־הייזל און אויך אויפן הויף האָבן זיך געפונען די קונים. צו דער דאָזיקער גרויסער לי־ציטאציע זענען געקומען זייער פיל מענטשן: ס׳איז טאקע צו־געגאנגען זייער רעשדיק און פריילעך. די אָנבאָטן און אויס־רופן זענען געפאלן אָן איבעררייס. ביים פעסל בראָנפן, מיט זיין האָב־און־גוטס אין א גרעניצלאָזן מיש־מאש הינטער זיך, איז געזעסן מעלכיאָר סינקלער, האלב־שכור און האלב־משוגע. די האָר פון קאָפּ האָבן זיך אים אין שטייפע קאָלטונעס אויפגע־שטעלט, די אויגן זענען אים פארלאָפן מיט בלוט און ער האָט געוואָרפן צאָרנדיקע בליקן אויף די מענטשן. אָבער ביי דעם אלעם האָט ער פריילעך געשריגן און געלאכט, ווי ער וואָלט איצט געווען אין בעסטן געמיט, און יעדן איינעם, ווער ס׳האָט געמאכט א גוטן אָנבאָט, האָט ער צוגערופן און מכבד געווען מיט א שנאפס.

צווישן די, וועלכע האָבן אים דאָרטן געזעען אין דעם מעמד, איז אויך געווען יעסטא בערלינג, וועלכער האָט זיך ארייַנגעגנבעט צווישן דעם המון קונים; ער האָט זיך אָבער אויסגעהיט צו קומען מעלכיאָר סינקלערן פאר די אויגן. ער איז געוואָרן פארטראכט ביים דאָזיקן אָנבליק, און זיין הארץ איז צונויפגעדריקט געוואָרן, ווי ביי פאָרגעפיל פון אן אומגליק.

ער האָט זיך שטארק געחידושט, וואו מאריאננעס מוטער האָט זיך בשעת דעם אלעם געקאָנט געפונען און ער איז אוועק, קעגן זיין ווילן, ווי געטריבן פון גורל, אויפצוזוכן פרוי גוסטאווא סינקלער.

ער האָט געמוזט אדורכגיין א סך טירן, איידער ער האָט

זי געפונען. דער גרויסער פריץ האָט געהאט זייער א קורץ געדולד און א קנאפן חשק אויסצוהערן יאָמער־געשרייען און ווייבערישע קלאָגן. ס׳איז אים נמאס געוואָרן צוצוזען אירע שטראָמען טרערן, וואָס זי האָט פארגאָסן איבער דער פארוויס־טונג פון די אוצרות פון איר היים. ער איז געוואָרן ווילד אין כעס, וואָס זי האָט נאָך געקאָנט באוויינען וועש און בעט־געוואנט, דאן ווען זיין שיינע טאָכטער אליין איז פארלוירן געגאנגען. און דאָס איז דאָך געווען נישט אן ערך שרעקלעכער. ער האָט זי מיט געביילטע פויסטן געיאָגט פאר זיך דורך דער וואוינונג, ארויס אין דער קיך, ביז אין שפייכלער אריין.

נאָך ווייטער האָט זי שוין נישט געקאָנט אנטלויפן, און ער האָט זיך באנוגנט צו זען זי זיצן דאָרט, איינגעקורטשעט הינטער די שטיגן, ווארטנדיק אויף ברוטאלע קלעפּ, אָדער אפשר גאָר אויפן טויט. ער האָט איר געלאָזט פארבלייבן דאָרט אָבער די טיר האָט ער צוגעשלאָסן און דעם שליסל אריינגע־לייגט צו זיך אין קעשענע. נו, דאָרטן קאָן זי זיך זיצן, ביז וואנען ס׳וועט זיך נישט ענדיקן די ליציטאציע. און זיינע אויערן זענען אויף דעם אופן געשוינט געוואָרן פון איר געוויין.

בשעת יעסטא איז געגאנגען איבערן קאָרידאָר, וואָס צווישן דער קיך און דעם זאל, איז זי טאקע נאָך אלץ גע־זעסן געפאנגען אין איר אייגענעם שפייכלער. ער האָט דערזען איר פנים אין אַ קליינעם פענסטערל, וואָס האָט זיך געפונען גאָר אויבן אין דער וואנט פון שפייכלער. זי איז ארויפגע־קראָכן אויף די שטיגלעך און ארויסגעקוקט פון איר תפיסה.

— וואָס טוט דאָרט די מומע גוסטאַוואַ אין דער הויך? האָט יעסטא געפרעגט.

— ער האָט מיך דאָ פארשלאָסן, האָט זי שטיל געענט־פערט.

— דער פריץ?

— יאָ, כ׳האָב פשוט געמיינט, אז ער וועט מיך דאָ דער־הרגענען. אָבער הער זיך איין, יעסטא, נעם דעם שליסל פון

דער זאַל-טיר און גיי אריין אין קיך און שליס מיט אים אויף די טיר פון שפּייכלער, כּדי כ׳זאָל קאָנען ארויסגיין! דער שליסל פּאסט-צו דאָ אהער.

יעסטא האָט אזוי געטון און אין א פּאָר מינוט ארום איז די קליינע פרוי געשטאנען אין קיך, וואו ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין איין נפש, חוץ זייביידע.

— די מומע האָט דאָך געקאָנט לאָזן איינע פון די דינסט-מיידלעך עפענען מיטן שליסל פון זאל!

— וואָס מיינסטו, כ׳האָב שוין נישט מער וואָס צו טון, נאָר זיי אויסצולערנען דעם דאָזיקן פּאָרטל? דאן וואָלט איך שוין קיין שום זאך נישט געקאָנט האָבן זיכער אין שפּייכלער. און איבריקנס, האָב איך דאָרט פאר איינוועגס צוגעראָמט די פּאָליצעס. ס׳איז שוין, כ׳לעבן, געוועזן די העכסטע צייט דאָס צו טון. איך פארשטיי אליין נישט, ווי אזוי איך האָב געקאָנט דערלאָזן, ס׳זאָל זיך דאָרט אזוי פיל מיסט אָנזאמלען.

— די מומע האָט דאָך תמיד אזוי פיל זאכן צו באזאָרגן, האָט יעסטא אנטשולדיקנדיק געזאָגט.

— יאָ, דאָס מעגסטו מיר גלויבן, אויב איך אליין בין נישט מיט אומעטום, באקומט נישט די וועבשטול און נישט דאס שפּינרעדל זייער ריכטיקן ארבעטס-טעמפּ. און אויב...

דאָ איז זי געבליבן שטיין און אויסגעווישט א טרער פון אויגנווינקעלע.

— גאָט זאָל זיך דערבארעמען, ווי איך האָב מיך דאָס צערעדט! האָט זי געזאָגט. ס׳קאָן געמאָלט זיין, כ׳זאָל שוין גאָר מער נישט האָבן אויף וואָס אכטונג צו געבן. ער פארקויפט דאָך אלץ וואָס מיר האָבן!

— יאָ, אזא אומגליק! האָט יעסטא מיט הארצווייטיק געזאָגט.

— דו ווייסט, יעסטא, דעם גרויסן שפּיגל אין קליינעם סאלאָן, דו געדענקסט אים דאָך, ער איז אזא מערקווירדיקער, ווייל דאָס גלאָז אין אים איז נאָך אינגאנצן אומבאשעדיקט, אָן א שום פּגימעלע און ס׳איז נישט פאראן אפילו קיין

שפרונקעלע אויפן פארגילצעכץ. איך האָב אים באקומען פון מיין מוטער, און איצטער וויל ער אויך דעם דאָזיקן שפיגל פארקויפן!

— ער איז משוגע!

— יאָ, דו מעגסט עס נאָכאמאָל זאָגן. ס'פעלט אים שוין נישט קיין סך דערצו. ער וועט נישט פריער אויפהערן, ביז וואנען מיר וועלן נישט מוזן אָנקומען צו דער בעטלער-טאָרבע, גלייך ווי די מאיאָרין.

— אזוי ווייט וועט עס נישט גיין! האָט יעסטא געענטפערט.

— יאָ, יעסטא, כ'האָב אזוי מורא! בשעת די מאיאָרין איז אוועקגעגאנגען פון עקעבי, האָט זי אונז פאָראויסגעזאָגט אן אומגליק, און איצטער קומט עס טאקע אָן! זי וואָלט עס נישט געווען דערלאָזט, אז ער זאָל פארקויפן ביערגע!... און שטעל זיך נאָר פאָר, זיין אייגענע פאָרצעליין, די עכטע כינעזישע פאָרצעלייענע טעלערלעך פון זיין עלטערן-היים זאָלן אויך פארקויפט ווערן!... אָ, ניין, די מאיאָרין וואָלט עס געוויס נישט געווען דערלאָזט!

— אָבער וואָס איז דאָס מיט אים געשען? האָט יעסטאַ פארחידושט געפרעגט.

— אָ, ער איז שרעקלעך אויפגעבראכט, וואָס מאריאננע איז נישט צוריקגעקומען. ער איז דאָ ארומגעגאנגען און כסדר געוואַרט און געוואַרט אויף איר. ער איז גאנצע טעג געגאנגען הין און צוריק איבער דער אלעע און געוואַרט אויף מאריאננען. ער וועט נאָך איינגאנצן משוגע ווערן פון וואַרטן; איך האָב אָבער מורא זיך אָנצורופן מיט א וואָרט...

— מאריאננע מיינט, אַז ער איז נאָך בייז אויף איר, האָט יעסטאַ געזאָגט.

— דאָס מיינט זי נישט, דו נארישער יונגל! זי קאָן אים נאָך גוט; זי איז אָבער צו שטאָלץ און וויל נישט מאכן דעם ערשטן טריט. זיי זענען ביידע גרויסע עקשנים, און זיי

ארט עס ווי דעם קאָטער. די גאנצע בראָך גייט-אויס צו מיר, נאָר איך אליין שטעק דאָ אין דער קלעם!

— די מומע ווייסט מסתמא, אז מאריאננע וועט חתונה האָבן מיט מיר?

— אך, דו נארישער יעסטאַ, דו זאָלסט עס זיך נישט איינרעדן, זי וועט דאָס קיינמאָל נישט טון! דאָס זאָגט זי בלויז, כדי זיך צו רייצן מיט איר פאָטער. זי איז צופיל צעפּיעשטשעט, כדי חתונה צו האָבן מיט אן אָרימאַן, און צו שטאָלץ אויך דערצו. כ׳לעבן, האָרך מיך, יעסטאַ, פאָר צוריק א היים און זאָג איר, אז אויב זי וועט נישט תיכף-ומיד צוריק אהיימקומען, וועט פון איר גאנצער ירושה ווערן א תל! אָ, ער וועט מסתמא אלץ איינקפּטרן, נישט באקומענדיק גאָרנישט דערפאר, און פון אונזער גאנץ האָב-און-גוטס וועט קיין שריד-ופליט נישט בלייבן!

דאָ איז שוין יעסטא געוואָרן בייז אויף איר. זי איז געזעסן אויפן קיך-טיש און נישט געהאט קיין הארץ פאר עפּעס אנדערש, ווי בלויז פאר אירע שפּיגלען און פאָרצעליין.

— די מומע מעג זיך שעמען! האָט ער זיך אָנגעבייזערט אויף איר. איר ווארפט ארויס אייער טאָכטער אויפן שניי און דערנאָך גלויבט איר, אז ס׳איז בלויז א שלעכטקייט פון איר זייט, וואָס זי קומט נישט אהיים צוריק. און איר האלט זי פאר אזא מענטש, אז זי וועט פארלאָזן איר געליבטן פריינט, בלויז צוליב דעם, כדי איר זאָלט נישט א תל מאכן פון איר ירושה! פע, א חרפה!

— ליבער יעסטא, ווער נאָר נישט בייז אויף מיר, דו אויך! כ׳ווייס שוין אליין נישט, וואָס איך רעד. מיין נישט, איך האָב פּרובירט צו עפענען די טיר פאר מאריאננען, אָבער ער האָט מיך מיט געוואלד אוועקגעשלעפּט פון דאָרט. אלע טענה׳ען דאָ כסדר, אז איך פארשטיי נישט קיין שום זאך. איך וועל דיר פארגינען מאריאננען, יעסטא, אויב דו קאָנסט זי נאָר גליקלעך מאכן. אָבער, יעסטא, דו זאָלסט זיך גאָרנישט איינרעדן, אז ס׳איז אזא גרינגע זאך גליקלעך צו מאכן א פרוי!

יעסטא האָט זי אנגעקוקט. ווי האָט ער עס געקאָנט אויפ־הויבן זיין קול און ווערן אין כעס אויף אזא מין מענטש, ווי זי? איר גאנץ לעבן איז זי נעבעך געווען פארפלאָגט און פאריאָגט, און דאָך האָט זי אזא גוט הארץ געהאט!

— די מומע פרעגט גאָרנישט, ווי מאריאננע פילט זיך איצט, האָט ער שטיל געזאָגט.

דאָ האָט זי שוין אויסגעבראָכן אין א געוויין.

— און דו וועסט נישט ווערן בייז, אויב כ׳וועל דיך פרעגן, יעסטאַ? כ׳האָב די גאנצע צייט געחלשט דיך צו פרעגן וועגן דעם. שטעל דיר פאָר, איך ווייס נישט מער וועגן איר, ווי נאָר דאָס, אז זי לעבט! אפילו קיין גרוס האָב איך די גאנצע צייט נישט באקומען פון איר, אויך נישט דעמאָלסט, ווען כ׳האָב איר צוגעשיקט מלבושים, און דעריבער האָב איך געטראכט, אז דו האָסט זיך אָפגערעדט מיט איר, מען זאָל מיר גאָרנישט צווישן טון וועגן איר געזונטצושטאנד.

יעסטא האָט שוין נישט מער געקאָנט אויסהאלטן. ער איז געווען א מענטש א ווילדער, א שטורמישער, — טיילמאָל האָט גאָט געמוזט אָנשיקן אויף אים זיינע וועלף, כדי אים צו האלטן אין צוים, אָבער די טרערן און דאָס געיאָמער פון דער דאָזיקער אלטיטשקער איז פאר אים געווען פיל שווערער צו פארטראָגן, ווי דאָס וואָיען פון די וועלף. ער האָט איר געלאָזט וויסן דעם אמת.

— מאריאננע איז די גאנצע צייט געווען געפערלעך קראנק, האָט ער געזאָגט. זי האָט געפּאָקט די פּאָקן־מגפה, אָבער זי האָט זיך שוין היינט געזאָלט אויפהויבן פון בעט און ליגן א ביסל אויף דער סאָפע. איך האָב זי נישט געזעען זינט דער נאכט, ווען איך האָב זי געפונען אין שניי.

די פרוי גוסטאוווא איז מיט איין שפרונג געשטאנען אויף דער פאָדלאָגע. זי האָט יעסטאן געלאָזט דאָרט ווארטן, און נישט פארלירנדיק מער קיין וואָרט, איז זי ארייגעלאָפן צו איר מאן.

די מענטשן אין ליציטאציע־שטוב האָבן זי געזען צוקו־

מען צום פריץ און אים עפּעס שנעל איינרוימען אויפן אויער. זיי האָבן געזען, ווי זיין פּנים איז געוואָרן נאָך רויטער, און זיין האַנט, וואָס איז געלעגן אויפן קראַן, האָט אים אויפגע־דרייט אַזוי, אַז דער בראָנפן איז גערונען אויף דער פּאָדלאָגע.

אַלע האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז פּראָוי גוסטאַווא איז דאָ געקומען מיט אַזעלכע וויכטיקע ידיעות, אַז די ליציטאַציע מוז באַלד אויפהערן. דעם ליציטאַטאָרס האַמער האָט נישט געקלאַפּט, די פּענעס פון די שרייבערס זענען געבליבן שטיין. קיין נייע אָנבאָטן האָבן זיך נישט געהערט.

אָבער מעלכיאָר סינקלער האָט באַלד אויפגעוואַכט פון זיינע מחשבות.

— נו, האָט ער אויסגערופן, ס'וועט עפּעס ווערן פון דעם מסחר?...

און די ליציטאַציע איז אויפסניי אַוועק.

יעסטאַ איז נאָך אַלץ געווען אין קיך, בשעת פּראָוי גוסטאַווא איז ווייענדיק צוריק אַריינגעקומען.

— ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, האָט זי טרויעריק געזאָגט. כ'האָב געמיינט אַז ער וועט אויפהערן, ווי נאָר ער וועט דער־הערן, אַז מאַריאַננע איז געווען געפערלעך קראַנק, אָבער אַ נעכטיקער טאָג, ער לאָזט פאָרטזעצן די ליציטאַציע. איך גלויב, אַז ער וואָלט אפילו יאָ געוואָלט אויפהערן, אָבער איצטער שעמט ער זיך!...

יעסטאַ האָט בלויז געהויבן מיט די אַקסלען, און נישט מאַכנדיק מער קיין שום טענות מיט איר, האָט ער זיך קורץ געזעגנט און זיך אַוועקגעלאָזט צום אַרויסגאַנג.

אין פאָדער-הייזל האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט סינטראַמען.

— צום טייוול, סאַראַ וואוילער ספּעקטאַקל דאָס איז! האָט ער הייטער אויסגערופן און זיך געריבן די הענט פון גרויס נחת. דו ביזט, זע איך, אַ מייסטער, ברודערל יעסטאַ... אַ שפּאַס, סאַראַ קאַשע דו האָסט עס דאָ פאַרקאָכט! מנע... מנע... אַמוזאַנט!

— נאָך מער אמוזאנטער וועט עס דאָ באלד זיין, האָט יעסטא צו אים שטיל געזאָגט, דער קארגער גלח פון ברובי איז דאָ אהערגעקומען מיט א פולן שליטן מיט געלט. מען שמועסט, אז ער וויל אָפּקויפן גאנץ בירנע און באצאָלן מזומנים. איך וואָלט, כ'לעבן, געוועז א בעלן צו זען, וואָסער מראה דער גרויסער פריץ וועט דאן באקומען... וואָס נישט, פעטערל סינטראם?!...

סינטראם האָט אריינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אקסלען און א לאנגע ווײַלע שטיל געלאכט אין זיך. אָבער באלד דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעטראָגן פון דאָרט; ער איז אריין אין ליציטאציע-שטוב, און געבליבן שטיין נישט ווייט פון מעלכיאָרן.

— אהא, דו ביזט אויך דאָ?! נו — אויב דו ווילסט באַקומען א שנאפס, מוזטו, צו אלדי כאָלערעס, צוערשט מאכן אן אָנבאָט!

סינטראם איז צוגעגאנגען נאָנט צו אים.

— דו, ברודערל, האָסט תמיד מזל, האָט ער געזאָגט, ווי איך האָב געהערט, איז דאָ א חשובער פארשוין אָנגעקומען, און ער האָט א שליטן פול מיט געלט. ער וויל קויפן בירנע מיטן גאנצן לעבעדיקן און טויטן אינווענטאר, אָבער ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט א שפּאָר ביסל פארשוינען, אז זיי זאָלן מאכן די קניות פאר אים, ווײַל מסתמא וויל ער זיך נאָך לעת-עתּה נישט באווייזן, און ערשט נאך דער ליציטאציע וועט ער ארויסטרעטן אלס דער פאקטישער קונה.

— אנו, לאָמיך זען, זאלסט טאקע זיין א גוטער ברודער און זאָגן ווער איז ער, מילא וועל איך דיך מכבד זיין מיט א שנאפס פאר דער טרחה!

סינטראם האט גענומען דעם אָנגעבאָטענעם שנאפס און געמאכט צוויי שריט צוריק, איידער ער האָט געענטפערט:

— מען שמועסט, אז דאָס זאָל גאָר זיין דער קמצנישער גלח פון ברובי, ברודערל מעלכיאָר.

מעלכיאָר סינקלער האָט, וואָס אן אמת, געהאט א סך

בעסערע פריינט, ווי דער גלח פון ברובי. פון כמה יאָרן האָט צווישן זיי געהערשט א פארביטערטע מחלוקות. ס׳זענען ארומגעגאנגען קלאנגען, אז דער גרויסער פריץ פלעגט אמאָל אין פינסטערע נעכט ליגן באהאלטן אויף די וועגן, וואו דער גלח האָט געזאָלט פארבייפאָרן, און אז ער האָט דאן דעם גלח,— דעם דאָזיקן חונף און פויערים-פייניקער,—גוט אריינגעצימבלט. סינטראם האָט זיך טאקע געהאט אָפגערוקט אויף א פאָר טריט צוריק, און דאָך האָט ער נישט באוויזן איינגאנצן אויסצומיידן דעם כעס פונ׳ם דאָזיקן מעכטיקן מאן. ער האָט באקומען א בראָנפן-גלעזל צווישן די אויגן און דאָס גאנצע פעסל אויף די פיס, אזוי אז ר׳איז שיער נישט אומגעפאלן. אָבער דערנאָך איז געקומען א סצענע, וואָס האָט אויף א לאנגע צייט געשאָנקען פרייד זיין בייזוויליקן הארצן.

— הא, וואָס, דער גלח פון ברובי וויל אריינקריגן אין זיינע לאפעס מיין הויף?! האָט סינקלער געַרעוועט. שטייט איר עס דאָ און קויפט-אויף מיינע זאכן פאר׳ן ברוביער גלח? איר וואָלט אייך געמעגט שעמען אין אייער ווייטן האלז אריין, איר מנוולים!

ער האָט געכאפט א לייכטער און א טינטער און זיי א שליידער-געטון צווישן המון.

דעריין איז געווען די גאנצע ביטערקייט פון זיין אָרים געפייניקט הארץ, וואָס האָט זיך איצט סוף-כל-סוף געקאָנט ארויסרייסן. רעוועַנדיק ווי א חיה, האָט ער געביילט די פויסטן קעגן די ארומיקע און געשליידערט אויף זיי, וואָס נאָר ס׳איז אים געקומען אונטער דער האנט. בראָנפן-גלעזלעך און פלעשער זענען געפלויגן איבערן שטוב. ער האָט פון גרויס כעס נישט געוואוסט וואָס ער טוט.

— די ליציטאציע איז שוין געענדיקט! האָט ער געשריגן, ארויס זאָלט איר פון דאנען! כל זמן איך לעב, וועט דער ברוביער גלח קיינמאָל נישט אריינקריגן מיין ביערגע אין זיינע לאפעס, ארויס זאָלט איר פון דאנען! איך וועל אייך שוין אָנלערנען, איך.... אזא געמיינקייט, איינצוקויפן מיינע זאכן פארן ברוביער גלח,

ער איז באַפאַלן דעם ליציטאַטאָר און די שרייבערס און זיי זענען קוים אַנטלאָפן. אין דער מהומה האָבן זיי איבער־געדרייט דעם בופעט, און דער פריץ האָט זיך מיט אַן אומ־באַשרייבלעכער ווילדקייט אַריינגעריסן צווישן די פרידלעכע מענטשן.

אי, איז עס דאָרט געוואָרן א ווילד געלויף און א בהלה! א פּאָר הונדערט מענטשן האָבן זיך געשטופּט צום אַרויסגאַנג, אַנטלויפנדיק פאַר איין איינציקן פּאַרשוין. לסוף איז ער גע־בליבן שטיין, נאָך אַלץ ברילנדיק זיין: „אַרויס זאָלט איר פון דאַנען!" ער האָט זיי נאָכגעשיקט בייזע, וויסטע קללות, און דערביי האָט ער אויף זיי אַ לאָז־געטון דעם שטול, מיט וועלכן ער האָט געטראַסקעט ווי מיט א האַמער.

ער האָט זיי פאַרפאָלגט ביז אין פאָדער־הייזל, אָבער נישט ווייטער. ווען דער לעצטער פרעמדער מענטש האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן די שטיגן, איז דער פריץ צוריק אַריין אין סאַלאָן און פאַרריגלט די טיר הינטער זיך. דערנאָך האָט ער פון די קופּעס זאַכן אַרויסגעשלעפּט א מאַטראַץ מיט א פּאָר קישנס, זיך אַוועקגעלייגט, און איינגעשלאָפן צווישן דער גאַנצער פאַרוויסטונג. ער האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט פריער, ווי צו־מאָרגנס.

— — — — — — — — — — — — —

ווען יעסטאַ איז אַהיימגעקומען, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מאַריאַננע האָט געוואָלט רעדן מיט אים, דאָס איז פאַר אים גראָד געווען ווי געוווּנטשן, ווייל ער האָט טאַקע גע־קלערט וועגן דעם, ווי אַזוי וואָלט ער געקאָנט זיך אַדורכ־שמועסן מיט איר.

בשעת ער איז אַריינגעקומען אין דער טונקעלער שטוב, וואו זי איז געלעגן, האָט ער א ווײַלע געמוזט בלייבן שטיין ביי דער טיר. ער האָט זי נישט געקאָנט דערזען.

— בלייב דאָרטן, וואו דו שטייסט, יעסטאַ! האָט מאַריאַננע צו אים געזאָגט. ס'קאָן נאָך אַמאָל זיין געפערלעך צוצוקומען צו מיר. אָבער יעסטאַ איז דאָך אַרויף צו איר, נעמענדיק דעם

שטאָק שטיגן מיט צוויי שפּרייזן, ציטערנדיק פון אומגעדולד און בענקשאפט. וואָס גייט אים אָן די סכנה פון אָנשטעקונג! ער וויל וואָס שנעלער געניסן פונם גליק זי אָנצוקוקן.

אָך, זי איז דאָך געווען אזוי שיין, זיין געליבטע! קיינער האָט נישט געהאט אזעלכע ווייכע האָר, אזא העלן שטערן! דאָס גאנצע פּנים אירס איז געווען א שפּיל פון שייןגעבויגענע ליניעס.

ער האָט געטראכט וועגן אירע ברעמען, — שארפע און בולטע ווי די האָניג-אָדערלעך פון דער ליליע, און וועגן דער דרייסטער קרומליניע פון איר נאָז; וועגן אירע ליפּן, ווייך פארבויגענע ווי זיך וויגנדיקע פאליעס, וועגן דעם אויסגעצויגענעם אָוואַל פון אירע באקן און וועגן דער ראפינירטער, איידעלער פאָרם פון איר גאָמבע.

ער האָט זיך אויך דערמאָנט דעם ראָזן קאָליר פון דער הויט, דעם כשופדיקן איינדרוק פון די נאכט-שווארצע ברעמען אונטער די בלאָנדע האָר, די בלויע אפּלען, שווימענדיקע אין די קלאָרע ווייסלעך, און דעם ליכטגלאנץ אין די אויגנווינקעלעך.

ווי הערלעך זי איז געווען, זיין געליבטע! און סארא ווארים הארץ ס׳האָט געקלאפּט אין איר ברוסט! אונטער דעם שטאָלץ און ראפינירטקייט פון איר געשטאלט האָט זיך באהאלטן איבערגעגעבנקייט אָן א מאָס און אָפּפער-גרייטקייט. ס׳איז פּשוט געווען א גליק זי אָנצוקוקן!

מיט צוויי שפּרייז האָט ער ארויפגעשטורעמט איבער די שטיגן, און זי האָט געמיינט, אז ער וועט טאקע בלייבן שטיין ביי דער טיר! ער איז אדורכגעלאָפן איבער דער שטוב און איז געפאלן אויף די קני ביי איר צוקאָפּנס.

אָבער זיין כּוונה איז געווען בלויז צו זען זי, קושן זי, און זיך געזעגענען מיט איר.

ער האָט זי זייער געליבט. ער וועט זי זיכער קיינמאָל נישט אויפהערן צו ליבן; זיין הארץ איז שוין אָבער פון תּמיד געוואוינט געווען צו ווערן געטרעטן מיט די פיס.

אָ, וואו זאָל ער זי דען געפינען, די רויז אן אָנשפּאר, אן וואָרצלען, וועלכע ער וואָלט געקאָנט אויפהויבן און אָנרופן זיינע? אפילו זי, וועמען מען האָט פון איר אייגענער היים ארויסגעוואָרפן אויפן שניי און וועמען ער האָט א האלב-טויטע געפונען ליגן אויפן שליאך, וועט ער אויך נישט קאָנען בא-האלטן פאר זיך! וועט שוין זיין ליבע קאָנען זינגען איר שיר-השירים, אָבער מיט אזא הויכן, קלאָרן טאָן, אז קיין שום גרילץ פון פאלשקייט זאָל אים נישט קאָנען דורכשניידן? וועט שוין דער פּאלאץ פון זיין גליק אויפגעבויט ווערן אויף אזא באָדן, וואָס קיין שום אנדער הארץ זאָל אים נישט באגערן מיט אומרו און בענקשאפט?

ער האָט געקלערט וועגן דעם, ווי אזוי ער זאָל זיך געזעגענען מיט איר.

— ס'איז יעצט א גרויסע קלאָג אין דיין היים, האָט ער איר געזאָלט זאָגן, מיין הארץ ווערט צעריסן ביים געדאנק וועגן דעם. דו מוזט אהיימפאָרן און צוריקשענקען דיין פּאָטער זיין קלאָרן שכל. דיין מוטער געפינט זיך אין שטענ-דיקער לעבנס-סכנה. דו מוזט צוריק אהיים, מיין געליבטע!

זעט איר, אָט אזעלכע רייד פון רעזיגנאציע האָט ער געהאט גרייט אויף די ליפּן. אָבער זיי זענען נישט ארויסגע-רעדט געוואָרן.

ער איז געפאלן אויף די קני ביי איר געלעגער, גע-נומען איר קאָפּ צווישן זיינע הענט און זי געקושט; ער האָט אויף איר א קוק-געטון — און ער האָט שוין נישט געפונען מער קיין ווערטער. דאָס הארץ האָט אין אים אָנגעהויבן צו קלאפּן אזוי האסטיק, ווי ס'וואָלט געוואָלט אויפרייסן דעם ברוסט-קאסטן.

די פּאָקן האָבן געמאכט א שרעקלעכן חורבן פון איר שיינעם פּנים. די הויט איז געוואָרן גראָב און געשטופּלט. קיינמאָל וועט שוין נישט דאָס רויטע בלוט דורכלייכטן אין די באקן, אָדער די איידעלע, בלויע אָדערן זיך אָנזען ביי די שלייפן. די אויגן זענען געלעגן מאט און טיף אונטער די

געשוואָלענע וויעס, די ווימפּערלעך זענען אויסגעבראָכן און דער עמאַל-גלאַנץ פון די ווייסלעך האָט באַקומען אַ געלן קאָליר. אַלץ איז חרוב געוואָרן. פון די דרייסטע ליניעס זענען גע-וואָרן גראָבע, האַמעטנע שטריכן.

זיי זענען נישט געווען קיין קליין הייפל, די, וואָס האָבן שפּעטער געטרויערט נאָך דער פאַרלוירענער שיינקייט פון מאַריאַננע סינקלער. אַרום אין גאַנץ ווערמלאַנד האָבן די איינוואוינער באַדויערט די אבידה פון איר העלער הויט, פון אירע פינקלדיקע אויגן און בלאָנדע האָר. וואָרום דאָרט אין יענעם לאַנד איז די שיינקייט געשאַצט געוואָרן אַזוי, ווי אין קיין שום אַנדער געגנט. די פרייליכע מענטשן האָבן זיך אַזוי מצער געווען, ווי דאָס לאַנד וואָלט פאַרלוירן דעם טייערסטן שטיין פון דער קרוין פון זיין כבוד, אָדער ווי די גאַנצע וועלט וואָלט באַקומען אַ פלעק אויף איר זונען-גלאַנץ.

אָבער דער ערשטער מאַן, וועלכער האָט זי געזעען,— נאָכדעם ווי זי האָט פאַרלוירן איר שיינקייט,— האָט זיך לחלוטין נישט מצער געווען דערפון. אומפאַרציילעכע געפילן האָבן אָנ-געפילט זיין נשמה. וואָס לענגער ער האָט זי אָנגעקוקט, אַלץ הייסער האָט דאָס בלוט געשטראָמט אין זיינע אָדערן. די לי-בע איז געוואַקסן און געוואַקסן, ווי אַ טייך אין פרילינג. זי האָט אַרויסגעשטראָמט פון זיין האַרץ אין פלאַמעס פון פייער, זי האָט אָנגעפילט זיין גאַנץ וועזן, זי איז אים מיט טרערן געשטיגן אין די אויגן, געזיפצט אויף זיינע ליפּן, געציטערט אין זיינע הענט, אין זיין גאַנצן גוף.

אָ, זי צו ליבן, צו פאַרטיידיקן, צו פאַרגיטיקן אירע אַלעליידן און פּיין, צו זיין איר שקלאַף, איר שוצגייסט!

שטאַרק און מעכטיק איז די ליבע נאָכדעם, ווי זי איז דורכגעגאַנגען דעם פייערפּרוּוו פון ווייטיק. ער האָט שוין איצט נישט געקאָנט רעדן מיט מאַריאַננען וועגן רעזיגנאַציע און צעשיידונג, ווייל ער האָט זי שוין איצט נישט געקאָנט פאַר-לאָזן. ער איז איר געווען שולדיק זיין לעבן. ער וואָלט גע-קאָנט באַגיין דאָס גרעסטע פאַרברעכן פאַר איר צוליבן.

ער האָט איר נישט געזאָגט קיין איין פאַרניכפטיק וואָרט, נאָר ער האָט בלויז געוויינט און זי אָן אויפהער געקושט, ביז וואנען די אלטע פלעגערין האָט נישט איינגעזען, אז ס׳איז שוין צייט ארויסצופירן אים פון דאָרט.

ווען ער איז שוין געהאט אוועקגעגאנגען, איז מאריאננע באוועגלאָז געלעגן און געטראַכט וועגן אים און וועגן דער גוואלטיקער דערשיטערונג, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן צוליב איר שלאפקייט.

— אָ, ווי גוט ס׳איז צו זיין אזוי געליבט! האָט זי געטראכט.

יאָ, ס׳איז טאקע געווען גוט צו זיין אזוי הייס געליבט... אָבער ווי איז עס געווען מיט איר אליין? וואָס האָט זי גע-פילט?... אך, גאָרנישט, נאָך ווינציקער ווי גאָרנישט!

צי איז זי שוין געווען טויט, איר ליבע, אָדער וואו-דען איז זי אוועקגעפלויגן? וואו האָט זיך עס באהאלטן, אָט דאָס קינד פון איר הארץ?

צי האָט עס נאָך געלעבט, אָדער איז עס שוין צוריק אריינגעקראָכן אין פינסטערסטן ווינקעלע פון הארץ און דאָרט געזעסן, פרירנדיק אונטער די קאלטע בליקן פונם דיבוק מיט די אייז-אויגן, דערשראָקן פון זיינע בלאסע חוזק-געלעכטערס, האלב דערשטיקט אונטער די קנאָכיקע פינגער פונם דאָזיקן בייזן באשעפעניש?

— אָ, מיין ליבע, האָט זי געזיפצט, דו קינד פון מיין הארץ! צי לעבסטו נאָך, אָדער דו ביסט שוין טויט, טויט ווי מיין שיינקייט?...

— — — — — — — — — — — — — — — —

א טאָג דערנאָך איז דער גרויסער פריץ גאנץ פרי אריינגעגאנגען צו זיין ווייב.

— זע צו, אז אלץ זאָל דאָ צוריק זיין אין אָרדנונג, הערסט, גוסטאווא?! איך וועל פאָרן און אהיימנעמען מאריאננען.

— יאָ, ליבער מעלכיאָר, דאָ וועט געוויס אלצדינג צו-ריק זיין אין אָרדנונג, האָט זי געענטפערט.

און ווידער איז געוואָרן שלום-ושלוה צווישן זיי ביידע.

אין א שעה ארום איז דער גרויסער פריץ שוין געווען אויפן וועג קיין עקעבי.

ס'איז אוממעגלעך געווען צו פאָרשטעלן זיך א מער נאָבעלן און גוטמוטיק אלטן הער, ווי דער פריץ מעלכיאָר, אין דעם מעמד, ווי ער איז דאָרט געזעסן אין דעם אויפגעמאכטן בויד-שליטן, אין זיין טייערסטן פעלץ מיט זיין פיינסטן רייזע-פלעד אויף די קני. איצטער זענען זיינע האָר געלעגן גלאטיק צוגעקעמט איבערן קאָפּ, אָבער דאָס פּנים איז נאָך אַלץ געווען זייער בלאס, און די אויגן טיף איינגעפאלן.

ס'איז אויך נישט געווען קיין שיעור און קיין ערך צו דעם פראכט און גלאנץ, וואָס האָט פונם קלאָרן הימל אראָפּגעשטראָמט איבער יענעם פעברואר-טאָג. דער שניי האָט געפינקלט ווי די אויגן פון יונגע מיידלעך, בשעת מען שפּילט אויף צום ערשטן וואלס. די בזשאָזעס האָבן קעגן בלויען רוים אויסגעשטרעקט זייערע פיין-געוועבטע לאנגע טן פון דיינע ברוין-רויטע צווייגלעך. א טייל פון זיי זענען געווען באהאָנגען מיט פרענזלעך פון קליינע גלאנצנדיקע, קרישטאָל-קלאָרע אייז-צאַפּנס.

יאָ, ס'איז ווירקלעך געווען א פראכט און א יום-טובדיקער גלאנץ איבער דעם דאָזיקן טאָג! אויך די פערד האָבן עס געפילט און טאנצנדיק געוואָרפן מיט די פאָדערשטע פיס, און דער אָנטרייבער האָט כסדר געקנאקט מיט דער בייטש פון גרויס גדולה.

נאָך א קורצער נסיעה איז דעם מעכטיקן גוטבאזיצערס שליטן נעבליבן שטיין נעבן די גרויסע שטיגן, וואָס צום ארייַנגאנג פון עקעביער-פאלאץ.

דער דינער איז ארויסגעקומען.

— וואו האָסטו אהינגעטון דיינע באלעבאטים? האָט דער פריץ געפרעגט.

— זיי זענען אויף דער יאגד, נאָכן גרויסן בער פון „גורליטא".

— אלע?

אלע, הער פריץ, דער וואָס גייט נישט מיט צוליבן בער, גייט מטמא מיט צוליבן זעקל מיט די גוטע מאכלים, וואָס מען נעמט מיט אויפן וועג.

דער פריץ האָט שטארק אָנגעקוואָלן און אזוי געלאכט, אז ס'האָט אָפּגעהילכט איבערן גאנצן שטילן הויף. ער האָט דעם דינער געגעבן א טאָלער פאר דער דאָזיקער פיפיקער תשובה.

— גיי זאָג מיין טאָכטער, אז איך בין דאָ אהערגעקומען, כדי זי מיטצונעמען צוריק אהיים קיין ביערנע! זי וועט נישט חלילה דארפן געפרוירן ווערן. ווי דו זעסט, בין איך דאָ געקומען אין א בויד־שליטן, און איך האָב אויך א וואָלפישן פעלץ זי איינצוהילן.

— פארלאנגט נישט דער הער פריץ אריינצוגיין?

— א דאנק דיר! ס'איז מיר דאָ גאנץ גוט צו זיצן!

דער דינער איז פארשוונדן, און דער פריץ האָט זיך צוגעגרייט צוווארטן.

אין יענעם טאָג האט ער זיך געפונען אין אזא שטראלנדיק געמיט, אז קיין שום זאך האט אים נישט געקאנט דערצערענען. ער האט זיך משער געווען, אז ער וועט דארפן ווארטן אויף מאריאננען. זי איז נאָך אפשר נישט אויפגעשטאַנען פון בעט, נו, וועט ער זיך דערווייל מוזן פארווײַלן מיטן ארומקוקן זיך אויף דער סביבה.

ביים גזימס פון דאך איז געהאנגען אן אייז־צאפּן, מיט וועלכן די זונען־שיין האָט געהאט א שפּאָר ביסל צו טון. זי האָט אָנגעהויבן פון אויבן, אוועקגעשמאָלצן א טראָפּן און דאן געוואָלט, אז ער זאָל פאזע דעם אייז־צאפּן אראָפּפאלן צו דר'ערד־צו. אָבער נאָך איידער ער האָט באוויזן אראָפּצוקומען ביז האלבן וועג, איז ער שוין אויפסניי פארשטייפט געוואָרן. און די זונען־שיין האָט אלץ געמאַכט נייע פּרוון, אָבער כסדר געליטן מפּלות. לסוף האָט זיך עפּעס א זייטיקער שטראל אָנ־

געכאפט אָן שפּיץ פונם אייז-צאפּן, און דאָס, זעט איר, איז גראָד געווען אזא קליינטשיקער שטראל, וואָס האָט אזש גע-לויכטן און געפינקלט פון גרויס ברענעניש. און נישט לאנג ווארטנדיק, האָט ער טאקע דערגרייכט זיין ציל: א טראפּן איז קלינגנדיק אראָפּגעפאלן אויפן באָדן.

דער פריץ האָט זיך צוגעקוקט צום דאָזיקן שפּיל, און לסוף זיך הארציק צעלאכט.

— דו ביזט אסור נישט קיין נאר, דו ממזר איינער! האָט ער געזאָגט צום קליינעם זונען-שטראל.

דער הויף איז געווען שטיל און פּוסט. מען האט נישט געהערט קיין שארך פונם גרויסן וואוינהויז, אָבער דער פריץ איז נישט געוואָרן אומגעדולדיק, ער האָט געוואוסט, אז פרויען ברויכן פאר זיך א סך צייט, איידער זיי טוען זיך אָן.

ער איז דערווייל געזעסן און געקוקט אויפן טויבנשלאג. די פייגל האָבן געהאט קראטעס פארן פענסטערל. איבערן ווינ-טער זענען זיי געווען איינגעשלאָסן, כדי דער שפּארבער זאָל זיי נישט פארצוקן. פון צייט צו צייט איז א טויב צוגעקומען און ארייינגעשטעקט איר ווייס קעפּל אין אן „אייגל" פון די קראטעס.

— זי ווארט אויפן פרילינג, האָט מעלכיאָר סינקלער צו זיך אליין געזאָגט, אָבער זי וועט נאָך מוזן האָבן א ביסעלע געדולד!

די טויב איז אזוי רעגלמעסיק צוגעקומען צו די קראַ-טעס, אז ער האָט אויף טשעקאוועס ארויסגענומען דעם זייגער און אכטונג געגעבן אויף אירע וויזיטן. אקוראט יעדע דריי מינוט האָט זי ארויסגעשטעקט איר קעפּל.

— ניין, מיין ליבע, וואָס מיינסט זי, אז דער פרילינג ווערט פארטיק אין דריי מינוט? זי וועט זיך במחילה מוזן אויסלערנען ווארטן!

און ווארטן האָט ער אליין אויך געמוזט; ער האָט אָבער גענוג צייט געהאט.

די פערד האָבן תחילת אומגעדולדיק געקראצט מיט

די קאָפּיטעס אינם שניי, נאָר דערנאָך זענען זיי געוואָרן שלעפּעריק פון שטיין אויף איין אָרט. זיי האָבן צוזאמענגעבויגן זייערע קעפּ און איינגעשלאָפן.

דער אָנטרייבער איז געזעסן אויף דער קאָזלע, גלייך אויסגעשטרעקט מיט בייטש-און-לייצעס אין האנט, און מיטן פּנים קעגן דער זון; אויך ער איז געשלאָפן אזוי געשמאק, זיין כראָפּען האָט אָפּגעהילכט איבערן גאנצן הויף.

דער פּריץ מעלכיאָר איז אָבער נישט געשלאָפן. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט אזוי ווייניק חשק געהאט צו שלאָפן, ווי גראָד איצט. זעלטן ווען האָט ער אמאל אזא פארגעניגן געהאט, ווי בשעת דעם דאָזיקן פריילעכן ווארטן. מאריאננע איז דאָך געווען נאָך א קרענק און האָט דעריבער נישט געקאָנט קומען פריער, אָבער איצטער וועט זי שוין געוויס באלד ארויסקומען. יאָ, געוויס וועט זי קומען! און אלץ וועט ווידער ווערן וואויל און גוט.

איצט האָט זי דאָך שוין געקאָנט פארשטיין, אז ער איז נישט מער בייז אויף איר. ער איז דאָך אליין געקומען מיט א בויד-שליטן און צוויי פערד!

דערווייל וועט ער זיך אויפסניי ארומקוקן. אָט-אָ דאָרטן, אויפן פּלי-ברעטל, וואָס פארן בינשטאָק, איז געזעסן א שיקאָרע גרייט אָפּצוטון א באמת ממזריש שפּיצל. זי האָט זיך, נאטירלעך, געוואָלט מאכן א גוטן מיטאָג-עסן. אין מיטן דערין האָט זי מיט איר קליינעם, שארפן שנאָבעלע אָנגעקלאפּט אין פּלי-ברעטל. אָבער אינעווייניק אין בינשטאָק זענען די בינען געהאָנגען ווי א גרויסער טונקעלער בייטל. אלץ איז ביי זיי אין שטרענגסטער אָרדנונג. סארווערס טיילן-אויס די פּאָרציעס עסן, דער שר-המשקה שפּרינגט פון מויל צו מויל מיט בלומען-נעקטאר. די, וואָס הענגען אינעווייניק קריכן אפּער און בייטן זייער אָרט מיט די אויסערלעכע, אזוי אז ווארימקייט און באקוועמלעכקייט זאָל פארטיילט ווערן יושרדיק צווישן אלע תּושבים פונם בינשטאָק.

דאן דערהערן זיי פּלוצלינג דאָס קלאפּן פון דער שי-

קאָרע, און דער גאנצער בינשטאָק ווערט באהערשט פון נייגיר. צי איז דאָס א פריינט אָדער א שונא? צי איז דאָס נישט אמאָל א סכנה פארן כּלל? די מלכּה האָט נישט קיין ריין געוויסן. זי קאָן נישט אָפּווארטן אין שטילקייט און רו, ביז וואָנען מען וועט נישט דערגיין, וואָס דאָ קומט פאָר: צי זענען עס נישט אמאָל די גייסטער פון די דערהרגעטע טרוטניעס, וואָס גייען איצט אין דרויסן ארום אלס שדים?

— גיי ארויס און זע, וואָס דאָס איז! באפעלט זי דער וועכטערין, און די פאָלגט תיכּף. מיטן אויסרוף: „זאָל לעבן די מלכּה!" לויפט זי ארויס, און — האָפּליא!.. דאָרט איז שוין די שיקאָרע איבער איר, און מיט די פון אומגעדולט ציטערנדיקע פליגל, און מיט דעם אויסגעשטרעקטן האלז און שנאָבל כאפּט זי אָן די בין, צעשטעכט זי, עסט זי אויף, און קיינער ברענגט נישט אריין צו דער הערשערין די טרויעריקע בשורה וועגן איר שרעקלעכן גורל. די שיקאָרע הויבט אָבער ווידער אָן קלאַפּן און די בינען-מלכּה שיקט ווייטער ארויס אירע וועכטערינס, און זיי ווערן אלע פארשוואונדן. קיינער קומט נישט צוריק, כּדי צו דערציילן ווער ס'האָט געקלאפּט. בר — ר — ר! ווי אימהדיק ס'ווערט אין פינסטערן בינשטאָק! מסתּמא זענען עס נקמה-גיריקע רוחות, וואָס טרייבן איצט זייער שפּיל דאָרט אין דרויסן! אך, וואָלט ווער כאָטש נישט געהאט קיין אויער צו הערן דאָס, ער וואָלט דאָך נישט געווען אזוי בייגיריק! אך, וואָלט כאָטש ווער געקאָנט רואיק ווארטן!

דער פריץ האָט זיך אזוי שטארק צעלאכט, אז ער האָט אזש באקומען טרערן אין די אויגן; ער האָט געלאכט פון זיי דאָרט, פון די נארישע בינען אינעווייניק אין בינשטאָק און פון דער פּיפּיקער, געל-גרינער קאנאליע, וואָס האָט אין דרויסן געפּראוועט אירע ממזרישע קונץ-שטיק.

ס'איז טאקע נישט קיין שווערע זאך צו ווארטן, ווען מען איז פאָלקאָם זיכער אינם רעזולטאט פונם ווארטן — און דערצו נאָך, ווען ס'איז פאראן אזוי פיל אינטערעסאנטע זאכן, מיט וועלכע מען קאָן דערווייל פארנעמען די מחשבות.

אָט-אָ דאָרט למשל, קומט צוגיין דער גרויסער הויף-הונט, ער שארט זיך פּאָרווערטס אויף די סאמע שפּיץ פינגער, האלט די אויגן צו דער ערד צו און קלאפּט צוביסלעך צו מיטן ווײדל, גלייך ווי ער וואָלט געגאנגען דערליידיקן עפּעס גאָר א גלייכגילטיקן ענין. נאָר מיט אמאָל הויבט ער אָן צו גראָבן אין שניי. דער אלטער מארעוויכער האָט דאָרט זיכער באהאלטן א גנבהלע; אָבער גראָד ווען ער הויבט-אויף דעם קאָפּ, כּדי זיך ארומצוקוקן, צי ער קאָן עס איצט במנוחה פארצערן, ווערט אים נעבעך זייער קאלמוטנע: ער דערזעט צוויי סראָקעס פאר זיך.

— פּאַסער! זאָגן די סראָקעס און מאכן א מינע, ווי זיי וואָלטן געווען דאָס געוויסן אליין. מיר זענען פּאָליציאנטן, מיר! אהער מיט דער גנבה!

— אָ, האלט די פּיסקעס, איר לאָבוזעס! א חוצפּה דאָס איז אזוי צו רעדן צו מיר,—צום הויף-עקאָנאָם!

— הא... כ׳לעבן, טאקע דער ריכטיקער פּארשוין דערצו!... מאכן זיי חוזק פון אים.

דער הונט ווארפט זיך אויף זיי. און זיי פליען אוועק מיט א פוילער פליגל-פּאטשעריי. דער הונט לויפט-נאָך, האָפּ-סעט און בילט. אָבער בשעת ער יאָגט איינע פון זיי, איז די אנדערע שוין דאָ צוריק, זי פליט אראָפּ צום לאָך, וואָס אין שניי, טוט א פּליק אין דעם שטיק פלייש, אָבער זי איז נישט בכּוח עס אויפצוהויבן. דער הונט לויפט-צו, רייסט צוריק צו זיך דאָס פלייש, האלט עס צו צווישן די לאפּעס און בייסט אָפּ שפּאָרע ביסנס. די סראָקעס זעצן זיך אנידער גאָר נאָענט און זאָגן אים שטעכווערטלעך. ער פּינטלט בייז מיט די אויגן בשעת ער קאיעט, אָבער ווען ס׳פארגייט שוין צו ווייט מיט זייער חוצפּה, שפּרינגט ער ווידער אויף און פאריאָגט זיי.

די זון האָט דערווייל שוין אָנגעהויבן אראָפּצוזינקן קעגן די מערבדיקע בערג. דער פּריץ האָט א קוק געטון אויף זיין זייגער. ס׳איז שוין געווען דריי. און די מאמע אירע האָט דאָך געזאָלט האָבן פּארטיק דאָס מיטאָג אויף 12 א זייגער!

גראָד דאן איז דער דינער ארויסגעקומען און געמאָלדן, אז פרײלין מאריאננע וויל רעדן מיטן פריץ.

דער פריץ האָט תּיכּף אוועקגעלײגט דעם וואָלפישן פעלץ אויפן אָרעם און איז מיט א שטראַלנדיק געזיכט ארויסגעגאנגען איבער די שטיגן.

בשעת מאריאננע האָט דערהערט זײנע שווערע טריט האָט זי נאָך אלץ נישט געוואוסט, צי זי וועט מיט אים מיט־פאָרן, צי נישט. בלויז דאָס האָט זי געוואוסט, אז זי מוז מאכן א סוף צום דאָזיקן לאנגן ווארטן.

זי האָט געהאָפט, אז די קאוואַלערן וועלן באלד אהיים־קומען. זיי זענען אָבער נישט געקומען. וועט זי אלײן מוזן זען, אז ס׳זאָל נעמען א סוף צו דעם אלעם. זי האָט שוין נישט געקאָנט לענגער אָפּשלעפּן.

זי איז געווען זיכער, אז ער וועט פון גרויס כּעס צוריק אוועקפאָרן, ווען ער וועט האָבן געוואוסט בלויז א פינף מינוט צייט, אָדער אז ער וועט אויפברעכן די טיר, אָדער אונטער־צינדן דאָס הויז, ביי אים איז דאָס אלץ גרײלעך מעגלעך געווען.

אָבער ער איז גאָר רואיק און שמייכלענדיק געזעסן און געדולדיק געווארט, און זי — נישט זי האָט צו אים גע־פילט א שנאה, און נישט קיין ליבשאפט. אָבער ס׳האָט זיך אין איר פאָרט געפונען עפּעס א שטים, וואָס האָט זי געוואָרנט, זי זאָל זיך נישט נאָכאמאָל איבערגעבן אין רשות פונם דאָ־זיקן מענטשן. און חוצדעם האָט זי נישט געוואָלט ברעכן דאָס וואָרט, וואָס זי האָט געגעבן יעסטאן.

וואָלט ער כאָטש געדעדט און געווען אומרואיק, אָדער וואָלט ער כאָטש געוויזן עפּעס א סימן פון וואקלעניש, צי גאָר געלאָזט אוועקפירן דעם וואָגן אין שטן, אזוי אז זי זאָל אים נישט קאָנען זען דורכן פענסטער. אָבער ניין. ער איז געווען הוילע געדולד און זיכערקייט.

ער איז געווען זיכער אין זיין זאך. ס׳איז ביי אים נישט געווען קיין שום ספק, אז זי וועט אראָפּקומען, ווען ער וועט נאָר צוווארטן.

מאריאננען האָט אזש אָנגעהויבן וויי-טון דער קאָפּ, ס'האָט אין איר געצוקט יעטוועדער נערוו. זי האָט זיך נישט געקאָנט געפונען קיין רו, עפּעס ווי זיין ווילן וואָלט זי גע-בונדענערהייט געשלעפּט אראָפּ איבער די שטיגן.

מילא, וועט זי לפּחות רעדן מיט אים.

איידער ער איז ארויפגעקומען, האָט זי געהייסן ארויפ-ציען די ראָלעטן, און זי האָט זיך אזוי אוועקגעלייגט, אז די שטראַלן פון דער זון זענען איר געפאלן גלייך אויפן פנים, כדי ער זאָל תיכף דערזען, ווי פארדאָרבן איר פנים איז גע-וואָרן. דערמיט האָט זי זיכער געהאט די כונה אים אויס-צושטעלן אויף אַ מין פּרווו, אָבער מעלכיאָר סינקלער איז אין יענעם טאָג געווען אַן אויסטערלישער מענטש. ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער צומאָל קיין ציטער נישט געטון, נישט ארויסגעלאָזט קיין שום אויסרוף, ווי ער וואָלט אין איר קיין שום פארענדערונג נישט דערזען. זי האָט געוואוסט, ווי ער האָט פארגעטערט איר שיינעם פנים, און דאָך האָט ער אין יענעם מאָמענט נישט געלאָזט באמערקן אין זיך קיין שום אויסדרוק פון צער. ער האָט זיך פאָלקאָם באהערשט, כדי נישט צו פארשאפן איר קיין עגמת-נפש. דאָס האָט זי טיף גערירט. זי האָט איצט שוין אָנגעהויבן פארשטיין, פארוואָס איר מוטער האָט אים נאָך אלץ ליב געהאט.

ער האָט נישט ארויסגעוויזן קיין שום וואקלעניש, און איז נישט ארויס נישט מיט קיין פאָרוואורפן און נישט מיט קיין פארענטפערונג.

— איך וועל דיך איינהילן אינם וואָלפישן פעלץ, מאר-יאננע, האָט ער רואיק געזאָגט. ער איז נישט קיל, ווייל כ'האָב אים די גאנצע צייט געהאלטן אויף מיינע קני.

אלנפאלס, איז ער צוגעגאנגען צום קאַמין און נאָכמער אָנגעווארעמט דעם פעלץ. דערנאָך האָט ער איר געהאָלפן זיך אויפהויבן פון דער סאָפע, זי איינגעהילט אין דעם ווארימען פעלץ, איר אָנגעטאָן אַ שאל אויפן קאָפּ, אראָפּגעצויגן אים אונטער אירע אָרעמס און פארקניפּט די עקן אויף אירע פּלייצעס.

זי האָט עס געלאָזט געשעען. זי איז איצט געווען פאָלקאָם ווילנלאָז. ס׳איז פאַר איר געווען א נחת צו ווערן באַשיצט, ס׳איז איר געווען א חיות נישט צו באַדאַרפן אליין וועלן עפּעס. דאָס איז געווען זייער גוט פאַר איר, וועלכע איז אַזוי צעבראָכן געווען און נישט פאַרמאָגט קיין איינציקע מחשבה, קיין איינציק געפיל, וואָס זאָל זיין איר אייגנס.

דער מעכטיקער פריץ האָט זי אויפגעהויבן אויף זיינע הענט און זי אַראָפּגעטראָגן צום שליטן, אויפגעשטעלט די בויד, אַרומגעפּאַקט די פעל אַרום איר און אַוועקגעפאָרן פון עקעבי.

מאַריאַננע האָט פאַרמאַכט די אויגן און טיף אָפּגעזיפצט, – אי פון הנאה, אי פון בענקשאַפט. זי האָט פאַרלאָזן דאָס לעבן, – דאָס ווירקלעכע לעבן; אָבער פאַר איר איז שוין נישט געווען קיין נפקא-מינה, ווייל זי האָט דאָך סיי ווי קיינ-מאָל נישט געקאָנט לעבן, נאָר בלויז שפּילן אַ קאָמעדיע.

– – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – –

אין א פּאָר טעג אַרום האָט איר מוטער אַזוי עס איינ-געאָרדנט, אַז זי זאָל זיך קאָנען זעען מיט יעסטאַן. זי האָט געשיקט נאָך אים, בשעת איר מאַן האָט געמאַכט זיין לאַנגן שפּאַציר צו די געהילץ-פּירערס, און אים אַריינגעפירט צו מאַריאַננען.

יעסטא איז אַריינגעקומען, אָבער נישט ער האָט זיך באַגריסט מיט איר, נישט ער האָט עפּעס גערעדט. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר און אַראָפּגעקוקט אויף דער פּאָדלאָגע ווי אַ ווידערשפּעניקער יונגל.

– אָבער, יעסטא! האָט מאַריאַננע אויסגערופן. זי איז געזעסן אין איר פאָטעל און אים האַלב-שמייכלענדיק אָנגעקוקט.

– יאָ, אַזוי הייס איך.

– קום אַהער, קום אַהער צו מיר, יעסטא!

ער איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו איר, אָבער ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן.

– קום נענטער! קני אָט דאָ, נעבן מיר!

— גאָט מיינער, וואָס זאָל דאָס אַלץ באַטייטן! האָט ער אויסגערופן, און דאָך געטון, ווי זי האָט געהייסן.

— יעסטא, איך וויל דיר נאָר זאָגן, אַז איך מיין ס'איז זייער גוט, וואָס איך האָב זיך אומגעקערט אהיים.

— נו יאָ, לאָמיר האָפן, אַז זיי וועלן שוין נישט מער ארויסוואַרפן די פריילין מאַריאַננע אויפן שנײ.

— אָ, יעסטא, צי האָסטו מיך שוין נישט מער ליב, וואָס דו רעדסט עפּעס אַזוי צו מיר? בין איך שוין צו מיאוס פאַר דיר?

ער האָט אַראָפּגעבויגן איר קאָפּ צו זיך און זי געקושט, אָבער ער האָט אויסגעזען ווייטער אַזוי קאַלט ווי פריער.

אייגנטלעך, האָט זי זיך בלויז געוויילט. ער איז איי-פערזיכטיק אויף אירע עלטערן, — טאָ איז וואָס? נישקשה, ס'וועט איבערגיין. איצטער האָט עס זי געוויילט, צו פרוון זיך ווידער דעראָבערן זיין האַרץ. זי האָט אליין נישט גע-וואוסט פאַרוואָס זי וויל ער זאָל בלייבן, זי האָט עס אָבער דורכאויס געוואָלט. זי האָט בשעת מעשה געטראַכט, אַז ער איז, אַלנפאַלס, געווען דער, וואָס האָט באַוויזן צו באַפרייען זי פון זיך אַליין, און ער איז אודאי דער איינציקער, וועל-כער וואָלט עס געקאָנט נאָכאַמאָל טון.

זי האָט אָנגעהויבן צו רעדן, אַרויסווייזנדיק איר אומ-געדולדיקייט אים צוריק צו געווינען. זי האָט אים געזאָגט, אַז ס'איז נישט געווען איר כוונה צו פאַרלאָזן אים אויף תּמיד, נאָר אויף אַ געוויסער צייט מוזן זיי לפּנים איבעררייסן זייער באַציאונג. ער האָט דאָך אַליין געזען, ווי איר פאָטער איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל פון משוגעת, און אַז אויפן לעבן פון איר מוטער האָט כסדר געשוועבט אַ סכּנה. ער מוז דאָך פאַרשטיין, אַז זי איז געווען געצוואונגען אהיימצופאָרן.

דערהערנדיק דאָס, איז דער כּעס, וואָס האָט אין אים געברענט אויסגעבראָכן אין רוגזהדיקע רייד. זי דאַרף נישט מאַכן קיין אָנשטעל, האָט ער געטענהט, ער וויל נישט מער זיין איר שפּילצייג. זי האָט אים פאַרלאָזן, תּיכּף ווי זי האָט

נאָר געקאָנט אהיימפאָרן, און דערפאר קאָן ער זי שוין נישט מער ליבן. בעת ר׳איז אייערנעכטן אהיימגעקומען פון דער יאגד און דערזעען, אז זי איז אוועק, נישט איבערלאָזנדיק קיין שום גרוס פאר אים, — איז אים ס׳בלוט פארגליווערט געוואָרן אין די אָדערן; ער איז שיער נישט געשטאָרבן פון עגמת-נפש. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט ליבן א פרוי, וועלכע האָט אים פארשאפט אזא טיפן צער. זי האָט אים, אי־בעריקנס, קיינמאָל נישט געליבט. זי איז א קאָקעטין, וועלכע וויל אויך דאָ, אין איר היים-געגנט האָבן עמיצן, וועלכער זאָל זי קושן און גלעטן, אָט דאָס גאָר, נישט מער.

דערויף האָט זי אים געפרעגט, צי האָט ער ווירקלעך געגלויבט, אז זי האָט זיך אומעטום געלאָזט גלעטן און קושן פון יונגעלייט?

נו יאָ, דאָס טאקע גלויבט ער. די פרויען זענען גאָר נישט אזעלכע הייליקע צניעות, ווי זיי זעען-אויס. עגאָאיס־טישקייט און קאָקעטעריע — דאָס איז זייער גאנצער מהות! אך, ווען זי וואָלט געוואוסט, וואָס ער האָט געפילט, בשעת ר׳איז אהיימגעקומען פון דער יאגד און זי נישט מער גע־טראָפן! ס׳האָט זיך אים געדאכט, ווי ער וואָלט באָרוויס ארומ־געשפרייזט אין אייז-קאלטן וואסער. ער וועט שוין קיינמאָל נישט קאָנען איבערטראָגן דעם דאָזיקן ווייטיק; אָ, ניין — ער וועט אים שוין באַגלייטן ס׳גאנצע לעבן לאנג. ער וועט שוין קיינמאָל נישט קאָנען ווערן צוריק א מענטש.

זי האָט זיך באמיט אים צו דערקלערן, ווי אזוי אלץ איז צוגעגאנגען. זי האָט אים געוואָלט אויפווייזן, אז זי איז אים נאָך אלץ געטריי.

נו, ס׳איז אים שוין אלצאיינס, ווייל איצט ליבט ער זי שוין נישט מער. איצט האָט ער שוין דערקענט, וואָס פארא פרוי זי איז: אן אויסגעשפראָכענע עגאָאיסטין, און זי האָט אים קיינמאָל נישט געליבט. זי איז אוועקגעפאָרן אָן א זייַ געזונט אפילו.

ער איז אומאויפהערלעך צוריקגעקומען אויף דער דאָ־

זיקער טענה, און זי ווידער, האָט כמעט ווי הנאה געהאט פון אָט דעם אינצידענט. זי האָט לחלוטין נישט געקאָנט בייז ווערן אויף אים, ווייל זי האָט גוט פארשטאנען די סיבה פון זיין כעס. תחילת האָט זי זיך נישט געשראָקן פאר א ווירקלעכן איבעררייס, אָבער לסוף איז זי פאָרט געוואָרן אומרואיק. איז אין אים פאקטיש פאָרגעקומען אזא פארענדערונג, דאָס ער האָט שוין נישט געקאָנט מער זי ליבן?

— יעסטא, האָט זי געזאָגט, צי בין איך ווירקלעך געווען אן עגאָאיסטין, בעת כ׳בין אוועק קיין זשעי, נאָכן מאיאָר? גלויב מיר, יעסטא, איך האָב גאנץ גוט געדענקט, אז דאָרט הערשט די פאָקן-מגפה. און צי איז עס דען אזא מחיה אין דינע שיך ארויסצוגיין אין א פראָסט און שניי?

— די ליבע לעבט פון ליבע, נישט פון טובות און מצוות, האָט יעסטא געענטפערט.

— ווילסטו אַלזאָ, יעסטא, אז מיר זאָלן פון היינט און ווייטער זיין פרעמדע?

— יאָ, דאָס וויל איך!

— ווי איך זע, איז יעסטא בערלינג זייער א קאפריזנער?

— מען פלעגט מיך דערין באשולדיקן...

ער איז געווען קאלט ווי אייז, נישט צו דערווארעמען. און אייגנטלעך, איז זי געווען נאָך קעלטער. די זעלבסט-אָבסערווירונג איז שוין ווידער געזעסן אין איר און אָפּגע-לאכט פון איר פרווו צו שפילן די ראָל פון אַ פארליבטער.

— יעסטא, האָט זי געזאָגט, מאכנדיק נאָך איין באמי-אונג אים צוריק צו געווינען. איך האב דיך קיינמאָל נישט בכיון געוואָלט באעולה׳ן, אפילו ווען ס׳קאָן זיך דיר אזוי דאכטן. איך בעט דיך, יעסטא, זיי מיר מוחל!

— איך קאָן דיר נישט מוחל זיין!

זי האָט געוואוסט, אז ווען זי וואָלט אין זיך פארמאָגט אַ גאנצן מענטש, וואָלט זי באשטימט בכוח געווען אים צו-ריק צוגעווינען. און דעריבער האָט זי דוקא געוואָלט שפילן די ראָל פון אַ ליידנשאפטלעך פארליבטער. די אייז-אויגן האָבן

פון איר ווייטער חוזק געמאכט, נאָר נישט געקוקט דערויף האָט זי אים פּאָרט נישט געוואָלט פאַרלירן.

— גיי נישט אוועק פון מיר, יעסטאַ! גיי נישט אוועק א דערצאָרנטער! געדענק, ווי מיאוס איך בין איצטער געוואָרן! קיינער וועט מיך שוין מער נישט קאָנען ליבן.

— איך קאָן עס שוין אויך נישט, האָט ער געזאָגט, דו ווערסט עס מוזן פאַרטראָגן, צו זען ווי דיין האַרץ ווערט געטרעטן, אזוי ווי דו טרעטסט איבער די הערצער פון אנדערע.

— יעסטאַ, איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט ליבן עמיצן אנדערש ווי נאָר דיך אליין. זיי מיר מוחל! פאַרלאָז מיך נישט, איך בעט דיך! דו ביזט דער איינציקער מענטש, וועלכער קאָן מיך אויסלייזן פון מיר אליין!

ער האָט זי אָבער אָפּגעשטויסן פון זיך.

— דו זאָגסט נישט אמת, האָט ער מיט אייז־קאַלטער רואיקייט געענטפערט. איך ווייס ווירקלעך נישט, וואָס דו ווילסט פון מיר, איך פיל אָבער, אז דו זאָגסט ליגן. צי וואָס ווילסטו מיך פאַרהאַלטן? דו ביסט אזוי רייך, אז קיין בעלנים וועלן דיר זיכער נישט אויספעלן.

און ער איז אוועק, זיך נישט געזעגענענדיק אפילו.

אבער ווי נאָר ער האָט הינטער זיך פאַרמאַכט די טיר, אזוי האָבן תיכף די בענקשאַפט און ווייטיק אין זייער גאַנצער מאַיעסטעט אריינמאַרשירט אין מאַריאַננעס האַרץ.

איצט איז עס שוין געווען אויף אן אמת די ליבע, דאָס קינד פון איר אייגן האַרץ, וואָס איז אפּערגעקומען פונם פינסטערן ווינקעלע, פון דער נשמה, וואוהין די אייז־אויגן האָבן עס געהאַט פאַרטריבן. זי איז געקומען, די אויסגעבענקטע — איצט ווען ס׳איז שוין געווען צו שפּעט! איצט איז זי ארויסגעטרעטן פון איר באַהעלטעניש, ערנסט און אלמעכטיק, און בענקשאַפט און ווייטיק האָבן ווי פאַזשן אונטערגעהאַלטן איר מלכותדיקן מאַנטל.

בעת מאַריאַננע האָט שוין מיט ווירקלעכער זיכערקייט געקאָנט זיך זאָגן, אז יעסטאַ בערלינג האָט זי פאַרלאָזן אויף

תמיד, האָט זי דערפילט כמעט א פיזישן ווייטיק, אזא שרעקלעכן, אז זי איז פון אים ווי פארטויבט געוואָרן. זי האָט צוגעדריקט אירע הענט צום הארצן און שעהן לאנג אָפּגעזעסן אויפן זעלבן אָרט, קעמפנדיק מיט א טרערן-לאָזן צער.

איצט איז דאָס געווען זי אליין, וועלכע האָט געליטן. נישט קיין פרעמדע, נישט קיין אקטיאָרין, נאָר טאקע זי אליין!

צו וואָס איז איר פאָטער געקומען און זיי צעשיידט? איר ליבע איז דאָך נישט געווען טויט. בלויז אין צושטאנד פון פיזישער אָפּגעשוואכקייט נאָך דער קראנקהייט, האָט זי נישט געקאָנט פילן איר מאכט.

אָ גאָט, אָ גאָט, זי האָט אים דאָך ווירקלעך פארלוירן! אָ גאָט, פארוואָס האָט איר ליבע ערשט אויפגעוואכט אזוי שפּעט?

אָך, ער איז געווען דער איינציקער הערשער פון איר הארץ! פון אים וואָלט זי אלצדינג געקאָנט פארטראָגן. ברוטאלקייט און הארבע רייד פון אים האָבן זי בלויז געקאָנט אראָפּבויגן צו הכנעהדיקער ליבע. אויב ער וואָלט זי געשלאָגן, וואָלט זי ווי אַ הונט צוגעקראָכן צו אים און געקושט זיין האנט!

זי האָט גענומען אַ פעדער און פאפיר, און אָנגעהויבן צו שרייבן מיט א שרעקלעכן ברען. צוערשט האָט זי געשריבן וועגן איר ליבע און בענקשאפט. דערנאָך האָט זי זיך געבעטן ביי אים, — נישט זיין ליבע, נאָר זיין רחמנות. דאָס זענען געווען א מין פערזן, וואָס זי האָט געשריבן.

זי האָט אליין נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל טון, כדי צו לינדערן איר אומענדלעכן ווייטיק.

ווען זי האָט געענדיקט שרייבן, האָט זי א טראכט געטון, אז אויב ער וואָלט דאָס געזען, וואָלט ער פאָרט געגלויבט, אז זי האָט אים ליב. טאָ פאַרוואָס זאָל זי אים טאקע נישט שיקן דאָס אָנגעשריבענע? גלייך צומאָרגנס וועט זי דאָס אָפּשיקן, און זי האָט געגלויבט, אז דאָס וועט אים צוריקברענגען צו איר.

אָבער צומאָרגנס איז זי ארומגעגאנגען אין איין פחד, אין איין קאַמף מיט זיך אליין. וואָס זי האָט נעכטן אָנגעשריבן, איז איר איצט פאָרגעקומען אזוי נעבעכדיק און אזוי נאריש!... נישט ס׳האָט געהאט אַ ריטם, נישט ס׳האָט געהאט א גראם. פשוטע פראָזע. ער, יעסטא בערלינג, דער פאָעט, ער וואָלט זיך זיכער אויסגעלאכט פון אזעלכע פערזן.

איר שטאָלץ האָט אויך אויפגעוואכט. אויב ער האָט זי שוין נישט מער ליב, דאן איז עס דאָך אזא שרעקלעכע דערנידערונג צו בעטלען וועגן זיין ליבע.

מינוטנווייז איז אויך געקומען דער שכל און איר געזאָגט, אז זי מעג זיך פרייען, וואָס זי איז פטור געוואָרן פון דער פארבינדינג מיט יעסטאן און פון די אלע אומגליקלעכע פאָלגן, וואָס דאָס וואָלט מיטגעשלעפט מיט זיך.

נאָר די פיין פון איר הארץ איז אָבער געווען אזא שרעקלעכע, אז די געפילן האָבן סוף־כל־סוף גובר געווען דעם שכל. דריי טעג נאָכדעם ווי זי האָט באקומען דעם באוואוסטזיין פון איר אייגענער ליבע, האָט זי איינגעפאקט די פערזן און אָנגעשריבן יעסטא בערלינגס נאָמען אויף דער פארפאקונג. זיי זענען אָבער פאָרט נישט אָפגעשיקט געוואָרן, ווייל איידער נאָך זי האָט געפינען א פאסיקן שלוח, איז זי געוואָר געוואָרן אזעלכע זאכן וועגן יעסטא בערלינגן, אז זי האָט איינגעזען, דאס ס׳איז שוין סיי ווי צו שפעט אים צוריק צו געווינען.

אָבער דאָס איז פארבליבן א קוואל פון צער אויף איר גאנץ לעבן; פארוואָס האָט זי די דאָזיקע פערזן נישט אָפגעשיקט, ווען ס׳איז נאָך געווען צייט דערצו, ווען זי האָט נאָך געקאָנט אים צוריקגעווינען?

איר גאנצער שמארץ האָט זיך צוגעבונדן צום דאָזיקן פונקט:

— ווען איך וואָלט נישט געווען געווארט אזוי לאנג, ווען איך וואָלט נישט געווען געווארט אזוי פיל טעג!

די דאָזיקע אָנגעשריבענע ווערטר וואָלטן דאָך איר צוריק

געבראכט דאָס גליק, אָדער לפּחות דעם אמת, דעם ווירקלעכן אמת פון לעבן. זי איז געווען זיכער, אַז זיי וואָלטן איר צוריק געבראכט יעסטאן.

דעם צער איז אָבער באַשערט געווען צו טון איר די זעלבע טובה, ווי די ליבע וואָלט איר געווען געטון. דער צער האָט זי געמאכט פאַר א גאנצן מענטשן, פעאיק אָפּצוגעבן זיך סיי פאַר גוטס, סיי פאַר שלעכטס. ברויזנדיקע געפילן האָבן איצט פריי געקאָנט שטראָמען דורך איר נשמה, נישט ווערנדיק פאַר-האַלטן פון דער אייז-קעלט פון איר זעלבסט-אבסערווירונג. און שפּעטער איז זי נאָך זייער פיל געליבט געוואָרן, ביי איר גאנצער נישט שיינקייט. אָבער יעסטאן, ווי מען האָט גע-שמועסט, האָט זי קיינמאָל נישט פארגעסן. זי האָט נאָך אים געטרויערט, ווי מען טרויערט נאָך א פארשפּילט לעבן.

אירע אָרימע פּערזן, וואָס זענען א צייט דערנאָך זייער פיל געלייענט געוואָרן, זענען שוין פון לאנג פארגעסן. אָט זע איך זיי פאַר מיר ליגן, געשריבענע אויף פארגעלט פּאַפּיר, מיט בלאַס געוואָרענעם טינט און מיט א געדיכטן, צירלעכן כתב. די בענקשאַפט פון א גאנץ לעבן איז דאָ, אין די דאָ-זיקע אָרעמע ווערטער, און איך שרייב זיי איבער מיט א גע-וויסן מיסטישן ציטער, ווי ס׳וואָלטן אין זיי פארבאָרגן געווען סודותפולע כוחות.

איך בעט אייך, ליבע לעזער, איר זאָלט זיי איבערליי-ענען און זיך איבער זיי טיף פארטראַכטן. ווער ווייסט, סאַרא מאַכט זיי וואָלטן געהאַט, ווען זיי וואָלטן געוואָרן אָפּגעשיקט? זיי זענען גענוג ליידנשאַפטלעך, כדי עדות צו זאָגן וועגן א וואָרהאַפטיק ליבע-געפיל. אפשר וואָלטן זיי ווירקלעך געווען בכוח צוריקצופירן צו איר יעכטן.

זיי זענען גענוג רירנד, גענוג צאַרט אין זייער אומגע-לומפּערטער פאַרמלאָזיקייט. קיינער קאָן נישט ווינטשן, זיי זאָלן זיין אנדערש. קיינער קאָן נישט וועלן זיי זען איינגע-שנורעוועט אין ריטם און גראַם, און דאָך איז אַזוי טרויעריק

צו טראכטן, אז גראָד די דאָזיקע פּאָרמלאָזיקייט האָט איר געשטערט זיי אָפּצושיקן אין דער צייט.

איך בעט אייך, ליבע לעזער, איר זאָלט זיי לייענען און זיי ליב באַקומען. דאָס האָט געשריבן א מענטש, בשעת ער האָט איבערלעבט טיפעליידן.

קינד, דו האָסט געליבט, אָבער קיינמאָל נישט מער
וועסטו פאַרזוכן די פרייד פון ליבע.
דער שטורעם פון ליידנשאַפט האָט אויפגעטרייסלט דיין נשמה,
זיי פריילעך, דו ביזט אוועק אין רו!
קיינמאָל נישט מער וועסטו געשליידערט ווערן אין טורעם-הויכער פרייד.
זיי פריילעך, דו ביזט אוועק אין רו!
קיינמאָל נישט מער וועסטו אראָפּזינקען אין דער טיפעניש פון שמאַרץ..
אָ, קיינמאָל נישט מער!

קינד, דו האָסט געליבט, אָבער קיינמאָל נישט מער
[illegible]רענט אין פלאַמען דיין נשמה.
[illegible] ביזט געווען ווי א פעלד פון פאַרטריקנט גראָז,
[illegible]ו ביזט אָנגעפילט געוואָרן פון פייער פאַר א קורצער רגע.
פאַר זיך-קייקלענדיקע רויך-וואָלקנס און שטיקלעך פון קויל
זעען אַנטלאָפן די פייגל פון הימל מיט הויכע געשרייען.
זאָלן זיי זיך צוריקקערן אַהיים! דו ברענסט שוין נישט מער,
קאָנסט שוין נישט ברענען מער.

קינד, דו האָסט געליבט, אָבער קיינמאָל נישט מער
וועסטו הערן די שטים פון דער ליבע.
די כוחות פון דיין הארץ ווי מידע קינדער,
וועלכע זיצן אויף דער האַרטער באַנק פון דער שול,
בענקען אַרויס צו פרייהייט און שפּילערייען,
אָבער קיינער רופט זיי שוין נישט מער.
זיי וואַרטן ווי א פאַרגעסענער וואַך-פּאָסטן:
קיינער רופט זיי שוין נישט מער.

קינד, דער איינציקער איז אַוועק,
און מיט אים די גאַנצע ליבע, און די פרייד פון ליבע.
ער, וועמען דו האָסט געליבט אַזוי, ווי ער וואָלט דיך געהאַט געשלעפּט
מיט פליגל צו פליען אין רוים פון לופט.
ער, וועמען דו האָסט געליבט אַזוי ווי ער וואָלט דיר געשאָנקען,

דעם איינציקן זיכערן אָרט אין אַ פֿאַרפֿלייצטן דאָרף.
ער איז אַוועק, ער, וואָס נאָר ער איינער אַליין האָט פֿאַרשטאַנען
צו עפֿענען די טיר פֿון דיין האַרץ.

*

איך וויל דיך בעטן בלויז וועגן איינאיינציקער" זאַך, דו מיין געליבטער,
לייג קיינמאָל נישט אויף מיר די משא פֿון שנאה!
דאָס שוואַכסטע פֿון אַלעם שוואַכן, איז עס דען נישט אַ מענטשן-האַרץ?
ווי אַזוי וואָלט עס דען געקאָנט לעבן מיט דעם צעקאַליעטשעדיקן געדאַנק
אַז דאָס איז פֿאַר אַ צווייטן אַ פּיין?

אָ, דו מיין געליבטער, ווילסטו מיך דערהרגענען,
טאָ פֿאַרשאַף דיר נישט קיין שטילעט, אָדער קויף נישט קיין סם, אָדער "שטריק"
נאָר גיב מיר בלויז צו וויסן, אַז דו ווילסט מיך זען פֿאַרשווינדן
פֿון די גרין-שפּראָצנדיקע לאָנקעס פֿון דער ערד, פֿון די קיניגרייכן
פֿונעם לעבן,

און איך וועל דאַן אַראָפּזינקען אין קבר.

דו האָסט מיר געגעבן דעם זינען פֿון לעבן... דו האָסט מיר ליבע געגעבן.
און דו נעמסט דיין מתנה צוריק. אָ איך ווייס עס גאַנץ גוט.
אָבער פֿאַרבייטן עס נישט אין האַס!
איך האָב פֿאַרט ליב צו לעבן. אָ, געדענק עס!
אָבער איך ווייס, אַז איך וועל שטאַרבן אונטער דער משא פֿון האַס.

12.

# די יונגע גרעפין

די יונגע גרעפין שלאָפט ביז א זייגער צען אין דער־פרי, און זי וויל יעדן טאָג זען פריש געבעקס אויפן פרישטיק־טיש. די יונגע גרעפין נייט אויף א טאמבורעק און לייענט פּאָעזיע. זי פארשטייט זיך נישט אויף וועבן און קאָכן. מיט איין וואָרט — די יונגע גרעפין איז א צעפּיעשטשעט קינד.

אָבער די יונגע גרעפין איז א פריילעכע, און זי לאָזט איר דערפרישענדיקע מונטערקייט לייכטן איבער אלץ און אלעמען. מען איז איר דעריבער גערן מוחל דעם לאנגן מאָרגנשלאָף און דעם פארלאנג נאָך פריש געבעקס, ווייל זי איז פארשווענדעריש אין אירע מעשים־טובים פאר אָרימעלייט־וועגן און זי איז פריינטלעך צו יעדן איינציקן.

דער יונגער גרעפינס פאָטער איז א שוועדישער אריסטאָ־קראט, וועלכער האָט אין זיין גאנץ לעבן געוואוינט אין איטאליען, צוליב דעם צוּיבערשיינעם לאנד און צוליב איינער פון זיינע שיינע טעכטער. בעת גראף העינריק דאָנא האָט געמאכט א רייזע קיין איטאליען, איז ער דאָרט אויפגענומען געוואָרן אין הויז פונם דאָזיקן אריסטאָקראט, געשלאָסן באקאנטשאפט מיט זיינע טעכטער, חתונה געהאט מיט איינער פון זיי, און זי מיטגענומען מיט זיך קיין שוועדן.

זי, די יונגע גרעפין עליזאבעט דאָנא, וועלכע האָט פון קינדהייט אָן געקאָנט רעדן שוועדיש און איז דערצויגן גע־

וואָרן אין ליבשאפט צו אלץ וואָס איז שוועדיש, — זי פילט זיך טאקע זייער גוט דאָרט אויבן, אין דעם צפונדיקן בערג-לאנד. זי פארברענגט אזוי פריילעך אין דעם קאראהאָד פון פארוויילונגען און הוליאנקעס, וואָס ווירבלט ארום די ברעגן פון דער לאנגער אָזערע לעיווען, אז מען וואָלט פשוט געקאָנט מיינען, דאָס זי האָט פון תמיד אָן דאָרט געלעבט. זי פארשטייט זיך אָבער גאַנץ קנאפ דערויף, וואָס הייסט צו זיין אַ גרעפין. ס׳געפינט זיך אָסור נישט קיין ברעקל שטאָלץ, קיין ברעקל גדלות, קיין שום פאראכטנדיקע חשובות ביי דעם דאָזיקן יונגן, פריילעכן וועזן.

צום מייסטן איז די יונגע גרעפין באליבט געווען ביי אלטע לייט. ס׳איז פשוט מערקווירדיק געווען צוצוזען סארא הצלחה זי האָט געהאט ביי די אלטע הערן. וויפיל מאָל זיי זאָלן זי נישט האָבן געזעען ערגעץ אויף א באל, האָט מען געקאָנט זיין זיכער, אז זיי אלע, — אי דער ריכטער פון מונקערוד, אי דער אלטער גלח פון ברובי און אויך דער מעכטיקער פריץ מעלכיאָר סינקלער, און דאָסגלייכן דער קאפיטאן אוגלא פון בערגא — וועלן דערנאָך בסוד-סודות דערקלערן פאר זייערע ווייבער, אז ווען זיי וואָלטן די יונגע גרעפין געווען געטראָפן מיט א פערציק אָדער דרייסיק יאָר צוריק...

— נו יאָ, דעמאָלסט איז זי נאָך אויף דער וועלט נישט געווען... ענטפערן די אלטע פרויען.

און בשעת די לעצטע טרעפן זיך מיט איר דערנאָך, האָבן זיי אין אַ שפּאס טענות צו דער יונגער גרעפין, הלמאי זי נעמט ביי זיי צו די הערצער פון זייערע אלטע מענער...

די אלטע פרויען באטראכטן זי מיט א געוויסער פארזאָרגטקייט, מחמת זיי געדענקען נאָך גאנץ גוט די שוויגער אירע, — גרעפין מערטא. אויך זי איז בשעתּו געווען פונקט אזא פריילעכע, גוטע און ליבנסווירדיקע יונגע פרוי, ווען זי איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין באָרג, און מיט דער צייט איז פון איר געוואָרן אַ פוסטע און פארגעניגנס-זוכנדיקע קאָ-

קאָטין, וועלכע איז שוין איצטער מער נישט מסוגל צו טראכטן וועגן עפּעס אנדערש, ווי נאָר וועגן אירע פּארוויילונגען.

— וואָלט זי נאָר געהאט א מאן, וועלכער וואָלט זי געקאָנט צוגעוואוינען צו ארבעט! זאָגן די אלטע פרויען, וואָלט זי נאָר געקאָנט איינשפּאנען א סנאָווע אין וועבשטול, וואָרום איינשפּאנען א סנאָווע, דאָס איז א טרייסט פאר יעדן צער, דאָס פארנעמט די מחשבות, דאָס איז געווען די רעטונג פאר א סך פארצווייפלטע פרויען.

די יונגע גרעפין וואָלט אויך גערן געוואָלט ווערן אַ גוּ־טע באלעבאָסטע; פאר איר איז נישט פאראן קיין בעסערע זאך ווי אלס גליקלעך ווייב צו וואוינען אין א גוטער היים, און אָפּטמאָל פלעגט זי אויף גרויסע שמחות צוקומען צו די אלטע פרויען און זיך אוועקזעצן צווישן זיי.

— הענריק וואָלט אזוי געוואָלט, איך זאָל זיך אויס־לערנען זיין א גוטע באלעבאָסטע, זאָגט זי, אָט למשל, ווי זיין מוטער איז עס געווען. לערנט מיך אויס, איך בעט אייך, לערנט מיך אויס, ווי אזוי מען שפּאנט איין א סנאָווע!

די אלטע דאמען זיפצן דאן טאָפּלט אָפּ. ראשית, איבערן נארישן גראף הענריק, וועלכער קאָן זיך נאָך אלץ לאָזן איינ־רעדן, אז זיין מוטער איז געווען א וואוילע באלעבאָסטע, און צווייטנס, איבער דער שוועריקייט אריינצופירן דאָס דאָזיקע אומוויסנדע יונגע באשעפעניש אין אזעלכע פארפלאָנטערטע ענינים. מען דארף בלויז צו רעדן מיט איר וועגן „פאסמע־לעך" און „מאָטיקעס", וועגן „לאדע" און „וועגל", כדי ס'זאָל זיך איר באלד פארדרייען אין מוח. אַ פשיטא שוין ווען ס'וועט זיין די רייד וועגן „איינפאכן דרעליך" און „געבלימטן דרע־ליך", וועגן „ליצן" און „שיטש", וועגן „צווינקשטאנג" און־„שטרייכריגל".

קיינער, ווער עס זעט די יונגע גרעפין, קאָן נישט זיך נישט חידושן, וואָס זי האָט חתונה געהאט מיטן נארישן גראף הענריק דאָנא.

ווי איז ס'לעבן צום שוטה! ס'איז א רחמנות אויף אים.

וואו ער זאָל נישט ערגעץ זיין. אָבער צומייסטן אַ רחמנות איז אויף דעם, וועלכער איז נעבעך אַ שוטה און דערצו נאָך וואוינט ער אין ווערמלאנד.

ס׳איז שוין פאראן זייער אַ סך אנעקדאָטן וועגן דער נארישקייט פונם גראף הענריק, און דאָך איז ער נישט מער ווי עטלעכע און צוואנציק יאָר אלט. מען קאָן דאָ דערציילן, ווי אזוי ער האָט אַמאָל, מיט עטלעכע יאָר צוריק פארווילט די פריילין אננא שערנהעק בעת אַ שליטן-אויספלוג.

— דו ביזט אזוי שיין, אננא! האָט ער געזאָגט.

— רעד נישט קיין נארישקייטן, הענריק!

— דו ביזט די שענסטע אין גאנץ ווערמלאנד!

— דאָס בין איך געוויס נישט.

— די שענסטע אויף דעם דאָזיקן שליטן-אויספלוג ביסטו אלנפאלס.

— אך, הענריק, דאָס בין איך אויך נישט!

— נו, לאז זיין אזוי, אָבער די שענסטע אינם דאָזיקן שליטן ביזטו דאָך געוויס, דאָס קאָנסטו שוין נישט אָפּלייקענען!

ניין, דאָס האָט זי שוין ווירקלעך נישט געקאָנט טון.

וואָרום דער גראף הענריק דאָנא איז, כ׳לעבן, גאָר נישט קיין שיינער. ער איז פונקט אזוי מיאוס, ווי נאריש. מען פלעגט דאָרט זאָגן, אז דער קאָפּ, וואָס זיצט אויף זיין דינעם האלז, איז אין זיין משפחה איבערגעגאנגען בירושה אין משך פון אַ פּאָר הונדערט יאָר. דערפאר טאקע איז שוין דער מוח אזוי אָפּגענוצט ביים לעצטן יורש!

— ס׳איז דאָך קלאָר, אַז ער האָט נישט קיין אייגענעם קאָפּ, שמועסט מען. ער האָט אים געבאָרגט ביי זיין פאָטער, און א סימן, ער וואגט אים דאָך נישט איינצובויגן... ער האָט מורא, ר׳זאָל אים חס ושלום נישט פארלירן; און הגם גראף הענריק איז נאָך א יונגער מענטש, האָט ער שוין א געלע הויט און קנייטשן אין שטערן. דער דאָזיקער קאָפּ איז זיכער באנוצט געוואָרן נאָך פון זיין פאָטער און פון זיין זיידן —

פארוואָס דען אנדערש וואָלטן די האָר געווען אַזעלכע שיטע־רע און די ליפּן אזעלכע בלוטלאָזע און די גאָמבע אזוי פאר־שפּיצט, ווי ביי א גרייז־גרויען זקן?

גראף הענריק האָט תּמיד ארום זיך א כאָפּטע לצים, וואָס פירן אים אונטער, ער זאָל זאָגן שטותים, און זיי באהאלטן די שטותים, פארשפּרייטן זיי און „פארבעסערן" זיי.

א גליק איז כאָטש, וואָס ער באמערקט גאָרנישט. ער אליין איז תּמיד פייערלעך בעשטימט, און זיין הילוך איז מיט גרויס חשובות, טאָ ווי זאָל ער עס זיך קאָנען דענקען, אז אנדערע מענטשן זענען נישט אויך דאָס זעלבע? דאָס חשובות איז אים שוין אריין אין גוף: ער באוועגט זיך מיט אָפּגע־מאָסטענע טריטעלעך, ער גייט גלייך, ער דרייט קיינמאָל נישט אויס דעם קאָפּ אָן דעם, אז דער גאנצער גוף זאָל דערביי נישט מיטגיין.

מיט א פּאָר יאָר צוריק איז ער אמאָל געווען אויף א באזוך ביים ריכטער אין מונקערוד. ער איז געקומען אהינצו רייטנדיק אויף א שיין פערד, און געטראָגן א הויכן הוט, געלע הויזן, בלאַנקנדיקע שטיוול, און ר'איז שטייף און שטאָלץ געזעסן אויפן זאָטל. ביים אָנקומען איז אלץ צוגעגאַנגען כשורה. אָבער ווען ר'האָט געזאָלט צוריק אוועקרייטן פון דאָרטן, איז געשעען אזוי, אז איינער פון די אראָפּהענגנדיקע צווייגן אין דער בזשאָזן־אלעע האָט אים אראָפּגעשלאָגן דעם הוט. ער איז אראָפּ פונם פערד, אָנגעטון דעם הוט און אויפ־סניי אדורכגעריטן אונטער דעם זעלבן צווייג. ווידער איז אים דער הוט אראָפּגעשלאָגן געוואָרן; אזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט פיר מאָל.

לסוף איז דער ריכטער צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— אפשר וואָלט איר, ברודערל, דאָסמאָל פארבייגעריטן אין א זייט פון דעם דאָזיקן צווייג?

דאָס פינפטע מאָל איז ער טאקע גליקלעך פארבייגעריטן אין א זייט פונם צווייג.

ס'איז אָבער פּאָרט אזוי, אז נישט געקוקט אויף זיין

זקנישן קאָפּ, האָט אים די יונגע גרעפין ליב. בעת זי האָט זיך מיט אים באַקענט אין רוים, האָט זי דאָך נישט געוואוסט, אַז אין זיין אייגן לאַנד איז ער ארומגערינגלט מיט אַזא מארטירערישן אָרעאָל פון לצנות. דאָרטן, אין איטאַליען, איז אויף אים געלעגן עפּעס א מין גלאַנץ פון יוגנט, און זיי זענען געוואָרן פאַרייניקט ביי אויסערסט ראָמאַנטישע אומשטענדן. מען דאַרף נאָר אָקאָרשט הערן די גרעפין דערציילן, ווי אַזוי גראַף הענריק האָט זי ממש געמוזט אוועקרויבן פון אירע עלטערן. מאָנאַכן און קאַרדינאַלן זענען געוואָרן ווילד אויפגעבראַכט צוליב דעם, וואָס זי האָט געוואָלט פאַרלאָזן די אמונה פון איר מוטער, צו וועלכער זי האָט פריער אָנגעהערט, און ווערן א פּראָטעסטאַנטין. דער גאַנצער ערב-רב האָט געמאַכט א בונט. איר פאָטערס פּאַלאַץ איז געוואָרן באַלאַגערט. הענריק איז פאַרפאָלגט געוואָרן דורך באַנדיטן. איר מוטער און אירע שוועסטער האָבן זיך ביי איר געבעטן רחמים, זי זאָל אָפּלאָזן דעם דאָזיקן שידוך, אָבער איר פאָטער איז געוואָרן בייז, וואָס דער איטאַליענישער המון האָט אים געוואָלט שטערן אויסגעבן זיין טאָכטער פאַר וועמען ער האָט געוואָלט. ער האָט דערום באַפוילן דעם גראַף הענריק, ער זאָל זי מיט גוואַלט אוועקרויבן, און צוליב דעם טאַקע, וואָס ס'איז פאַר זיי אוממעגלעך געווען צו באַקומען חופּה-וקידושין אין דער היים, אַזוי, אַז ס'זאָל נישט תיכף ווערן אַלעמען באַוואוסט האָבן זיי ביידע זיך דורכגעגנבעט איבער הינטערגעסלעך און פינסטערע וועגן צום שוועדישן קאָנסולאַט. און ווען זי האָט זיך דאָרט פאָרמעל אָפּגעזאָגט פון איר קאַטוילישן גלויבן און תיכף איבערגעגאַנגען צו פּראָטעסטאַנטיזם, האָט מען זיי גלייך דערנאָך געפּראַוועט חתונה און אוועקגעשיקט אין דער ריכטונג צו צפון-צו, באַהאַלטענע, אין א שנעל-יאָגנדיקער פאַרמאַכטער קאָליאַסע.

— זעט איר, מיר האָבן אָבער נישט באַוויזן צו פּובליקירן אונזער חתונה לויטן שוועדישן געזעץ. ניין, דאָס האָבן מיר בשום אופן נישט געקאָנט באַווייזן צו טון פלעגט די

יונגע גרעפין זאָגן, און ס'איז טאקע געווען זייער אומעטיק צו שטעלן א חופה אין דער גרויער ביוראָ-שטוב פון א קאָנ-סולאט אַנשטאָט אין איינער פון די שיינע רוימישע קירכן, אָבער ווען נישט אויף דעם אופן, וואָלט זיך הענריק געמוזט באגיין אָן מיר. דאָרטן, אויף דרום, זענען אלע מענטשן גרויסע בעל-כעסנס, אלע — סיי דער פאָטער מיינער, סיי מיין מוטער און די מאָנאכן, און דעריבער טאקע האָט אלצדינג געמוזט צוגיין בשתיקה, ווארום אויב דער המון וואָלט אונז דערזעען זיך אוועקגנבענען פון דער היים, וואָלטן זיי אונז ביידע זיכער דערהרגעט, — אלץ כדי אָפּצוראטעווען מיין נשמה; הענריק איז שוין לויט זייער מיינונג, סיי ווי פארמשפט גע-ווען צום גהינום.

די יונגע גרעפין האָט אָבער ליב איר מאן אויך נאָך דעם, ווי זי אי מיט אים אהיימגעקומען קיין באָרג און בא-מערקט, ווי מע' זבאציט זיך דאָ צו אים. זיי פירן איצטער ביידע א רואיק פאמיליע-לעבן. זי ליבט אין אים דעם אלטן אַדלנאָמען, וואָס גלאנצט נאָך מיט רומפולע זכרונות פון זיינע אָבות. זי האָט ליב צו זען, ווי אין איר געזעלשאפט פארשווינדט די שטייפקייט פון זיין וועזן, צו הערן, ווי זיין שטים ווערט מילדער בשעת זי רעדט מיט אים. חוץ דעם זעט זי דאָך, אז ער האָט זי זייער גערן און פיעשטשעט זי; איבעריקנס, איז זי דאָך זיין ווייב, און די יונגע גרעפין קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אז א פארהייראטע פרוי זאָל נישט ליב האָבן איר מאן.

אויף א געוויסן אופן אנטשפרעכט ער אויך איר אידעאל פון מאנלעכקייט. ער איז יושרדיק ביז גאָר, און האָט שטארק ליב דעם אמת. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געבראָכן זיין וואָרט. זי האלט אים פאר אן אמתדיקן אריסטאָקראט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם אַכטן אין חודש מערץ פייערט דער סטאראָסטע שארלינג זיין געבוירנטאָג, און דאן קומען א סך מענטשן צופאָרן איבער די בערגלעך וואָס ארום ברובי. פון מזרח און פון

מערב, באקאנטע און אומבאקאנטע, געבעטענע און אומגעבע־טנע, — אלע קומען זיי דאן צום סטאראָסטעס הויף, אלע זענען זיי ליבע געסט. אלע געפינען גענוג צו עסן, און זיסע משקאות, און אין טאנצזאל איז דאָ גענוג אָרט פאר טאנצ־לוסטיקע אפילו פון זיבן פאראפיעס.

די יונגע גרעפין קומט אויך, ווי זי קומט אומעטום, וואו מען קאָן זיך נאָר ריכטן אויף טאנץ און פארוויילונג.

די יונגע גרעפין איז אָבער היינט נישט פריילעך גע־שטימט, בעת זי קומט־אָן צום סטאראָסטעס הויף. עפּעס ווי זי וואָלט געהאט א פאָרגעפיל, אז איצט איז עס איר ריי ארייג־געצויגן צו ווערן אין דער ווילדער יאַגד פון אוואנטוריסטישע פאסירונגען, וואָס ברויזט ארום דער לעיוועץ.

אויפן וועג אהינצו. איז זי געזעסן אין איר שליטן און באטראכט דעם זון־אונטערגאנג. די זון האָט אַראָפּגעגנידערט פון א הימל אָן כמאַרעס, האט זי נישט איבערגעלאָזט קיין שום גאָלד־זוימעלע אויף לייכטע וואָלקנדלעך. א גרוי־בלאסע פארנאכטלעכע לופט, אויפגעברויזט פון קאלטע שטורם־ווינטן, האָט איינגעהילט די געגנט.

די יונגע גרעפין האָט צוגעזען, ווי דער טאָג האָט געקעמפט מיט דער נאכט, און ווי בשעתן קאמף פון די דאָזיקע ריזן האָט א מורא ארומגעכאפּט אלץ, וואָס לעבט. די פערד זענען שנעלער געלאָפן מיט דער לעצטער לאָדונג, כדי וואָס גיכער אריינצוקומען אונטערן דאַך פון שטאל, די האָלץ־העקערס האָבן זיך געאיילט אהיים פונם וואלד, און די דינסט־מיידלעך האָבן זיך שנעל אָפּגעפּארטיקט מיט דער ארבעט אין קושטאל. בייזע חיות האָבן געוואָיעט ביים ברעג פון וואלד. דער טאָג, דער ליכטיקער ליבלינג און פרייד־געבער פון די מענטשן, איז געוואָרן באזיגט.

דאָס ליכט איז אויסגעגאנגען, די קאָלירן זענען בלא־סער געוואָרן. אלץ ארום, וואָס זי האָט געזען, איז געוואָרן קאלט און מיאוס; ס׳האָט זיך איר געדאכט, אז אויך אלץ אויף וואָס זי האָט געהאָפט, וואָס זי האָט געליבט, וואָס זי האָט

בין איצט אויפגעטון, ווערט ביסלעכווייז אויך אײנגעהילט אין דער פארבלאָזער גרויקייט פונם בין-השמשות. זי האָט געפילט אז ס׳איז די שעה פון מידקייט, פון מפלה, פון אָנמאכט, — אזוי גוט פאר איר, ווי פאר דער גאַנצער נאטור.

זי האָט געטראכט וועגן איר יונג הארץ, וואָס האָט איצט אין פריידיקן לעבנסחשק אײנגעהילט דעם ארום אין פור-פור און גאָלד, זי האָט געטראכט, אז דאָס דאָזיקע הארץ וועט אויך פארלירן די קראפט צו באלייכטן און צו פארשענערן איר וועלט.

— אָ, אָנמאכט! אָנמאכט פון מיין אייגן אָרים הארץ! האָט זי צו זיך אליין געשעפטשעט. אָ, דו שטיקנדיקע גרויע געטין פון בין-השמשות! דו וועסט אמאָל ווערן די הערשערין איבער מיין נשמה. דאן וועט מיר דאָס לעבן זיין מיאוס און גרוי, ווי ס׳איז אפשר טאקע אין דער ווירקלעכקייט; מיינע האָר וועלן דאן זיין זילבער-ווייס, מיין רוקן וועט זיין אײנגע-בויגן, מיין מוח וועט ווערן טעמפּ.

אין דער זעלבער רגע האָט דער שליטן פארקירעוועט צום סטאראָסטעס הויף; די גרעפין האָט גראָד אויפגעהויבן די אויגן, און איר בליק איז געפאלן אויף אַ פארקראטעוועטן פענסטער אין אַ זייטיקן מויער, און אויף א פארכמורעט פנים אינם דאָזיקן פענסטער.

דאָס דאָזיקע פנים האָט געהערט צו דער מאיאָרין פון עקעבי, און די יונגע גרעפין האָט פלוצלינג דערפילט, אז איצט איז שוין פאר איר דער פארגעניגן פונם היינטיקן אָוונט פארשטערט.

מען קאָן נאָך זיין פריילעך, כל-זמן מען זעט נישט מיט די אייגענע אויגן דעם צער, נאָר מען הערט בלויז דערציילן וועגן אים, ווי פון א גאסט אין א פרעמדן לאנד. אָבער אַ סך שווערער איז אויפצוהאלטן די פריידפולע שטימונג פון הארצן, בשעת מען שטייט פנים-אל-פנים מיט נאכט-שווארצן, בייז בליקנדיקן, וויסטן צער.

די גרעפין ווייסט גאנץ גוט, אז דער סטאראסטע שאר-

ליגג האָט איינגעזעצט די מאיאָרין אין ארעסט, און אז זי וועט געמשפּט ווערן פאר די געוואלטטאטן, וואָס זי איז באַגאנגען אין עקעבי, — אין דערזעלבער נאכט, ווען דאָרט איז פאָרגעקומען דער גרויסער באל. זי האָט זיך אָבער לחלוטין נישט פאָרגעשטעלט, מען זאָל זי האלטן פארשפארט אין סטאַראָסטעס הויף, — אזוי נאָנט פונם באלזאל, אז מען האָט פון דאָרטן געקאָנט ארייַנקוקן צו איר אין תּפיסהשטיבל, אזוי נאָענט, אז זי האָט זיכער געמוזט הערן די טאנצמוזיק און דעם פריילעכן רעש. דער דאָזיקער געדאנק נעמט איצט אוועק ביי דער יונגער גרעפין די גאנצע פרייד פונם באל.

די יונגע גרעפין טאנצט-מיט, סיי אין וואלץ, סיי אין קאדריל. זי טאנצט אפילו מיט אין דעם מענועט און אויך אין דעם אנגלע, אָבער נאָך יעדן טאנץ מוז זי זיך צושארן צום פענסטער און אריבערקוקן צום זייטיקן מויער. ס׳איז ליכטיק אין פענסטער פון דער מאיאָרינס שטיבל, און זי זעט, ווי יענע גייט הין און צוריק איבער דער תּפיסהקאמער. זי מוז א פּנים קיינמאָל נישט רוען, נאָר זי גייט אומאויפהערלעך הין און צוריק.

די גרעפין האָט נישט קיין שום פארגעניגן פונם טאנצן. זי טראכט כּסדר וועגן דעם, ווי די מאיאָרין גייט עס אזוי הין און צוריק אין איר תּפיסה, גלייך ווי א געפאנגענע חיה אין איר שטייג. ס׳חידושט איר, וואָס אלע איבעריקע געסט קאָנען איצט רואיק טאנצן. ס׳זענען דאָרט זיכער פאראן אַ סך מענטשן, וועלכע זענען גלייך ווי זי אויפגעבראכט פון דעם באוואוסטזיין, אז די מאיאָרין געפינט זיך אין תּפיסה אזוי נאָנט פון זיי, און דאָך מאכט זיך קיינער נישט וויסן דערפון. מען זעט באשיינפערלעך, וואָסער געדולדיק פאָלק עס לעבט דאָ אין ווערמלאנד, אויב די געסט קאָנען רואיק פארטראָגן אזא עולה. אָבער די יונגע גרעפין איז נישט אזא געדולדיקע און נאָך יעדן מאָל, וואָס זי האָט ארויסגעקוקט צו דער מאיאָרינס שטיבל, באוועגן זיך אירע פיס שווערער אין טאנץ, און דאָס געלעכטער וויל איר בלייבן שטעקן אין האלז.

דעם סטאַראָסטעס ווייב גיט אָבער פון דער זייט אכטונג אויף דער גרעפין, און זי זעט ווי די יונגע פרוי ווישט-אָפּ די פייכטקייט פון דער פענסטערשויב, כדי ארויסצוקוקן; אין א ווײַלע ארום קומט זי צו צו איר.

— אַך, סארא עלנט, סארא עלנט דאָס איז! שעפּטשעט זי צו דער גרעפין.

— ס׳קומט מיר עפּעס פּאָר, ווי ס׳וואָלט דאָ היינטיקן אָוונט נישט מעגלעך געווען צו טאנצן, שושקעט די גרעפין צוריק.

— דאָס איז נישט געשען מיט מיין ווילן, ענטפערט פרוי שאַרלינג, וואָס מיר האָבן דאָ א באַל, — גראָד היינט, בשעת זי זיצט דאָרט פארשלאָסן. די גאנצע צייט, וואָס זי איז ארעסטירט האָט זי זיך געפונען אין קאַרלשטאַד, אָבער איצט וועט שוין באַלד דער פּראָצעס פאָרקומען, און דעריבער האָט מען זי אהערגעבראכט. מיר האָבן זי דאָך נישט געקאָנט לאָזן זיצן אין דער וויסטער ארעסטקאמער, וואָס אין געריכטהויז, האָבן מיר פאר איר אָפּגעגעבן די וועבשטוב, וואָס אינם פליגלמויער. מיינעטוועגן וואָלט איך זי אפילו ארײַנגענומען צו זיך אין גאסטשטוב, ווען נישט די אַלע געסט, וואָס זענען גע-קומען צו מיין מאנס געבוירנסטאָג. די גרעפין קען זי נישט, אָבער איך פארזיכער די גרעפין, אז זי איז תמיד געווען ווי א מאמע פאר אונז אַלעמען ווי א מלכּה. וואָס א שטייגער קאָן זי איצט טראכטן וועגן אונז עגאָאיסטן, וועלכע האָבן נאָך אַ הארץ צו טאנצן דאָ, בשעת זי געפינט זיך אין אזא גרויסער בויט? גוט כאָטש, וואָס ס׳רוב פון די געסט ווייסן נישט, אז זי זיצט דאָ ארעסטירט.

— מען האָט זי בכלל נישט באדארפט ארעסטירן, זאָגט די יונגע גרעפין שטרענג.

— דאָס איז ריכטיק, פרוי גרעפין, ס׳איז אָבער נישט געווען קיין אנדער ברירה, אויב ס׳האָט נישט געזאָלט געשען נאָך עפּעס א גרעסער אומגליק. קיינער, פארשטייט זיך, האָט איר נישט געוואָלט שטערן אונטערצוצינדן אירע אייגענע סטער-

טעס שטרוי און פאריאָגן די צעווילדעוועטע קאוואלערן פון איר היים, אָבער דער מאיאָר האָט זיך דאָך כסדר ארומגע־שלעפט אויף רער יאגד נאָך איר. גאָט ווייסט, וואָס דער פאר־ביסענער מאיאָר וואָלט אָפּגעטון, אויב מען וואָלט זי נישט איינגעזעצט. מיין מאן, פרוי גרעפין, האָט שוין געמוזט אויס־שטיין א סך אומאנגענעמלעכקייטן צוליב דעם, וואָס ער האָט זי ארעסטירט; אפילו אין קארלשטאט איז מען אויך געווען שטארק אומצופרידן, וואָס ער האָט נישט געקוקט דורך די פינגער אויף דעם אלעם, וואָס ס'איז געשען אין עקעבי. ער האָט אָבער געטון דאָס, וואָס איז לויט זיין מיינונג געווען דאָס בעסטע פאר אירעטוועגן.

— אָבער איצטער וועט זי מסתמא פארמשפט ווערן? זאָגט די גרעפין.

— אָ, ניין, פרוי גרעפין, פארמשפט וועט זי נישט ווערן. די מאיאָרין פון עקעבי וועט זיכער באפרייט ווערן. נאָר דאָס אלץ וואָס זי האָט די דאָזיקע פאָר טעג געמוזט איבערהאלטן, איז שוין אזוי אויך צו פיל פאר איר צעבראָכן געמיט. איך האָב מורא זי זאָל חלילה נישט משוגע ווערן; איר דארפט דאָך פארשטיין... אזא שטאָלצע פרוי, ווי קאָן זי דאָס פאר־טראָגן, מען זאָל זי באהאנדלען ווי א פשוטע פארברעכערין? איך מיין, אז ס'וואָלט געווען אמבעסטן, ווען מען וואָלט זי ארויסגעלאָזט. זי וואָלט שוין דערנאָך אליין אנטלאָפן.

— נו, טאָ לאָזט זי ארויס! זאָגט די גרעפין שטיל.

— דאָס קאָן דאָך אָבער טון איך עמיצער אנדערש, נישט דוקא דער סטאראָסטע אָדער זיין ווייב, שעפטשעט די פרוי שארלינג. מיר מוזן זי דאָך היטן... בפרט נאָך היינטיקע נאכט, בשעת ס'געפינען זיך דאָ אזוי פיל פריינט אירע... ס'זיצן צוויי פארשוין אויף דער וואַך פאר איר טיר, און ארום איז אומעטום פארמאכט און פארריגלט, אזוי אז קיינער קאָן ניש ארייַנקומען צו איר. נאָר אויב עמיץ וואָלט זי דאָך ארויסגענומען, וואָלטן מיר זיך זייער געפרייט... סיי מיין מאן, סיי איך!...

— צי איך טאָר אויך נישט אריינגיין צו איר? פרעגט די יונגע גרעפין.

ווי נאָר פרוי שאַרלינג דערהערט דאָס, נעמט זי די גרעפין שנעל אָן פאר דער האנט און פירט זי מיט זיך ארויס פונם באלזאל. אין פאָדערהייזל ווארפן זיי אויף זיך ארויף א פאָר שאלן און גייען געשווינד ארויס אויפן הויף.

— ס'איז נאָך נישט געזאָגט, אז זי וועט מיט אונז וועלן רעדן, זאָגט די סטאראָסטין. זי וועט אָבער פאָרט זען, אז לפחות מיר ביידע האָבן נישט פארגעסן אָן איר.

אין א ווײַלע ארום זענען זיי שוין אין דער ערשטער שטוב פונם פליגלמויער, וואו די צוויי שומרים זיצן אויף דער וואַך נעבן דער פארמאכטער טיר, און די ביידע פרויען גייען אומגעשטערט אריין צו דער מאיאָרין: זי געפינט זיך אין א שטוב, וואָס איז פול מיט וועבשטולן און אנדערע געצייג. די דאָזיקע שטוב ווערט אייגנטלעך באנוצט אלס וועבקאמער, ס'זענען דאָרט אָבער פאראן קראטעס פארן פענסטער און שטארקע שלעסער ביי דער טיר, כדי אין א נויטפאל זאָל די שטוב קאָנען באנוצט ווערן אלס ארעסטקאמער.

די מאיאָרין האָט פאָרטגעזעצט צו גיין הין און צוריק, נישט לייגנדיק קיין גרויס אכט אויף די פרויען, וועלכע זענען אריינגעקומען צו איר.

זי האָט זיך די טעג אוועקגעלאָזט אויף א ווייטע וואנדערונג. זי קאָן זיך נישט דערינערן עפּעס אנדערש ווי נאָר דאָס, אז זי גייט צו פוס די דרייסיק מייל וועג, ארויף צו צו איר מוטער, וועלכע זיצט דאָרט אויבן אין די עלוודאלשע וועלדער און וואַרט אויף איר. די מאיאָרין האָט נישט קיין צייט צו באַלמוטשען, זי מוז כסדר גיין. זי איז באהערשט פון א רולאָזער איילעניש. איר מוטער איז שוין א זקנה, איבער די ניינציקער, און ס'איז איר שוין מסתמא קיין סך נישט געבליבן צו לעבן.

די מאיאָרין האָט איילנווייז אויסגעמאָסטן די לענג פון דער פאָדלאָגע, און איצטער רעכנט זי צונויף די רייען, צו־

זאמענלייגנדיק די איילן אין קלאפטערס, און די קלאפטערס אין האלבע מיילן און מיילן.

שווער און ווייט קומט איר פאר דער וועג, און זי וואגט נישט צו רוען. זי שפרייזט אין טיפן שניי. דארט וואו זי גייט הערט זי די אייביקע וועלדער רוישן איבער זיך, זי שטעלט זיך אפ אינם געצעלט פונם וואנדערנדיקן פינע און אינם קוילן־ברענערסביידל פון ריטלעך. טיילמאל, בעת ס'איז נישט צו געפינען קיין מענטש אויף א מרחק פון עטלעכע מייל, מוז זי זיך אנברעכן צווייגן אויף א געלעגער און רוען אויף א פיען פון אן אומגעפאלענער סאסנע.

לסוף האט זי דערגרייכט דעם ציל. די דרייסיק מייל האבן זיך שוין געענדיקט, דער וואלד עפנט זיך און זי דער־זעט ווי רויטע הייזלעך שטייען אויף א שניי־באדעקטן הויף, דער טייך „קלארא" לויפט דא שוימענדיק א דורך אין א ריי פון קליינע וואסערפאלן, און לויט זייער גוט־באקאנטן ברויזן ווייסט זי, אז זי איז שוין אין דער היים.

איר מוטער, וועלכע זעט זי אהיימקומען ווי א בעטלערין, אזוי ווי זי האט עס טאקע געוואלט, קומט איר אקעגן.

יעדעסמאל, בשעת די מאיארין איז שוין אין איר דמיון אזוי ווייט, הויבט זי אויף די אויגן, קוקט זיך ארום, דערזעט די פארמאכטע טיר, — און ווייסט וואו זי געפינט זיך.

זי קלערט דאן, צי איז דאס נישט אמאל ביי איר אן אנהויב פון משוגעת. און זי זעצט זיך אוועק טראכטן און אפרוען. נאר אין א ווײלע ארום הייבט זי ווידער אן איר מארש. זי רעכנט צוזאמען איילן אין קלאפטערס, און ווידער אין האלבע מיילן און מיילן. זי מאכט בלויז קורצע אפרוען אין די ביידלעך פון נאמאדישע פינען און שלאפט נישט, נישט ביינאכט נישט בייטאג, ביז וואנען זי קומט נישט ווי־דער איבער די דרייסיק מייל.

אין משך פון דער גאנצער צייט, וואס זי איז געזעסן ארעסטירט, איז זי נאך כמעט קיינמאל נישט געשלאפן.

די ביידע פרויען, וועלכע זענען איצט אריינגעקומען, קוקן אויף איר מיט פחד.

די יונגע גרעפין וועט זי שוין תּמיד אַזוי געדענקען אין דעם, ווי זי האָט זי דאָרט געזעען ארומגיין. זי זעט זי דערנאָך אָפט אין אירע חלומות, און זי וואכט דאן אויף מיט נאסע אויגן פון טרערן און מיט א ווייגעשריי אויף די ליפּן.

די אַלטע מאיאָרין איז שרעקלעך אָפּגעלאָזט. די האָר זענען געוואָרן שיטער, און לויזע קאָלטונעס קריכן איר ארויס פונם שמאָלן צאָפּ. דאָס פּנים איז קרענקלעך בלאס און איינ־געפאלן, די מלבושים אין אומאָרדנונג און צעריסן. נאָר ביי דעם אַלעם האָט זי נאָך אין זיך אַזוי פיל חשובות פון דער אמאָליקער הויך־געשטעלטער הערשערין, אז נישט נאָר זי דער־וועקט צו זיך רחמנות, נאָר אויך כּבוד.

אָבער וואָס די גרעפין האָט זיך דערנאָך אמבולטסטן דערינערט, דאָס זענען געווען די אויגן: אייגעפאלענע, אין־זיך־פארטיפטע, און הגם נאָך נישט אינגאנצן בארויבטע פונם ליכט פון קלאָרן שכל, אָבער דאָך כּמעט ווי גרייט אויסגעלאָשן צו ווערן, און א פונק פון ווילדקייט האָט געלויערט אין זייער טיפעניש. מען האָט געמוזט ציטערן און זיך שרעקן, דאָס מען זאָל נישט אין דער נאָנטסטער רגע האָבן די אַלטע אויף זיך, גרייט צו בייסן מיט די ציין און צו דראפּען מיט די נעגל.

זיי זענען א לאנגע ווײַלע געשטאנען און געוואַרט. פּלוצלינג בלייבט די מאיאָרין שטיין פאר דער יונגער גרעפין און קוקט אויף איר מיט א שטרענגן בליק. די גרעפין מאכט א שריט צוריק, און כאפּט־אָן די פרוי שאַרלינג פארן אָרעם.

די געזיכט - שטריכן פון דער מאיאָרין באקומען מיט אמאָל לעבן און אויסדרוק, אירע אויגן קוקן אין דער וועלט אריין מיטן פולן קלאָרן שכל.

— אָ, ניין... אָ, ניין, זאָגט זי און שמייכלט דערביי, אַזוי שלעכט איז עס נאָך פאָרט נישט, מיין ליבע יונגע דאמע !...

זי בעט זיי זיך אוועקזעצן, און זעצט זיך אליין אויך. זי נעמט אויף זיך א מינע פון אן אלטמאָדישער שטאָלצער מאטראָנע, ווי אמאָל, בעת די גרויסע שמחות אין עקעבי, אָדער בעת די קיניגלעכע בעלער, וואָס זענען אונטער איר השגחה געפּראוועט געוואָרן אינם פּאלאץ פון קארלשטאדער וואָיעוואָדע. יי פארגעסן אין די שמאטעס און אין דער תּפיסה, זיי זען פאר זיך די שטאָלצעסטע נגידיתטע פון ווערמלאנד.

— מיין ליבע גרעפין! זאָגט זי. וואָס האָט אייך געקאָנט באוועגן צו פארלאָזן דעם טאנץ, כּדי אויפצווזוכן אזא איינזא-מע אלטע זקנה, ווי איך? איר מוזט באשטימט זיין א גוט-הארציקע פרוי!

די גרעפין עליזאַבעט דאָנאַ קאָן נישט ענטפערן. איר שטים איז דערשטיקט פון דערשיטערונג. פרוי שאַרלינג ענט-פערט פאר איר, אז זי האָט נישט געקאָנט טאנצן, ווייל זי האָט כּסדר געטראכט וועגן דער מאיאָרין.

— ליבע פרוי שאַרלינג, זאָגט די מאיאָרין, איז עס דען אזוי ווייט שוין געקומען מיט מיר, אַז איך שטער אפילו די יונגע מענטשן אין זייער שמחה? איר זאָלט נישט וויינען אי-בער מיר, מיין ליבע יונגע גרעפין, האָט זי צוגעגעבן. איך בין אן אלטע מרשעת, וואָס האָט זיך כּשר פארדינט איר בי-טערן גורל... איר האלט עס זיכער פאר אן אומרעכט צו שלאָגן אן אייגענע מאמע, וואָס, נישט?...

— יאָ, אָבער...

די מאיאָרין שלאָגט איר איבער די רייד, און שטרייכט איר דערביי ארויף פון שטערן אירע געקרייזלטע, בלאָנדע האָר.

— קינד... קינד... זאָגט זי, ווי אזוי האָט איר עס גע-קאָנט חתונה האָבן מיטן נארישן הענריק דאָנאַ?

— אָבער, איך ליב אים...

— יאָ... איך זע, ווי די זאך איז..., זאָגט די מאיאָרין, א גוט קינד זענט איר — און נישט מער... וויינט-מיט מיט די פאריאָמערטע און לאכט-מיט מיט די פרייליכע, און זי זעט

זיך געצוואונגען צו זאָגן „יאָ", דעם ערשטן, וואָס זאָגט: „איך ליב דיך". נו יאָ, געוויס... גייט אין באַלזאַל און שטערט אייך נישט טאנצן, מיין ליבע יונגע גרעפין! טאנצט און זייט פריילעך! ס'איז חלילה נישטאָ קיין שפור פון בייז אין אייך!

— איך וויל אָבער טון עפעס פאר דער פרוי מאַיאָרין.

— קינד, זאָגט די מאַיאָרין מיט א פייערלעכער שטים. ס'האָט אמאָל געוואוינט אן אלטע פרוי אין עקעבי, און זי האָט אין איר פויסט געהאלטן געפאנגען די ווינטן פונם הימל. איצטער איז זי אליין געפאנגען, — און די ווינטן הוליען פראנק און פריי. איז דען א חידוש, אז עס גייט א שטורם איבערן גאנצן לאנד?

איך בין שוין א זקנה, אָ, פרוי גרעפין, און איך קען זיך אויף שטורעמס! איך וויים, אז א דונערדיקער שטורם פון גאָט קומט איצט אָן איבער אונז. אמאָל בושעוועט ער איבער גרויסע מדינות, און אמאָל איבער קליינע, פארגעסענע קבוצים. אָבער גאָטס שטורם פארגעסט קיינעם נישט. ער טרעפט אלעמען, גרויס און קליין... נאָר איך פארזיכער אייך, ליבע פרוי גרעפין, אז ס'איז שיין צו זען, ווי גאָטס שטורם קומט-אָן.

אָ, שטורם פון גאָט! דו געבענטשטער געוויטער פון די הימלען, בלאָז און בושעווע איבער דער ערד! איך רוף אייך, איר קולות פון דער לופט, איר קולות פון וואסער! לאָזט אייך הערן און דערשרעקט אלץ וואָס לעבט! מאכט גאָטס שטורם וואָס מער גרויזאם! מאכט אזוי, אז גאָטס שטורם זאָל אָנווארפן אן אימה אויף אלץ, וואָס אָטעמט! זאָלן זאווערוכעס זיך טראָגן איבערן לאנד, זיך ווארפן אויף די שאָקלדיקע ווענט, ברעכן די פארזשאווערטע שלעסער און אומווארפן די הייזער, וואָס האלטן שוין ביים איינפאלן!

א פחד וועט זיך פארשפרייטן איבערן לאנד. די קליינע פייגלנעסטן וועלן אראָפּפאלן פון זייער אָנשפאר אויפן צווייג. דאָס נעסט פונם שפארבער, וואָס אויפן שפיץ סאָסנע, וועט מיט גרויס רעש אראָפּגעפאטש ווערן צו דער ערד, און דאָס צישן פונם ווינט מיט זיין דראקאָן-צונג וועט דערגרייכן ביז

צום פּחהאַמש, וואָס האָט זיין באַהעלטעניש אין די שפּאַלטן פון באַרג.

מיר האָבן געמיינט, אַז אַלץ איז וואויל און גוט ביי אונז, ס'איז אָבער נישט אַזוי. גאָטס שטורם איז נויטיק! איך פאַרשטיי דאָס, און איך באַקלאָג זיך נישט. איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז מען זאָל מיך לאָזן אַהעקגיין צו מיין מוטער!

דאָ ברעכט זי מיט אַמאָל צוזאַמען.

— גייט שוין, גייט, ליבע גרעפין!, זאָגט זי, איך האָב שוין נישט מער קיין צייט. איך מוז גיין. גייט שוין צוריק אין זאַל און היט אייך אויס פאַר די, וועלכע רייטן אויפן שטורמוואָלקן!

און זי הויבט ווידער אָן איר וואַנדערמאַרש. אירע געזיכטשטריכן לאָזן-נאָך, דער בליק ווערט ווידער אין זיך פאַרטיפט. די גרעפין און די פרוי שאַרלינג פאַרשטייען, אַז זיי מוזן זי פאַרלאָזן.

ווי נאָר זיי קומען ווידער אַריין צו די טאַנצנדיקע, גייט די יונגע גרעפין גלייך צו צו יעסטאַ בערלינגן.

— איך קען גריסן דעם הער בערלינג פון דער מאַיאָרין, זאָגט זי. זי וואַרט, אַז הער בערלינג זאָל זי אַרויסנעמען פון דער תּפיסה.

— נו, וועט זי דאָרט מעגן וואַרטן, פרוי גרעפין! ענטפערט יעסטאַ.

— אָ, העלפט איר, הער בערלינג!

יעסטאַ ווערט אומעטיק.

— ניין — זאָגט ער, פאַרוואָס זאָל איך איר העלפן? וואָסער דאַנק בין איך איר דאָס שולדיק? אַלץ וואָס זי האָט געטון פאַר מיר, האָט זיך דערנאָך פאַרוואַנדלט אין אומגליק.

— אָבער הער בערלינג...

— ווען נישט זי, זאָגט ער מיט רוגזה, וואָלט איך שוין געווען געשלאָפן אין די אייביקע וועלדער! בין איך דען מחויב איינצושטעלן מיין לעבן דערפאַר, וואָס זי האָט מיך געמאַכט פאַר אַ קאַוואַלער פון עקעבי? גלויבט דען די פרוי

גרעפין, אז אויף דעם דאָזיקן אמת געניסט מען פיל כבוד !
די יונגע גרעפין קערט זיך אָפּ פון אים, נישט ענט־פערנדיק קיין וואָרט. זי איז בייז.

זי גייט צוריק אויף איר אָרט, און באַקומט זייער ביטערע מחשבות וועגן די קאַוואַלערן. דאָ אהער, — צום תפיסההויז — זענען זיי געקומען מיט וואַלטאָרנעס און מיט פידלען און שפּילן פון אַלע כוחות, אזש די סטרונעס פּלאַצן, און קלערן נישט וועגן דעם, אז די מוסיקע טענער קלינגען אריבער צום שטיבל פון דער אַרעסטירטער. זיי זענען אהערגעקומען טאנצן, ביז די זוילן וועלן נישט צעריבן ווערן און ס'אַרט זיי גאָרנישט, וואָס זייער אַלטע וואָילטוערין זעט זייערע שאָטנס פארבייטאנצן דורך די פענסטערשויבן. אַך, ווי גרויס און מיאוס די וועלט איז געוואָרן! סאַ־א שאָטן די נויט און ברוטאַלקייט האָבן געוואָרפן איבער דער נשמה פון דער יונגער גרעפין !

אין אַ ווײַלע אַרום קומט צו יעסטאַ און פאַרבעט זי צום טאַנץ.

זי זאָגט אים גלייך אָפּ.

— ניין ! כ'וויל נישט ! זאָגט זי מיט כעס.

— וויל נישט די פרוי גרעפין טאנצן מיט מיר? פרעגט ער און ווערט זייער רויט.

— נישט מיט אייך און נישט מיט אַ צווייטן קאַוואַלער פון עקעבי, ענטפערט זי.

— מיר זענען, הייסט עס, נישט ראוי צו אַזאַ גרויסן כבוד ?

— דאָס איז נישט קיין כבוד, הער בערלינג ! איך האָב אָבער קיין שום פארגעניגן נישט צו טאַנצן מיט מענטשן, וועלכע האָבן פארגעסן אָן אַלע פליכטן פון דאַנקבאַרקייט !...

יעסטאַ האָט זיך אויסגעדרייט אויפן אָפּצאַס, און זיך אָפּגעקערט פון איר, נאָך איידער זי האָט געענדיקט רעדן.

די דאָזיקע סצענע ווערט אונטערגעהערט און צוגעזען פון אַ סך מענטשן, און אַלע גיבן זיי גערעכט דער גרעפין. די אומדאַנקבאַרקייט און אומבַרחמנותדיקייט פון די קאַוואַלערן

לגבי דער מאיאָרין האָט קענען זיי ארויסגערופן אן אלגעמיי־נעם פארדרוס.

אָבער יעסטאַ גייט די טעג ארום א דערצאָ־נטער און ר׳איז געפערלעכער ווי א חיה־רעה אין וואלד. זינט ער איז אהיימגעקומען פון דער בערן־יאגד און דערזעען, אז מאריאַנע איז אוועק, האָט זיך אין זיין הארץ געעפנט א בלוטנדיקע וואונד. ער האָט איצט חשק אָפצוטון עמיצן א גרויסע עולה, צו פארשפרייטן צער און פיין ארום זיך.

— נו, אויב זי וויל קענען מיר שפילן די ראָל פון א באַ־ליידיקטער פריצטע, טראַכט ער, טאָ זאָל עס איר וואויל באַקומען! זי וועט אָבער דאַן נישט טאָרן שוינען איר אייגענער הויט אויך: די יונגע גרעפין האָט ליב צו הערן מעשיות וועגן פרויען־רויב, אַזא פאסירונג וועט זי איצט אליין איבערלעבן!

ער האָט גאָרנישט קענען אן אוואנטורעלע. אכט טאָג צייט איז ער שוין ארומגעגאנגען און זיך מצער געווען צוליב א פרוי. ס׳איז שוין א גענוג לאנגע טרויערצייט. ער רופט־צו בערענקרייצן,— דעם פולקאָווניק און קאָרטן־שפילער, — און אויך דעם קאפיטאן קרישאן בערג, — דעם בעל־כּוח, — און דאָס־גלייכן דעם פוילענצער קוזין קריסטאָפער, — וועלכער קווינקלט זיך אָבער קיינמאָל נישט בשעת ס׳האנדלט זיך וועגן א משוגענער אוואנטורע, — און ער באראט זיך מיט זיי, ווי אזוי מען זאָל דאָ נקמה נעמען דערפאר, וואָס די יונגע גרעפין האָט עפנטלעך פּוגע בכּבוד געווען דעם קאוואלערן פליגל.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט ענדיקט זיך שוין די שמחה. א לאנגע ריי שליטנס פאָרט ארײַן אויפן הויף. די הערן נעמען אויף זיך די פּעלצן. די דאמען זוכן־אויס זייערע ווארימע מלבושים, וועלכע וואל־גערן זיך ארום אין א פארצווייפלטן מיש־מאש אין דער גאר־דעראָבשטוב.

די יונגע גרעפין איילט זיך צו פארלאָזן דעם דאָזיקן פארהאסטן באל. זי איז די ערשטע גרייט פון אלע דאמען. זי שטייט אין מיטן שטוב און קוקט זיך צו מיט א שמייכל

צום מיש-מאש; אין דער זעלבער רגע פראלט-אויף די טיר און אויף דער שוועל באווייזט זיך יעסטאַ בערלינג.

קיין שום מאנסביל האָט נישט דאָס רעכט אריינצוטרעטן אין דער דאַזיקער שטוב. אלטע דאמען שטייען דאָרט אין זייערע שיטערע האָר, נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעטון די באַצירנדיקע הייבלעך. און די יונגע דאמען האָבן פארשארצט די קליידלעך אונטער די פעלצן, כדי בשעתן פאָרן נישט צו צעקנייטשן די אָנגעשטייפטע פאלבאַנעס.

נישט קימערנדיק זיך וועגן די וואָרנענדיקע אויסרופן, לויפט יעסטאַ צו צו דער גרעפין און כאפט זי ארום. ער הויבט זי אויף אויף זיינע שטארקע אָרעמס און לויפט מיט איר ארויס פון שטוב צום פאָדערהייזעל-צו און פון דאָרטן אויף די שטיגן ארויס.

די געשרייען פון די איבעראשטע פרויען האָבן אים נישט געקאָנט איינהאלטן. בשעת זיי לויפן אים נאָך, זעען זיי בלויז, ווי ער ווארפט זיך אריין אין א שליטן מיטן פארכאפטן רויב אין די אָרעמס.

זיי הערן, ווי דער קוטשער קנאַקט מיט דער בייטש און זיי זעען, ווי דאָס פערד לאָזט זיך שנעל אין וועג אריין. זיי קענען דעם קוטשער – דאָס איז דאָך בערענקרייץ, און זיי קענען אויך דאָס פערד – דאָס איז „דאָן-זשואן"; שטארק פארזאָרגטע און פארציטערטע איבערן גורל פון דער גרעפין, רופן זיי אריין די מאנסלייט.

די ווידער, פארלירן נישט קיין צייט אויף שטעלן קשיות, נאָר זיי ווארפן זיך צו די שליטנס, און מיטן גראף אָן דער שפיץ יאָגן זיי נאָך דעם פרויען-רויבער.

יעסטאַ ליגט אין שליטן, צוהאלטנדיק פעסט די יונגע גרעפין. ער האָט שוין פארגעסן זיין גאנצן עגמת-נפש. און א פארשיכורטער פון דעם געניוס פון דער געוואגטער אוואַנטורע, זינגט ער אויפן קול א לידל וועגן ליבע און רויזן.

ער האַלט זי פעסט צוגעדריקט צו זיך, אָבער זי מאכט

סיי ווי נישט קיין שום פרווו צו אנטלויפן. איר פנים ליגט ווייס און פארשטיינערט ביי זיין ברוסט.

אך, וואָס זאָל א מאַנסביל טון, בשעת ער האָט אזוי נאָנט פון זיך א בלאס, הילפלאָז פנים פון א יונגער, שיינער פרוי? בשעת ער זעט, ווי די בלאָנדע האָר אירע, וואָס באַשאָטענען תמיד דעם ווייסן, שטראַלנדיקן שטערן, זענען איצט אוועקגעשארט, און אירע ווייס האָבן זיך שווער אראָפּגעלאָזט איבער דעם שעלמישן גלאַנץ פון אירע בלויע אויגן?

וואָס זאָל א מאַנסביל טון, בשעת די רויטע ליפּן פון א יונגער פרוי ווערן בלאס פאר זיינע אויגן?

נאטירלעך, מוז ער קושן די פארמאכטע אויגן, דעם ווייסן שטערן און די בלאסע ליפּן;

אָבער דאן וואכט-אויף די יונגע פרוי און גיט זיך א וואָרף אין א זייט. זי איז איצט ווי אן אָנגעצויגענע פרוזשינע, און ער מוז מיט זיין גאנצער קראפט קעמפן מיט איר, כדי זי זאָל זיך נישט ארויסווארפן פון שליטן,--ביז ער פארשטופּט זי, אן אונטערדריקטע און ציטערנדיקע, אין א ווינקל פון שליטן.

— זע! זאָגט דאן יעסטאַ רואיק צו בערענקרייצן. די גרעפין איז שוין די דריטע פרוי, וועלכע איך און „דאָן-זשואן" פירן דעם ווינטער אהיים. נאָר די אנדערע צוויי זענען געהאָנגען ארום מיין האלז און האָבן מיך געקושט און געצערטלט און די, וועלכע איך פיר איצט, — נישט זי וויל כ'זאָל זי קושן, און נישט זי וויל טאנצן מיט מיר. צי קאָנסטו זיך עפּעס פארשטיין אויף די דאָזיקע פרויען, בערענקרייץ?

אָבער בשעת יעסטא איז אָפּגעפאָרן פון הויף, בשעת די פרויען האָבן געשריגן און די מענער האָבן געשאָלטן און די בייטשן האָבן געקנאקט און אלץ איז געווען יללות און מהומה, האָבן זיך די פארשוינען, וועלכע האָבן געהיטן די מאיאָרין, אָנגעהויבן מאָדנע צו פילן.

— וואָס איז דאָ געשען? האָבן זיי זיך קעגנזייטיק געפרעגט. פארוואָס שרייען זיי אזוי?

פלוצלינג איז די טיר אויפגעפראלט געוואָרן און א שטים האָט צו זיי אויסגערופן:

— זי איז אוועק, איצט פאָרט ער שוין מיט איר!

דערהערנדיק דאָס, זענען די שומרים ארויס פון הויז, לויפנדיק ווי משוגעים, נישט נאָכזעענדיק א פריער, צי דאָס איז געווען די מאיאָרין אָדער עמיץ אנדערש, וואָס איז אוועק. דאָס מזל האָט זיי צוגעשפּילט, זיי האָבן נאָך באוויזן זיך ארויפצוכאפּן אין אן אוועקאיילנדיקן שליטן. און זיי זענען אָפּגעפאָרן א שפּאַר שטיק וועג, איידער זיי האָבן זיך דער־וואוסט נאָך וועמען מען יאָגט זיך דאָס.

אָבער קרישאַן בערג און קוזין קריסטאָפער זענען בא־צייטנס צוגעגאנגען צום דעם תפיסהשטיבל, אויפגעבראָכן דעם שלאָס און אויפגעעפנט די טיר פאר דער מאיאָרין.

— די מאיאָרין איז פריי, האָבן זיי געזאָגט.

זי איז ארויס. זיי זענען געשטאנען, גלייכע ווי שטעקנס, פון ביידע זייטן טיר, און נישט געקוקט צו איר.

— די מאיאָרין האָט שטיין א פערד און שליטן אין דרויסן.

זי איז ארויסגעגאנגען, זיך ארייַנגעזעצט אין שליטן און גענומען אָנטרייבן דאָס פערד. קיינער האָט זי נישט פאר־פאָלגט, און קיינער האָט נישט געוואוסט, וואוהין זי איז אוועקגעפאָרן.

בארג־אראָפּ, פון די בערגלעך וואָס ארום ברובי, איילט „דאָן־זשואַן" צו דער אייז־באדעקטער לעיווען. דער שטאָלצער פערד פליט כסדר פאָרווערטס. א דערקוויקנדיקע, אייז־קאל־טע לופט רויטלט די באקן פון די פאָרנדיקע, די שליטן־גלעקלעך קלינגען, די שטערן און די לבנה בלאנקען, דער שניי ליגט בלוי־ווייס און בלינצלט אזוי אויסטערליש!...

יעסטאַ פילט, ווי ס'וואכן־אויף אין אים פּאָעטישע מחשבות.

— בערענקרייץ, זאָגט ער, זע, אָט דאָס הייסט ביי מיר חי־געלעבט!... גלייך ווי „דאָן־זשואַן" איילט אוועק מיט דער דאָזיקער יונגער פרוי, אזוי איילט די צייט אוועק מיטן

מענטשן. דו ביזט די גוטסקייט, וואָס קירעווען מיט דעם ווילן, וואָס ווערט וואָס אמאָל מער מאכטלאָזער...

— פלאַפל נישט, שרייט בערענקרייץ, זיי יאָגן אונז נאָך און זענען שוין באלד נאָענט הינטער אונז!...

און מיט קאָנקעדיקע שמיץ העצט ער „דאָן-זשואַנען" צו אן אלץ ווילדערער שנעלקייט.

— דאָרט זענען די וועלף, דאָ דער רויב! רופט-אויס יעסטאַ, „דאָן-זשואַן", בחור מיינער, שטעל זיך פּאָר, אז דו ביזט א יונגער הירש! לויף דורך געפלאָנטערטע קוסטעס, שפרייז איבער וואלדזומפן, מאך א שפרונג פונם בארג-קאָפּ, גלייך אראָפּ אין קלאָרן טייך אריין! שווים אים דורך מיט א מוטיק אויפגעהויבענעם קאָפּ, און פארשווינד, פארשווינד אין דער אויסלייזנדיקער טונקלקייט פונם געדיכטן סאָסנעוואלד! לויף, דאָן-זשואַן, דו אַלטער פרויען-רויבער! לויף, ווי א יונגער הירש!...

זיין ווילד הארץ ווערט פול מיט אומגעצוימטער שמחה פונם דאָזיקן בליץ-שנעלן פאָרן. די געשרייען פון די פאר-פאָלגער זענען פאַר אים א יובלגעזאנג, זיין ווילד הארץ וואקסט פון הנאה, בשעת ער פליט, ווי דער גרעפינס גוף טרייסלט זיך פון שרעק, בשעת ער הערט ווי עס קלאַפּט איר א צאָן אָן א צאָן.

פלוצלינג מאכט ער א ביסל לויזער די אייזערנע אומ-קלאמערונג, מיט וועלכער ער האָט זי צוגעהאלטן. דערנאָך שטעלט ער זיך אויף אין שליטן און פאָכעט מיט זיין היטל.

— איך בין יעסטאַ בערלינגג! רופט ער אויס, דער באַ-לעבאָס פון צען טויזנט קושן און דרייצנטויזנט ליבעבריוולעך, הורא פאר יעסטאַ בערלינגן! כאַפּ אים,—ווער עס קאָן!

א רגע דערנאָך שושקעט ער דער גרעפין אין אויער אריין.

— ווי מיינט איר גרעפין, איז עס דען נישט א וואונדער-בארע נסיעה? איז עס דען נישט קיין מלכותדיקע נסיעה? נאָך דער לעיווען ליגט די אָזערע ווענערן, און ווייטער ליגט

דער ים... אומעטום אומענדלעכע שטח׳ס פון בלאנקענדיקן בלויען אייז, און הינטער דעם אלעם א ליכטיק שטראלנדיקע וועלט!... דער אייז דונערט בשעתן פּלאצן, הינטער אונז הילכן די טומלדיקע רופן פון די פּאַרפאַלגער, שטערן פאלן פון הימל, און פאר אונז קלינגען שליטן-גלעקלעך! פאָרווערטס, כסדר פאָרווערטס וועלן מיר פאָרן! צי האָט איר חשק צו פּרווון אזא נסיעה, מיין יונגע שיינע דאמע?!

דערנאָך לאָזט ער זי פריי... זי שטופּט אים העפטיק אָפּ פון זיך.

א ווײַלע שפּעטער שטייט ער שוין אויף די קני בײַ אירע פיס.

— אָ, איך בין אן אויסוואורף, אן אמתדיקער אויסוואורף! די גרעפין האָט נישט באַדאַרפט מיך רייצן. איר זענט דאָרט געשטאנען אזוי שטאָלץ און איידל, און געוויס קיינמאָל נישט געגלויבט, אז די פויסט פון א קאוואלער קאָן אייך דערגרייכן... הימל און ערד ליבן אייך! איר האָט נישט באַדאַרפט פאר- גרעסערן די לאסט פון די, וועמען הימל און ערד פאראכטן!...

ער נעמט-אָן אירע הענט און רייסט זיי צו זיין פּנים.

— וואָלט איר כאָטש פארשטאנען... שטאמלט ער, וואָס דאָס באדייט, בשעת מען ווייסט, אז מען איז אַ פאַרשטויסענער מענטש!... קיינער פרעגט נישט נאָך, וואָס אזא איינער טוט... אָ, ניין.. קיינער קימערט זיך נישט וועגן אים...

אין דעם מאָמענט באַמערקט ער, אז זי האָט נישט גאָר- נישט אויף די הענט. ער שלעפּט דאן ארויס א פּאָר גרויסע לעדערנע הענטשקעס פון זיינע קעשענעס און טוט זיי איר אָן.

און מיט אמאָל איז ער געוואָרן פולקאָם רואיק. ער זעצט זיך אוועק אין שליטן, אזוי ווייט פון דער גרעפין, ווי נאָר מעגלעך.

— די גרעפין דארף נישט מורא האָבן, זאָגט ער. זעט דען נישט די גרעפין, וואוהין מיר פאָרן? איר קאָנט דאָך פארשטיין, אז מיר האָבן נישט בדעה צו טון אייך עפּעס שלעכטס.

די גרעפין, וועלכע איז שיער נישט פון זינען אראָפּ פון שרעק, זעט איצטער, אז זיי זענען שוין אריבערגעפאָרן די אָזערע, און אז דאָן-זשואַן קלעטערט איצט בארג-ארויף, איבער די גלייכע בערגלעך וואָס נעבן באָרג.

לסוף שטעלן זיי אָפּ דאָס פערד פאר די שטיגן וואָס צום גרעפישן הויז, און לאָזן די יונגע גרעפין אויסשטייגן פון שליטן, ביים סאמע ארייַנגאנג צו איר אייגענער היים.

אָבער ווען זי ווערט ארומגערינגלט פון איר דינערשאפט באקומט זי צוריק מוט און קאלטבלוטיקייט.

— נעם דאָס פערד, אנדערסאָן! זאָגט זי צו איר קוטשער. די הערן וואָס האָבן מיך צוגעפירט א היים, וועלן אפשר מוחל זיין ארייַנגיין אויף א ווײַלע? דער גראף וועט באלד אָנקומען.

— ווי די פרוי גרעפין ווינשט, זאָגט יעסטאַ און שטייגט תיכף אויס פון שליטן. בערענקרייץ שליידערט אוועק פון זיך די לייצעס. די יונגע גרעפין גייט פאָראויס און ווייזט זיי ארייַנצוגיין אין זאל, נישט קאָנענדיק בשעת מעשה באהאלטן איר פרייד, וואָס זיי לאָזן זיך אַזוי לייכט ארייַננארן אין שטייג.

די גרעפין האָט אפילו געמיינט, אז זיי וועלן זיך קווענקלען ביים פאָרשלאג צו ווארטן אויף איר מאן. זיי ווייסן הייסט עס נישט, סארא שטרענגער און געוויסנהאפטער מענטש ער איז, זיי האָבן אלזאָ קיין מורא נישט פאר דעם דין-ומשפּט, וואָס ער וועט דאָ אָפּריכטן איבער זיי, — די פרויען-רויבער, וועלכע האָבן זי מיט געוואלט געכאפּט און געצווינגען מיטצופאָרן מיט זיי. זי האָט געחלשט וואָס גיכער שוין הערן, ווי ער וועט זיי פארבאָטן נאָכאמאָל א פוס ארייַנצושטעלן אין איר היים.

זי האָט טאקע געוואָלט זען, ווי ער וועט ארייַנרופן די דינער און זיי אָנווייזן אויף די קאוואלערן, אז פאר זיי זאָלן זיך שוין קיינמאָל נישט מער עפענען די טירן פון באָרג. זי האָט אים געוואָלט הערן אויסדריקן זיין פאראכטונג, נישט בלויז צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געטון איר פערזענלעך,

נאָר אויך צוליב זייער אויפפירונג לגבי דער אלטער מאיאָרין,— זייער וואוילטוערין.

זי איז געווען זיכער, אז ער, וואָס איז פאר איר תּמיד הוילע צערטלעכקייט און געדולדזאמקייט, — אז ער וועט זיך מיט גערעכטער שטרענגקייט באגיין מיט אירע פאר־פאָלגער. די ליבע וועט זיינע רייד שענקען ברען און צאָרן. ער, וועלכער האָט זי באשיצט און געאכטעט, ווי א מין העכער וועזן, וועט דאָך נישט וועלן פארטראָגן, אז רויע מאנסלייט זאָלן זי באפאלן, ווי שפארבערס באפאלן א טייבעלע. די קליינע פרוי האָט פון קאָפּ ביז פיס געציטערט פון נקמה־חשק און געווארט אויף איר מאן, ער זאָל אין צאָרנדיקע רייד אויסדריקן דאָס, וואָס זי האָט איצט אין איר מאכטלאָזיקייט געפילט.

בערענקרייץ, דער פולקאָווניק מיט די גרויסע ווייסע וואָנסעס, איז אָן שום צערעמאָניעס אריינגעגאנגען אין עס־שטוב, און אָנגעווארעמט זיינע געפרוירענע הענט ביים פייער פון אָפענעם קאמין, וואָס האָט אלעמאָל געמוזט זיין גוט גע־הייצט, בעת די יונגע גרעפין איז א היימגעקומענע פון א שמחה.

בשעת דער דינער האָט באפרייט די גרעפין פון אירע ווארימע מלבושים, איז יעסטאַ געבליבן שטיין אין דער טונקל־קייט נעבן דער טיר און שטילשווייגנדיק באטראכט די גרעפין; און ווי ר׳האָט אזוי גֶעקוקט אויף דער יונגער פרוי, איז אים מיט אמאָל פריילעך געוואָרן אויפן הארצן, ווי ס׳איז אים שוין פון כמה יאָרן נישט געווען. ס׳איז פאר אים איצט קלאָר געוואָרן, הגם ער האָט נישט פארשטאנען ווי אזוי ער האָט דאָס אנטדעקט, — אז זי האָט איינע פון די שענסטע נשמות.

לעת־עתּה איז די דאָזיקע נשמה נאָך אלץ געלעגן גע־בונדן און געדרעמלט, זי וועט אָבער אמאָל אפערטרעטן פון איר באהעלטעניש. און ס׳האָט אים שטארק הנאָה געטון, וואָס דווקא ער האָט עס אנטדעקט די גאנצע ריינקייט, פרומקייט

און אומשולד, וואָס האָט טיף איינצווייניק געוואוינט אין איר. ער האָט זיך שיער נישט צעלאכט, זעענדיק ווי זי שטייט דאָרטן אזא בייזע, אָנגעבלאָזענע, מיט פארפלאמטע באקן און צוזאמענגעצויגענע ברעמען!

— אך, קינד, דו ווייסט דאָך גאָרנישט, ווי מילד און גוט דו ביזט, האָט ער געטראכט.

יאָ, ער האָט געוואוסט, אז די זייט פון איר וועזן, וואָס איז געווענדעט צו דער אויסערלעכקייט, וועט קיינמאָל נישט אין א געניגנדער מאָס אנטשפּרעכן איר אינערלעכן איך, אָבער ער, יעסטאַ בערלינג, ער האָט געפילט, אז פון היינט־אָן וועט ער זיין איר פארערער און דינער, ווי מ׳מוז פארערן און באַדינען אלץ וואָס שיין איז און געטלעך. יאָ, ס׳איז באמת נישט געווען וואָס חרטה צו האָבן דערויף, וואָס ער איז נאָר־וואָס געווען אזוי ברוטאל מיט איר, ווארום אויב זי וואָלט זיך נישט געוועז אזוי דערשראָקן, נישט אזוי העפטיק אים אָפּגעשטויסן פון זיך, און נישט אזוי גוואלטיק דערשיטערט געוואָרן פון זיין ברוטאלקייט, וואָלט ער דאָך קיינמאָל נישט געווען דערוואוסט זיך, סארא פיינער און איידעלער גייסט עס וואוינט אין איר.

ער וואָלט זיך עס קיינמאָל נישט געגלויבט. זי איז דאָך תמיד געווען דורך און דורך טאנצלוסט און מען האָט נעקאָנט מיינען, דאָס זי איז נישט מער ווי א פּוסטע קאָקעטין. און ערשט דער פאקט אליין, וואָס זי האָט ביי זיך געקאָנט פועלן חתונה צו האָבן מיטן נארישן גראף הענריק, — דאָס האָט אויך נישט עדות געזאָגט וועגן אַ געהויבענעם מצב פון גייסטיקער אַנטוויקלונג.

יאָ, איצט וועט ער ווערן איר שקלאף ביז אין זיין טויט אריין: איר הונט און שקלאף, ווי קאפּיטאן קרישאן בערג פלעגט זאָגן, און נישט מער...

יעסטאַ איז געזעסן ביי דער טיר, און מיט צוזאמענגעפלאָכטענע הענט אָפּגעריכט עפּעס א מין גאָטדינסט. זינט יענעם טאָג, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערפילט די

פֿייערצונג פֿון געטלעכער באגייסטערונג פֿלאמען איבער זיך, האָט ער נאָך נישט איבערגעלעבט אזא הייליקייט אין זיין נשמה. ער האָט זיך נישט געלאָזט שטערן, הגם גראף דאָנאַ איז אריינגעקומען מיט אמאסע מענטשן, וועלכע האָבן גע־שאָלטן און זיך געבייזערט איבער דעם ספּעקטאקל פֿון די קאוואלערן.

ער האָט בערענקרייצן געלאָזט אויפֿנעמען דעם ערשטן שטורם, מחמת ער אליין איז איצט געווען פֿארנומען מיט עפּעס אנדערש. און יענער דער אויסגעפּרוווטער ריטער און העלד פֿון פֿיל אוואנטורעס, איז זיך אין באקוועמלעכער רואיקייט געשטאנען פֿאָרנט ביים קאמין. ער האָט אוועקגעשטעלט א פֿוס אויפֿן קאמין, אָנגעשפּארט דעם עלנבויגן אָן די קני און די גאָמבע אָן דער האנט און פֿון דער זייט געקוקט אויף דער אריינ־שטורמענדיקער כאָפּטע.

— וואָס זאָל דאָס אלץ באדייטן? האט דער קליינטשי־קער גראף הענריק געשריגן צו אים.

— דאָס באדייט, האָט דער פּולקאָווניק געזאָגט, אז כל זמן ס'וועלן זיך געפֿינען פֿרויען אויף דער וועלט, אזוי לאנג וועלן זיך אויך געפֿינען שוטים, וואָס וועלן טאנצן נאָך זייער פֿייפֿל.

דער יונגער גראף איז רויט געוואָרן איבערן גאנצן פּנים.

— איך פֿרעג, וואָס דאָס באדייט! האָט ער איבערגעחזרט.

— דאָס פֿרעג איך אויך, האָט בערענקרייץ חוזק געמאכט פֿון אים. אָט פֿרעג איך, למשל, וואָס דאָס באדייט, וואָס די פֿרוי פֿון גראף הענריק דאָנאַ וויל נישט טאנצן מיט יעסטאַ בערלינגען?

דער גראף האָט זיך פֿרעגנדיק געווענדעט צו זיין ווייב.

— איך האָב עס פּשוט נישט געקאָנט טון, הענריק! האָט זי אויסגערופֿן. איך האָב נישט געקאָנט טאנצן נישט מיט אים, נישט מיט עמיצן אנדערש פֿון זיי. איך האָב כּסדר גע־טראכט וועגן דער מאיאָרין, וועמען זיי האָבן געלאָזט פֿאר־שמאכטן אין ארעסט.

דער קליינטשיקער גראף האָט נאָך מער אויסגעגלייכט זיין שטייפן גוף און פארריסן זיין זקנישן קאָפּ.

— מיר קאוואלערן, האָט בערענקרייץ ווייטער געזאָגט׳ דערלויבן נישט קיינעם אונז צו באליידיקן. ווער ס׳וויל נישט טאנצן מיט אונז, — דער מוז פאָרן מיט אונז. ס׳איז דער פרוי׳ גרעפין חלילה נישט געשען קיין שום בייז, און דערויף קאָן די זאך נעמען א סוף.

— ניין! האָט דער גראף געזאָגט. דערויף קאָן עס נאָך נישט נעמען קיין סוף. איך בין פאראנטוואָרטלעך פאר די מעשים פון מיין ווייב. איצט פרעג איך, פארוואָס האָט יעסטאַ בערלינג זיך נישט געווענדעט צו מיר, כדי צו באקומען א סאטיספאקציע פאר דער באליידיקונג, וואָס ער האָט געמוזט אויסשטיין מצד מיין ווייב?

בערענקרייץ האָט געשמייכלט.

— איך פרעג! האָט דער גראף איבערגעחזרט.

— מען פרעגט נישט ביים פוקס וועגן א דערלויבניש אראָפּצושינדן פון אים די פעל, האָט בערענקרייץ געזאָגט.

דער גראַף האָט אוועקגעלייגט די האנט אויף זיין שמאָלער ברוסט.

— איך האָב א נאָמען פון א מענטשן מיט יושר, האָט ער אויסגערופן. איך האָב א רעכט צו משפטן מיינע דינער, טאָ פארוואָס זאָל איך נישט האָבן א רעכט צו משפטן אויך מיין ווייב? אָבער די קאוואלערן האָבן בשום אופן נישט געהאט קיין רעכט זי צו פאראורטיילן. די שטראָף, וואָס זיי האָבן אָנגעווענדעט לגבי איר, מאך איך צו נישט... זי האָט קיינ-מאָל נישט עקזיסטירט, פארשטייט איר, מיינע הערן?... די דאָזיקע שטראָף האָט פשוט קיינמאָל נישט עקזיסטירט!

דער גראף האָט די דאָזיקע ווערטער אויסגעשריגן מיט א קוויטשעדיק קול. בערענקרייץ האָט געוואָרפן א שנעלן בליק אויף אלע ארום. ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין איינציקער פון די אָנוועזנדיקע, — סיי סינטראַם און דאַניעל בעגנאדיקס, סיי דאַלבערג און אלע איבריקע,—וועלכער זאָל נישט שטיין דאָרט

און פארבאָרגענערהייט שמייכלען פון דעם, ווי אזוי ער האָט דעם טפש העגריק דאָבאַ אריינגעבארט אין זאק אריין.

די יונגע גרעפין האָט נישט תיכף פארשטאנען די רייד פון איר מאן. וואָס איז דאָס אזוינס, וואָס האָט געזאָלט גע-רעכנט ווערן פאר גאָרנישט? איר פחד, די ברוטאלע אומקלא-מערונג פון די קאוואלערישע לאפעס ארום איר שוואכן גוף, אָדער יעסטאָס ווילדער געזאנג און חוצפהדיקע ווערטער און זיינע ברענענדיקע קושן, — צי זאָל דאָס אלץ פארעכנט ווערן אלס נישט געווען?... צי האָט זיך דעם דאָזיקן אָוונט גאָרנישט געפונען קיין שום זאך, איבער וועלכער די גרויע געטין פון בין-השמשות האָט נישט געחעלעטיקט?...

— אָבער, העגריק...

— שטיל! האָט ער צו איר שארף א זאָג געטון, און ער האָט זיך נאָך מער אויסגעגלייכט, כדי צו האלטן פאר איר א מוסר-דרשה.

— וויי איז צו דיר, האָט ער געזאָגט, וואָס דו, אלס פרוי, האָסט זיך געוואָלט זעצן משפטן מאנסלייט! וויי איז צו דיר, וואָס דו, אלס מיין ווייב, וואגסט צו באליידיקן עמיצן, וועמענס האנט איך דרוק זייער גערן! וואָס גייט עס אייגנט-לעך דיך אָן, וואָס די קאוואלערן האָבן געלאָזט ארעסטירן די מאיאָרין? צי האָבן זיי דען נישט געהאט קיין רעכט דע-רויף? דו קאָנסט קיינמאָל נישט וויסן, ווי א מאן מוז זיך פילן געקרענקט ביז אין די טיפענישן פון זיין נשמה, בשעת ער הערט דערציילן וועגן דער אומגעטריישאפט פון פרויען. צי האָסטו דען אויך בדעה צו גיין אויף דעם שלעכטן דרך, וואָס דו שטעלסט זיך אזוי שטארק איין פאר אזא מין פרוי?..

— אָבער, העגריק...

זי האָט זיך באקלאָגט ווי א קינד און אויסגעשטרעקט אירע הענט ווי זיך אָפצוווערן פון די הארבע רייד, זי האָט אפשר נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געהערט אזעלכע שארפע ווערטער, געווענדעטע צו איר. זי האָט זיך געפילט הילפלאָז צווישן די דאָזיקע ברוטאלע מאנסלייט, און איצט

האָט זיך איר איינציקער נאטירלעכער פארטיידיקער אויך גע-ווענדעט קעגן איר. קיינמאָל וועט שוין איר הארץ נישט מער האָבן קיין קראפט צו באלייכטן איר וועלט. — — —

— אָבער, הענריק, דו האָסט דאָך מיך געזאָלט באַ-שיצן! האָט זי פארביטערט אויסגערופן.

יעסטאַ בערלינג איז שוין איצט געוואָרן אויפמערקזאם, ס'איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. ער האָט, בנאמנות, נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל דאָ טון. ער איז דאָך איר געווען א גוטער פריינט און איר געוואָלט העלפן, אָבער ער האָט פּאָרט נישט געוואגט זיך ארייננצומישן צווישן מאן-און-ווייב.

— וואו איז יעסטאַ בערלינג האָט דער גראף געפרעגט.

— דאָ בין איך, האָט יעסטאַ געענטפערט, און ער האָט געמאכט א נעבעכדיקן פּרווו אָפּצופּטרן די גאנצע זאך מיט א שפּאס: דער גראף האָט, דאכט זיך, דאָ געהאלטן א רעדע. און איך בין גאָר איינגעשלאָפן. וואָס וועט א שטייגער דער הער גראף זאָגן דערצו, אז מיר זאָלן שוין א היימפאָרן און לאָזן אייך גיין שלאָפן?

— יעסטאַ בערלינג! האָט דער גראף געזאָגט. היות מיין גרעפין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טאנצן מיט דיר, באפעל איך, אז זי זאָל דערפאר קושן דיין האנט און בעטן דיך, אז דו זאָלסט איר מוחל זיין!

— מיין ליבער גראף הענריק, האָט יעסטאַ שמייכלענ-דיק געזאָגט, דאָס איז נישט קיין האנט, וואָס איז ווערט גע-קושט צו ווערן פון א יונגער פרוי. אייערנעכטן איז זי געווען רויט פונם בלוט פון א דערשאָסענעם הירש, און די פארגאנ-גענע נאכט, — שווארץ פון סאזשע נאָך א געשלעג מיט א קוילנברענער. דער גראף האָט ארויסגעגעבן אן איידעלן און גרויסמוטיקן משפּט. דאָס איז א גענוגנדע סאטיספאקציע פאר מיר. קום בערענקרייץ! לאָמיר אהיימפאָרן!

דער גראף האָט אים פארשטעלט דעם וועג.

— גיי נישט! האָט ער געזאָגט, מיין ווייב מוז מיך

פּאָלגן. איך וויל, אז מיין גרעפין זאָל וויסן, וואוהין ס׳פירט, ווען זי האנדלט אויף איר אייגענער אחריות.

יעסטאָ איז געבליבן שטיין און נישט געוואוסט, ווי אזוי זיך ארויסצודרייען פון דער אומאנגענעמער סיטואציע. די גרעפין איז געווען שרעקלעך בלאס; זי האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט.

— גיי־צו! האָט דער גראף צו איר געזאָגט.

— הענריק, איך קאָן נישט!

— דו קאָנסט! האָט דער גראף געענטפערט. דו קאָנסט! איך ווייס אָבער, וואָס דו ווילסט: דו ווילסט מיך צווינגען כ׳זאָל זיך דועלירן מיט דעם דאָזיקן מענטשן, ווייל דו האָסט צוליב א קאפריז געוואָרפן אן אומחן אויף אים. נו גוט, אויב דו וועסט אים נישט גיבן די סאטיספאקציע, וואָס איך האָב באשטימט, וועל איך זיך מיט אים דועלירן. אייך פרייען טוט עס תמיד הנאה, ווען מענער ווערן געממיתט צוליב אייך. דו האָסט געטון א פעלער, אָבער תשובה־טון ווילסטו נישט, אלזאָ מוז איך עס טון מיין גרעפין, איך וועל דועלירן, אין א פּאָר שעה ארום וועל איך שוין זיין אפשר א פארבלוטיקטער מת...

זי האָט אויף אים געוואָרפן, א לאנגן, פאַרשנדיקן בליק. און ערשט איצט האָט זי מיטאמאָל דערפילט סארא פארשוין ער איז: א שוטה, א פחדן, אן אָנגעבלאָזענער בעל־גאוה,—מיט איין וואָרט, דער נעבעכדיקסטער מין מענטש.

— בארואיק זיך! האָט זי אייז־קאלט געזאָגט. איך וועל עס טון.

אָבער איצט איז יעסטאָ שוין געוואָרן אויסער זיך.

— די גרעפין וועט עס נישט טון! ניין, איר וועט עס נישט טון! איר זענט דאָך א קינד, א שוואך, אומשולדיק קינד, און איר זאָלט עס קושן מיין האנט!... איר פארמאָגט דאָך אזא ווייסינקע, שיינע נשמה... איך וועל שוין קיינמאָל נישט מער וואגן זיך צורירן צו אייך! אָ, קיינמאָל נישט! איך ברענג טויט און חורבן אויף אלץ, וואָס איז גוט און אומשולדיק! איר זאָלט מיך נישט אָנרירן, איר הערט!... איך

שרעק זיך פאר אייך, ווי פייער פאר וואסער... איר זאָלט זיך נישט דערוועגן עס צו טון!

ער האָט ארונטערגענומען די הענט פֿון רוקן.

— דאָס מאכט מיר שוין מער נישט אויס, הער בער-לינג! פון איצטער אָן מאכט עס מיר שוין מער נישט אויס.. איך בעט אייך, איר זאָלט מיר מוחל זיין! איך בעט אייך, לאָזט מיך קושן אייער האַנט!

יעסטא האָט נישט אפּערגענומען זיינע הענט. ער האָט זיך ארומגעקוקט איבערן שטוב, און אָנגעהויבן זיך דער-נענטערן צו דער טיר.

— אויב דו ווערסט נישט צונעמען די סאטיספאקציע, וואָס מיין ווייב באָט דיר אָן, האָט דער גראף געזאָגט, מוז איך זיך שלאָגן, מיט דיר, יעסטאַ, און אויף מיין ווייב וועל איך מוזן ארויפלייגן א נאָך הארבערע שטראָף.

די גרעפין האָט געהויבן מיט די אקסלען און שטיל געזאָגט צו יעסטאַן:

— ער איז דאָך פשוט משוגע פון פחדנות, לאָזט עס שוין געשעען! ס'מאכט שוין איצט נישט אויס, וואָס איך וועל דערנידעריקט ווערן. אָט-אָ דאָס האָט איר דאָך טאקע די גאנצע צייט געוואָלט!

— איך האב עס געוואָלט? האָט יעסטאַ אויפגעבראכט אויסגערופן. גלייבט איר, אז איך האב עס טאקע געוואלט? נו, אויב איך האב שוין נישט מער קיין הענט צום קושן, וועט איר דאך מסתמא איינזען, אז איך האב עס נישט געוואָלט!

ער איז צוגעלאָפן צום קאמין און אהינצו ארייגעשטעקט די הענט זיינע. די פלאמען האָבן זיי ארומגעכאפּט, די הויט האָט זיך גערונצלט, און די נעגל האָבן שוין אָנגעהויבן פּלאצן, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט אים בערענקרייץ געכאפּט פארן קארק און א שלייידער-געטון אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט זיך פארטשעפּעט אָן א שטול און געבליבן זיצן, א פארשעמטער פון דיין נארישער טאַט. ווער זי דען נישט מיינען, אז ער האָט עס געוואָלט טון, בלויז צוליב בארי

מעריי? וואָרום צו טון אזא זאך אין א שטוב, וואָס איז אָנגעפּאקט מיט מענטשן, מוז דאָך אויסזען נאָר ווי פוסטע בארימעריי... ס'איז דאָ אסור נישט געווען אפילו קיין שיין פון סכנה.

איידער ער האָט נאָך באוויזן א טראכט צו טון וועגן אויפהויבן זיך, איז שוין די גרעפין געלעגן אויף די קני פאר אים. זי האָט אָנגענומען זיינע רויטע, פאררויכערטע הענט און זיי באטראכט.

— איך וועל זיי קושן, כ'וועל זיי קושן — האָט זי אויסגערופן, ווי נאָר זיי וועלן אייך שוין נישט אזוי שטארק וויי-טון!

הייסע טרערן האָבן זיך איר א לאָז-געטון פון די אויגן בשעת זי האָט דערזעען, ווי ברענבלעזלעך הויבן זיך אויף אונטער דער אָ געסמאליעטער הויט.

ער איז איצט פאר איר דערשינען אין אומבאגרייפלעכער הערלעכקייט. זי האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אז אזוינס זאָל קאָנען געשעען אויף דער ערד— און צוליב איר... פון אירטוועגן! אָ, ניין! סארא מאן, סארא מאן! גרויס איז ער סיי אין גוטן, סיי אין שלעכטן, א מענטש פון אומבאפלעקטער מאָראלישער הויכקייט, פון שטארקע ווערטער, פון הערלעכע מעשים! א העלד... א העלד איז ער, באשאפן פון גאָר אן אנדער שטאָף, ווי די איבעריקע מענטשן!... א שקלאף פון קאפריז פון מאָמענטאלן פארלאנג, ווילד ׳ון שרעקלעך אין זיין אויפגעברויזטער ליידנשאפט! אָבער ער באזיצט אויך א גוואלדיקע ווילנסקראפט און ער האָט נישט מוראָ פאר קיין שום זאך אין דער וועלט!

דעם גאנצן אָוונט איז זי געווען אין א געדריקטער שטימונג און נישט געזעען מער ווי בלויז צער, ברוטאלקייט און פחדנות. אָבער איצט האָט זי ווידער דערפילט די פרייד פון לעבן. די גרויע געטין פון בין-השמשות איז לסוף באזיגט, און די גרעפין האָט ווידער דערזען, ווי שטראלנדיקע קאָלירן באלייכט און באשיינען די וועלט.

— — — — — — — — — — — — — —

דאָס איז געווען אין דער זעלבער נאכט, אויבן, אינם קאוואלערן־פליגל.

דאָרטן האָבן די קאוואלערן אויסגעשאָטן אלע זייערע קללות און חרמות אויף יעסטאַ בערלינגן. די אלטע הערן האָבן געוואָלט שלאָפן, ס'איז אָבער אוממעגלעך געווען איינ־צודרעמלען, ווייל יעסטאַ האָט זיי נישט געלאָזט צו רו. אומ־זיסט איז געווען דאָס פארציען די בעט־גארדינען און דאָס אויסלעשן די ליכט. ער האָט כסדר געפלאפלט.

איצט האָט ער זיי געלאָזט וויסן, סארא מלאך די יונגע גרעפין איז, און ווי אזוי ער פארגעטערט זי. ער וועט איר דינען גאָר אָן א מאָס! ער איז שוין איצט צופרידן, וואָס אלע פרויען האָבן אים פארלאָזן. איצט קאָן ער זיין גאנץ לעבן מקריב זיין פאר אירעטוועגן. זי האָט אים, נאטירלעך, פאראכטעט, אָבער דאָס האָט אים לחלוטין נישט געארט, ער וועט זיין צופרידן בלויז צו ליגן ביי אירע פיס, ווי א הונט.

צי האָבן דען די קאוואלערן גוט באמערקט דעם אינזל „לאגען" אין דער לעיווען? צי האָבן זיי אים געזעען פון דרום, וואו דער צעשפּאָלטענער און קרומער פעלז הויבט זיך אויף גלייך פונם וואסער? צי האָבן זיי אים געזעען פון צפון, וואו ער זינקט אראָפּ אין בהדרגהדיקע משופּעקייטן צו דער אָזערע און וואו די שמאָלע, זאמדיקע ערדשפּיצן, באוואקסענע מיט הויכע, פרעכטיקע סאָסנעס, שלענגלען זיך איבער דער וואסערפלאך און בילדן די וואונדערבארסטע קליינע וואסער־לעך? דאָרטן אויבן, אויפן סאמע שפּיץ פונם גלייכן פעלזנ־בארג, וואו ס'געפינען זיך נאָך די חורבות פון אן אלטן שלאָס פון ים־רויבער,—דאָרטן וועט ער אויפבויען א פּאלאַץ פאר דער יונגער גרעפין. א פאלאץ פון ווייסן מאַרמאָר; דאָרט וועלן אויסגעהאקט ווערן ברייטע שטיגן, וואָס וועלן פירן ביז אראָפּ צום וואסער, און נעבן זיי וועלן זיך פאראנקערן שיפן, בא־פוצטע מיט פענער. אינם דאָזיקן פאלאץ וועלן זיך געפינען שטראלנדיקע זאלן און הויכע טורעמס מיט באגילדעטע שפּיצן. דאָס וועט זיין א פאסיקער וואוינאָרט פאר דער יונגער גרעפין.

די אלטע הילצערנע חורבה, וואָס אויפן ערד-שפּיץ פון „בארג„ איז נישט ווערט געווען, אז די יונגע גרעפין זאָל דאָרט אריינשטעלן איר פוס.

ווען ער האָט שוין אזוי געהאט אָפּגערעדט א לאנגע צייט, האָבן זיך דערהערט א פּאָר הילכיקע שנאָרכן פון אונטער די געל-געקעסטלטע פאָרהאנגען. אָבער ס׳רוב קאוואלערן האָבן נאָך אלץ געשאָלטן און זיך באקלאָגט אויף אים און אויף זיינע משוגעתן.

— מענטשן! זאָגט ער דאן מיט גרויסן פּאטאָס, איך זע ווי די גרינגע ערד איז באדעקט מיט די ווערק פון מענטשן אָדער מיט די חורבות פון מענטשנס ווערק: די פּיראמידן דריקן די ערד, דער בבל-טורעם האָט דורכגעגעבערט די וואָלקנס, די שיינע טעמפּלען און די גרויע ריטערשלעסער האָבן זיך אויפגעהויבן איבערן זאמד! אָבער ווייזט מיר עפּעס פון דעם אלעם, וואָס מענטשנס הענט האָבן אויפגעבויט, וואָס איז נישט צעפאלן געוואָרן אָדער וועט נישט שפּעטער צעפאלן ווערן? אָ, מענטשן, שליידערט אוועק די קעלניע און די ליימפורעמ! שפּרייט-אויס דעם מויערערשירץ איבער אייער קאָפּ און לייגט אייך אוועק צו בויען די שטראלנדיקע פּאלאצן פון די חלומות! צו וואָס טויגן דעם גייסט די טעמפּלען פון שטיין און ליים? לערנט אייך צו בויען אומפארגענגלעכע פּאלאצן פון חלומות און וויזיעס!

און דערמיט האָט זיך יעסטא לאכנדיק געלייגט שלאָפן.

בשעת די גרעפין האט זיך דערוואוסט, אז די מאיאָרין איז באפרייט געוואָרן, האָט זי איינגעלאדן די קאוואלערן אויף א מיטאָג.

און פון דעמאָלסט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די לאנגדויערנדיקע פריינטשאפט צווישן איר און יעסטא בערלינג.

.13

## מעשיות וועגן שדים

אָ, איר קינדער פון שפּעטערדיקע צייטן!

פאר אייך האָב איך גאָרנישט צו דערציילן, אויסער אלטע, פארגעסענע מעשיות. אָבער א מאָל האָבן די מעשיות שטארק פארנומען די קליינוואַרג, וועלכע זענען געזעסן אין קינדערשטוב אויף נידריקע בענקעלעך ארום דער דערציילערין,— אָט טאַקע די, מיט די גרויע האָר. איך קאָן אייך איבערגעבן די לעגענדעס, וואָס מען פלעגט זיך אָנפארציילן אין דער פאָדערשטוב, וואו ארום דעם גרויסן פייער פון צעגליטע שטיקער קלעצער זענען געזעסן די פאראָבקעס און ארענדארן און געמיטלעך געשמועסט; פון זייערע נאסע מלבושים האָט געשלאָגן א דאמף, און זיי האָבן דערביי ארויסגעצויגן די מעסערס פון די לעדערנע שיידלעך, וואָס זיי האָבן געהאט הענגען ארום האלז, כדי אָנצושמירן פוטער אויף גראָבע שטיקער געבייטלט ברויט; אָדער אויך דאָס, וואָס מען פלעגט הערן אין זאַל, וואו די אלטע הערן זענען געזעסן אויף ווייגשטולן און, אויפגעהייטערטע פונם וואַרימען בראָנפן, געשמועסט וועגן פארגאנגענע צייטן.

און אז א קינד איז אין א ווינטעראָוונט געשטאנען ביים פענסטער און זיך צוגעהערט צו די מעשהלעך פון דער דערציילערין, אָדער צו די געמיטלעכע שמועסן פון די אַרבעטס-

מענטשן, אָדער גאָר צו די זכרונות פון די אַלטע הערן, — האָט עס נישט געזען קיין שום פינסטערע כמארעס אויפן הימל: די שווערע וואָלקנס, וואָס זענען פארבייגעשוואומען, זענען געווען נישט עפּעס אנדערש, ווי די קאוואַלערן פון עקעבי, וועלכע האָבן זיך אויפן הימל ארומגעיאָגט אויף שמאָלע וואַליאַנטשי-קעס. די שטערן זענען געווען די וואקסענע ליכט, וועלכע מען האָט אָנגעצונדן אינם אַלטן גרעפישן שלאָס, וואָס אויפן ערד-שפּיץ פון „באָרג”, און דאָס שפּינרעדל, וואָס האָט גע-מורמלט אין דער שכנותדיקער שטוב, איז אין זייער דמיון געדרייט געוואָרן דורך דער אַלטער פרײַלין אולריקא דילנער. דעם קינדס מוח איז געווען געוואַלטיק באַשעפטיקט מיט די מענטשן פון די אַלטע צייטן. בלויז פאַר זיי האָט עס גע-לעבט און מיט זיי סימפּאַטיזירט.

אויב מען האָט אַזאַ קינד, מיט אַ נשמהלע אָנגעזאַפּט מיט לעגענדעס, ארויסגעשיקט אויפן בוידעם נאָך פלאַקס אָדער סוכארעס, האָבן זיך די קליינע פיסלעך געאײַלט, דאָס קינד איז געשווינד געלאָפן פון די שטיגן און דורכן פאָדערהייזל שנעל ארײַן צוריק אין קיך, ווײַל דאָרט אויבן, אין דער פינסטערניש, האָט עס געמוזט טראַכטן וועגן די אַלע אַלטע מעשיות, וואָס ס'האָט געהערט וועגן דעם בייזן פּריץ פון פּאָרס, — טאַקע וועגן אים וואָס האָט געשלאָסן אַ יד-אחת מיטן טײַוול.

די ביינער פונם בייזווילליקן סינטראַם האָבן שוין לאַנג באַקומען זייער רופלאַץ אויפן בית-עולם פון סוואַרטזשעי; קיינער גלויבט אָבער נישט, אַז זײַן נשמה איז טאַקע גערופן געוואָרן צום רבונו של עולם, ווי ס'שטייט אָנגעשריבן אויף זײַן מצבה.

בעת ער האָט געלעבט, איז ער געווען איינער פון די, צו וועמענס היים ס'האָט אין לאַנגע, רעגנדיקע זונטאָג-נאָכמי-טאָגן געקאָנט צופאָרן אַ שווערע קארעטע, געשפּאַנט מיט שוואַרצע פערד. אַ שוואַרץ-געקליידטער, עלעגאַנטער הער שטייגט דאַן ארויס פון קאַרעטע, און העלפט-צו מיט קאָרטן או

ביינדלשפּיל צו פאַרטרייבן די שווערע שעהן, וואָס האָבן מיט זייער איינטאָניקייט געפּירט דעם באַלעבאָס פון הויף צו פאַר-צווייפלונג. די שפּיל ווערט פאָרטגעזעצט ביז נאָך חצות, און ווען דער פרעמדער פאָרט אוועק באַגינען, לאָזט ער אַלעמאָל איבער עפּעס אַן אומגליק-ברענגענדיקע אָפּשידס-מתנה.

כל-זמן סינטראַם האָט זיך געפונען אויף דער וועלט, איז ער געווען איינער פון די, וואָס רוחות זאָגן תמיד אָן זייער אָנקומען. תמיד גייט זיי פאָרויס א בייזער אָנזאָג. אָט פאָרן קאַרעטעס שנעל אריין אויפן הויף, בייטשן קנאַקן, קולות הערן זיך אויף די שטיגן, די טיר פון פאָדערהייזל עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך, הינט און מענטשן וואַכן-אויף פון רעש, — אַזוי שטאַרק איז ער! ס'קומט אָבער קיינער נישט אריין. דאָס איז בלויז פאַרשטעלטע צייכנס, אָנזאָגענישן, וואָס גייען פאַר זיי פאָרויס.

ב—ר—ר—ר! די דאָזיקע שרעקנס-מענטשן, וועמען די בייזע רוחות זוכן-אויס אַלס זייער ווערקצייג! וואָס האָט עס, למשל, געקאָנט זיין פאַר א גרויסער שווארצער הונט, וואָס האָט זיך אין סינטראַמס צייטן געוויזן אין פאָרס; ער האָט געהאַט א פּאָר מוראדיקע, פינקלדיקע אויגן און א לאַנגע צונג, פון וועלכער ס'האָט גערונען בלוט און וועלכע האָט ווייט אַרויסגעהאָנגען פונם סאָפּענדיקן פּיסק. איינמאָל, גראָד דע-מאָלסט, בשעת די פּאַראָבקעס זענען געווען פאַרזאַמלט אין קיך און געגעסן מיטאָג, האָט ער מיט זיינע לאַפּעס אָנגע-הויבן צו קראַצן אין דער קיכטיר, און אַלע דינסטמיידלעך האָבן אָנגעהויבן שרייען פון שרעק, אָבער דאַן האָט דער מגושמדיקסטער און שטאַרקסטער פון די פּאַראָבקעס געכאַפּט אַ ברענענדיקן שייט האָלץ, אויפגעפּראַלט די טיר און א שליידער-געטון דעם הונט גלייך אין מאָרדע אריין.

דער הונט איז אַנטלאָפן מיט אַן אימהדיקן געברילעריי, שטיקער פלאַמען און רויך האָבן אים אַרויסגעזעצט פונם פּיסק, פונקען זענען געפלויגן ארום אים, און די שפּורן פון זיינע לאַפּעס האָבן געלויכטן ווי פייער.

און איז עס דען טאקע נישט געווען שרעקלעך, וואָס יעדעס מאָל, בשעת דער פריץ איז געקומען א היימצופאָרן פון א נסיעה, זענען אים די פערד פארטוישט געוואָרן? ער איז אוועקגעפאָרן מיט פערד, אָבער בשעת ר׳איז א היימגע־קומען ביינאכט, האָט ער אלעמאָל געהאט שווארצע אָקסן איינ־געשפאנט אין זיין קארעטע. און בשעת סינטראַם איז פארביי־געפאָרן האָבן די מענטשן, וועלכע האָבן געוואוינט ביים ברייטן שליאך געזעען, ווי די גרויסע הערנער פון די שווארצע בהמות צייכנען זיך אָפּ אויפן ביינאכטיקן הימל; זיי האָבן אויך געהערט דאָס רעווען פון די בהמות און זיי זענען דערשראָקן געוואָרן צוליב דעם לאנגן פּאַס פונקען, וואָס די קאָפּיטעס פון די שווארצע אָקסן און ד׳ רעדער פון דער קארעטע האָבן ארויסגערופן פונם טרוקענעם שטיינערדיקן וועג.

יאָ, די קליינע קינדערישע פיסלעך האָבן זיך טאקע נעמעגט איילן איבערן פינסטערן בוידעם. וואָרום שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס וואָלט געווען, אויב דער, וועמען מען טאָר נישט אָנרופן ביים נאָמען, וואָלט דאָרט אויבן אפּערגעקומען פון א פינסטערן ווינקל! א קשיא אויף א מעשה? קיינער קאָן נישט זיין זיכער. אָ, ניין, נישט בלויז פאר רשעים פלעגט ער זיך באווייזן. צי האָט דען נישט אויך אולריקאַ דילנער אים געזעען? סיי זי, סיי אַננאַ שערנהעק האָבן געקאָנט דערציילן, אז זיי האָבן אים מיט זייערע אייגענע אויגן געזעען.

---

ליבע פריינט, איר מענטשנס קינדער, איר, וואָס טאנצט און לאכט! איך בעט אייך זייער, טאנצט פאָרזיכטיק, לאכט א ביסל שטילער, מחמת ס׳קאָן נאָך חלילה ברענגען אזוי פיל אומגליק, אויב אייערע דין־באַזוילטע זיידענע לעטשלעך וועלן נכשל ווערן און טרעטן אויף עמפינדלעכע מענטשלעכע הער־צער, אָנשטאָט אויף הארטע פּאָדלאָגעברעטער, און אייער לוסטיק געלעכטער, וואָס קלינגט ווי זילבער, קאָן נאָך חס ושלום טרייבן א נשמה צו פארצווייפלונג!

און מסתמא איז טאקע אזוי געשען, אז די פיס פון

יונגע מענטשן האָבן צו הארט אָנגע׳טראָטן אויף דער אלטער אולריקא דילנערס הארץ, און דאָס געלעכטער פונם יונגווארג האָט זיכער צו איבערמוטיק געקלונגען אין אירע אויערן, — מחמת ס׳איז איר עפּעס פּלוצלינג באפאלן אזא אומגעהייערע בענקשאפט נאָך דער חשובות און דעם כבוד פון א פאַרהייראַ־טער פרוי. זי האָט ענדלעך מסכים געווען צום לאנג־דויערנ־דיקן שדכענען זיך פונם בייזווילליקן סינטראם. זי איז מיט אים אוועק קיין פאָרס אלס זיין ווייב, און זיך צעשיידט מיט אירע אלטע פריינט אין בערגא, ווי אויך מיט דער אלטער ליבער באלעבאטישקייט און מיט די אלטע זאָרגן פארן טעג־לעכן שטיקל ברויט.

דאָס איז געווען א חתונה, וואָס איז צוגעגאנגען איינס־און־צוויי. סינטראם האָט זיך אויפּסניי געשדכנט ארום ווייַ־נאכט, און אין פעברואר איז שוין געווען די חתונה. אין יענעם יאָר האָט אננא שערנהעק געוואוינט אין קאפּיטאן אוגלאסעס היים. זי איז געווען א גוטע שטעלפארטרעטערין פאר דער אלטער אולריקא, און די לעצטע האָט דעריבער אָן געוויסנביסן געקאָנט זיך לאָזן אין דער וועלט אריין נאָכן טיטל פרוי.

יאָ, אָן געוויסנביסן, אָבער נישט אָן חרטה. עס איז געווען זייער נישט קיין גוט אָרט, וואוהין זי האָט זיך אריבער־געקליבן; די גרויסע ליידיקע שטובן זענען געווען פול מיט אימה. ווי נאָר ס׳איז געוואָרן פינסטער, האָט עס זי געשוידערט פון שרעק. זי איז שיער נישט אויסגעגאנגען פון בענקשאפט אהיים קיין בערגא.

די זונטאָג־נאָכמיטאָגן זענען געווען די שווערסטע צייט. זיי האָבן עפּעס גאָר קיין סוף נישט געהאט,— נישט זיי און נישט די לאנגע ריי פּייניקנדיקע מחשבות, וואָס האָבן דאן פארמאטערט איר מוח.

און אָט מאכט זיך אמאָל אַ מעשה, אין חודש מערץ איז עס געווען, ווען סינטראם איז נישט אהיימגעקומען צום מיטאָג־עסן. אולריקא איז אריין אין סאלאָן, וואָס אויפן ערשטן שטאָק,

און זיך אוועקגעזעצט ביים קלאוויר, דאָס איז געווען איר לעצטע טרייסט. דער פּאָרטעפּיאַן, מיט א פּלייט-שפּילער און א פּאַסטוכין אויסגעמאָלט אויפן ווייסן דעקל, איז געווען איר פּערזענלעך אייגנטום, גערירשנט נאָך פון אירע עלטערן. פּארן קלאוויר האָט זי זיך געקאָנט אָפּרעדן איר ביטער הארץ. ער איינער האָט זי פארשטאנען.

אָבער צי איז עס נישט אי א רחמנות, אי לעכערלעך? וואָרום ווייסט איר, וואָס זי שפּילט?... בלויז איין איינציקע פּאָלקע! זי, וועלכע האָט נעבעך אזוי פיל עגמת-נפש, זי קאָן לגמרי נישט שפּילן עפּעס אַנדערש! איידער אירע פינגער זענען פארשטייפט געוואָרן פונם כסדרדיקן האלטן אין האנט דעם קאָכלעפל און דעם קיכמעסער, האָט זי נישט באוויזן זיך אויסצולערנען מער ווי די איינע פּאָלקע; דאָס איינע לידל איז איר געבליבן שטעקן אין די פינגער, און א וועלכן ס׳איז צווייטן ניגון קאָן זי נישט: נישט קיין טרויערמארש, נישט עפּעס א ליידנשאפטלעכע סאָנאטע, צומאָל נישט א וויינענדיק סענטימענטאל פּאָלקסלידל,—בלויז די איין-און-איינציקע פּאָלקע!...

און דאָס שפּילט זי אזוי אָפט, ווי נאָר זי האָט עפּעס אָנצופארטרויען דעם אלטן פּאָרטעפּיאַן. זי שפּילט דאָס סיי ווען זי וויל וויינען, סיי ווען זי וויל שמייכלען. זי האָט דאָס געשפּילט, בשעת זי האָט געפּראוועט איר חתונה, און בשעת זי איז צום ערשטן מאָל אריינגעקומען אין איר מאנס היים, און דאָסגלייכן איצטער.

די אלטע סטרונעס פארשטייען, ווי אומגליקלעך זי איז נעבעך.

א רייזנדער, וועלכער פאָרט פארביי און הערט שפּילן די דאָזיקע פּאָלקע וואָלט געקאָנט מיינען, אז דער בייזוויליקער פריץ מאכט א באל פאר שכנים און קרובים,— אזוי פריילעך קלינגט עס. די דאָזיקע פאריתומטע פּאָלקע איז זייער א פריילעכער און לוסטיקער ניגון. מיט אים האָט זי אמאָליקע צייטן ארייינגעשפּילט די זאָרגלאָזיקייט און ארויסגעשפּילט דעם הונגער און דלות פונם בערגאנישן פּאָלוואַרק.

די דאָזיקע מוזיק האָט אפילו געקאָנט ארייננארן אכציק־יעריקע זקנים אין באלזאל און מאכן זיי פארגעסן אָן די רעוומאטישע יסורים, וואָס פּענטען זייערע געלענקן. די גאנצע וועלט וואָלט זיכער געהאט חשק צו טאנצן צום טאקט פון דער דאָזיקער פּאָלקע, אזוי לוסטיק קלינגט זי, אָבער די אלטע אולריקא אליין, — זי זיצט ביים פּאָרטעפּיאן און פארגיסט ביטערע טרערן.

סינטראַם האלט בלויז פארכמורעטע, וואָרטשענדיקע דינער ארום זיך, און האָדעוועט בייזע חיות. זי בענקט נאָך פריינט־לעכע פּנימער און שמייכלענדיקע ליפּן; דאָס איז טאקע די דאָזיקע פארצווייפלטע בענקשאפט, וואָס די פריילעכע פּאָלקע דארף אויסטייטשן.

מענטשן קאָנען זיך נישט אויסלערנען, אז זי איז שוין איצט „פרוי סינטראם", אלע רופן זי נאָך „פריילין דילנער". און זעט איר, איר כונה מיטן איצטיקן שפּילן איז טאקע, אז דער פּאָלקע־ניגון זאָל אויסדריקן און דערקלערן איר חרטה אויף דעם פּוסטן חשק, וואָס האָט זי אָנגערעדט צו יאָגן זיך נאָכן טיטל „פרוי".

די אלטע אולריקא שפּילט, ווי זי וואָלט געוואָלט צע־רייסן די סטרונעס. ס'איז דאָ פאראן אזוי פיל איבערצושרייען: געוואלט־געשרייען פון אָרימע, שרעקלעך עקספּלואטירטע פּויערים, ווילדע קללות פון פארפייניקטע ארענדארן, שפּאָטישע געלעכ־טערס פון ווידערשפּעניקע דינער. און קודם־כל די חרפּה, די וויסטע חרפּה צו זיין דאָס ווייב פון א מאן א רשע!...

אונטערן קלאנג פון די דאָזיקע טענער האָט יעסטא בערלינג געפירט די יונגע גרעפין דאָנאַ צום טאנץ. מאריאננע סינקלער מיט אירע פיל פארערער האָבן געטאנצט נאָך זיי. און אפילו די מאיאָרין פון עקעבי האָט זיך אין אירע יונגע יאָרן באוועגט נאָך זייער טאקט, בשעת דער שיינער אלטרינ־גער האָט נאָך געלעבט. בשעתן שפּילן זעט זי זיי נאָך איצ־טער, — א פּאָרל נאָך א פּאָרל, פארייניקט אין יוגנט און שיינ־קייט, ווירבלען פארביי אירע אויגן. א שטראָם פון מונטערקייט

האָט תּמיד, בשעת זי האָט געשפּילט, געפּלאָסן פון איר צו זיי, און פון זיי צו איר. דאָס האָט איר פּאָלקע געמאַכט, אַז זייערע באַקן זאָלן גליִען, אַז זייערע אויגן זאָלן שטראַלן אָבער איצט איז זי שוין ווייט פון דעם אַלעם. נאָר זאָל כאָטש די פּאָלקע דונערן, שטאַרק און מעכטיק דונערן, וואָרוּי דער דאָזיקער ניגון מוז דאָך אַזוי פיל דערינערונגען, אַזוֹם פיל צער פון פריידיקע דערינערונגען איבערשרייען...

זי שפּילט כּדי צו פאַרטויבן איר פּחד. איר האַרץ וויל אַזש פּלאַצן פון אימה, בשעת זי זעט דעם שוואַרצן הונט, אָדער בשעת זי הערט ווי די דינער שושקען זיך זיך וועגן די שוואַרצע אָקסן; זי שפּילט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די זעלבע פּאָלקע, כּדי צו פאַרטויבן איר אומגעהייערן פּחד.

אָבער פּלוצלינג באַמערקט זי, אַז איר מאַן איז אַהיימ־געקומען. זי הערט, ווי ער קומט אַריין אין שטוב און זעצט זיך אַוועק אויפן וויגשטול. זי דערקענט אַזוי גוט דאָס וויגן, דאָס סקריפּען, אַז זי קוקט זיך אפילו נישט אום.

זי הערט נישט אויף צו שפּילן, און דאָס וויגן באַגלייט איר מוזיק. אין אַ ווײַלע אַרום הערט זי שוין נישט מער די טענער פון איר פּאָלקע, בלויז דאָס וויגן זיך פונעם שטול.

די אָרימע אַלטע אולריקאַ דילנער פילט זיך נעבעך אַזוי אויסגעמוטשעט, אַזוי פאַראיינזאַמט און אַזוי הילפלאָז! זי זעט, אַז זי איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צווישן שונאים, און זי האָט נישט קיין שום פרײַנט, פאַר וועמען זי זאָל זיך קאָנען באַקלאָגן, קיין שום אַנדערן טרייסטער, ווי נאָר דעם גרילצנדיקן פּאָרטעפּיאַן, וואָס ענטפערט איר מיט אַ לוסטיקער פּאָלקע אויף דעם אַנגסטגעשריי פון איר פאַרצאַפּלט האַרץ!

דאָס איז, ווי אַ הילכיקער געלעכטער אויף אַ לויה, ווי אַ שכּור לידל אין אַ קירך בשעת אַ שטילע תּפילה.

איינהאָרכנדיק זיך צום סקריפּען פון וויגשטול, האָט זי פּלוצלינג דערפילט, אַז דער פּאָרטעפּיאַן מאַכט חוזק פון איר קלאָגן זיך, און זי רייסט־אָפּ אין מיטן אַ טאָן. זי הויבט זיך אויף און גיט אַ קוק צום וויגשטול.

אָבער אַן אויגנבליק דערנאָך ליגט זי שוין א פארהלשטע אויף דר'ערד. עס איז נישט געווען איר מאַן, וואָס איז געזעסן אויפֿן וויגשטול, נאָר גאָר א צווייטער, טאקע דער פארשוין, וועמען קליינע קינדער וואגן נישט אָנצורופן ביים נאָמען; דער פארשוין, וועלכער וואָלט זיי איבערגעשראָקן צום טויט, אויב זיי וואָלטן אים געטראָפן אויפן פוסטן בוידעם. — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

צי קאָן נאָך דער, וואָס זיין נשמה איז אָנגעפילט געוואָרן מיט לעגענדעס, אמאָל זיך באפרייען פון זייער צווי-בערמאכט?.. דער נאכטווינט וואָיעט אין דרויסן, דער פיקוס און אָלעאַנדער שמייסן מיט זייערע שארפע בלעטער דעם סלופ פונם באלקאָנאָנלען, דער הימל ווערבט זיך חושכדיק איבער דער ווייט-אויסגעשטרעקטער בארגקייט, און איך, וואָס זיץ דאָ איינזאם אין דער נאכט און שרייב, מיט דעם לאָמפ אָנגעצינדן און דעם ראָלעט ארויפגעצויגן, איך וואָס כ'בין שוין אלט און באדארף דאָך שוין האָבן שכל אנדערש זיך אויפצופירן,—איך פיל נאָך אלץ דעם זעלבן שוידער מיר אדורכ-לויפן איבערן לייב, ווי יענצמאָל, בשעת כ'האָב צום ערשטן מאָל געהערט די דאָזיקע מעשה. איך מוז אומאויפהערלעך אויפהויבן דעם בליק פון דער ארבעט, כדי נאָכצוזען, צי ס'איז נישט עמיצער אריינגעקומען און זיך באהאלטן דאָרטן אין ווינקעלע; איך מוז צוגיין צום פענסטער און ארויסקוקן, צי ס'שטעקט נישט אמאָל ארויס א שווארצער קאָפּ איבערן באלקאָנאָנלען... בעת די נאכט איז פינסטער און די איינ-זאמקייט איז פיינפול, וויל ער גאָר נישט אָפּטרעטן פון מיר, דער דאָזיקער פחד, וואָס ווערט געוועקט פון די אלטע מעשיות, און צום סוף באהערשט ער מיך אזוי, אז איך מוז אוועקשליידערן די פעדער, אריינקריכן אין בעט און אריבער-ציען די קאָלדרע איבערן קאָפּ.

זייענדיק א קינד, האָב איך זיך שטארק געחידושט, ווי אזוי אולריקאַ דילנער האָט געקאָנט איבערלעבן דעם דאָזיקן באָכמיטאָג. דאָס וואָלט שוין געווען איבער מיינע כחות.

צום גליק איז אננאַ שערנהעק באַלד דערנאָך געקומען צופאָרן קיין פּאַרס, און זי האָט זי געפונען ליגן אויף דער פּאָדלאָגע אין סאלאָן און זי קוים געקאָנט דערמינטערן. אָבער מיט מיר, פאַרזיכער איך אייך, וואָלט עס נישט צוגעגאנגען אזוי גוט, איך וואָלט שוין דעמאָלסט געווען טויט.

איך וויל אייך ווינטשן, ליבע פריינט, אז ס׳זאָל אייך פארשפּארט זיין דער ווייטיק צו זען טרערן פון אלטע אויגן! ס׳זאָל אייך קיינמאָל נישט באַשערט זיין צו שטיין הילפלאָז, בשעת א גרויער קאָפּ בויגט זיך צו צו אייער ברוסט, זוכנדיק הילף אין זיין צער, אָדער בשעת אלטע הענט פלעכטן זיך צונויף אין א שטילער בקשה, וועלכע איר זענט נישט אימשטאנד צו דערפילן. זאָל עס אייך פארשפּאָרט זיין צו זען פארזונקענע אין יאוש אלטע לייט, ווען איר קאָנט נישט טרייסטן!

וואָס איז דען, כ׳בעט אייך, דאָס באַקלאָגן זיך פון יונגע מענטשן? זיי האָבן דאָך קראפט, זיי האָבן דאָך האָפנונג. אָבער סארא עלנט דאָס איז, בשעת אלטע לייט וויינען, סאראַ פארצווייפלונג דאָס איז, בשעת די, וועלכע זענען געווען די שטיצע פון אייערע קינדעריאָרן, פארזינקען אין מאכטלאָזן יאָמער!

אַננאַ שערנהעק איז געזעסן אינם סאלאָן אין פּאָרס און זיך צוגעהאָרכט צו דער אלטער אולריקאַס פארצווייפלטע רייד; זי האָט אָבער נישט געזעען קיין שום אויסוועג פאַר איר.

די אלטע האָט געוויינט און געציטערט, אירע אויגן זענען געווען ווילד פון שרעק. זי האָט גערעדט און גערעדט, מינוטנווייז אזוי, ווי זי וואָלט שוין נישט מער געוואוסט, וואו זי געפינט זיך ערגעץ. די קנייטשן וואָס האָבן געצויגן איר פּנים, זענען איצט געווען טאָפּלט אזוי טיף ווי געוועגליך, די לויזע לאָקן, וואָס זענען איר אריבערגעהאָנגען איבער די אויגן זענען געוואָרן צעפלאַטשיקט פון דער פייכטקייט פון די טרערן און איר הויכע, דאַרע געשטאַלט האָט זיך אינגאנצן געטרייסלט פון שלוכצן.

אַננאַ האָט אָבער פּאָרט געמוזט מאַכן אַ סוף צום דאָזיקן געיאָמער. זי האָט שוין געהאַט פאַרטיק איר באַשלוס: זי האָט זי געוואָלט צוריקפירן מיט זיך קיין בערגאַ. זי איז טאַקע סינטראַמס ווייב, אָבער אין פּאַרס קאָן זי אַלנפאַלס לענגער נישט פאַרבלייבן. דער פריץ וואָלט זי גאָר משוגע געמאַכט, אויב זי וואָלט פאַרבליבן ביי אים.

אַננאַ שערנהעק האָט אַלזאָ באַשלאָסן צוריק אָוועקצו־פירן די אַלטע אולריקאַ קיין בערגאַ.

אַך, ווי די אָרימע אַלטע פרוי האָט זיך עס געפרייט און גלייכצייטיק זיך אויך געשראָקן פאַרן דאָזיקן באַשלוס! ווייל זי האָט נישט געוואַגט צו פאַרלאָזן די היים פון איר מאַן; ער וואָלט מסתּמא תּיכּף נאָכגעשיקט דעם גרויסן שוואַרצן הונט נאָך איר!...

אַננאַ שערנהעק האָט אָבער גובר געווען איר ווידער־שטאַנד, — צום טייל מיט שפּאַס, צום טייל מיט דראָאונג, — און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זי שוין געהאַט די אַלטע נעבן זיך אין שליטן.

דער שליטוועג איז געווען אַ שלעכטער, מחמת ס'איז שוין דעמאָלסט געווען אַ שטיק אין חודש מערץ. אָבער די אַלטע אולריקאַ האָט זיך מחיה געווען פון דער געלעגנהייט נאָכאַמאָל צו פאָרן אינם באַקאַנטן שליטן און מיט דער אַל־טער באַקאַנטער קליאַטשע „דיזאַ", וועלכע האָט שוין מינדסטנס אַזוי לאַנג ווי זי אָפּגעהאָרעוועט אירע יאָרן אין בערגאַנישן פאָלוואַרק.

די דאָזיקע אַלטע אַרבעטשקלאַפין האָט תּמיד געהאַט אַ גוטן הומאָר און בטבע געווען זייער אַ געמיטלעכע, האָט זי אויך איצטער באַלד אויפגעהערט צו וויינען, און בשעת זיי זענען פאַרבייגעפאַרן נעבן דעם פאָלוואַרק אַרווידסטאָרפ, וואָס נעבן העגבערג, האָט זי שוין געלאַכט, און בעת זיי זענען פאַרבייגעפאַרן נעבן מונקעבי האָט זי שוין געהאַלטן

אין דערציילן פון אמאָליקע צייטן, פון יענע יאָרן, ווען זי האָט נאָך געדינט ביי דער גרעפין אין סוואַנהאָלם.

זיי זענען איצט געפאָרן איבער א בארגיקן און שטיינער-דיקן וועג דורך די נישט באוואוינטע געגנטן, וואָס אויף צפון פון מונקעבי. דער וועג האָט זיך געשלענגלט און גע-קלעטערט איבער בערגלעך, דערנאָך האָט ער זיך פון גלייכע אָפּריסן אראָפּגעלאָזט אין טאָלן, און באלד דערנאָך ווידער זיך געאיילט צו געפונען עפּעס א נייע משופּעקייט איבער וועלכער ער זאָל אריבערקלעטערן.

זיי האָבן גראָד געהאלטן ביים פאָרן בארג-אראָפּ, נעבן וועסטראטאָרפּ, בשעת די אלטע אולריקאַ איז ראפּטום אנט-שוויגן געוואָרן און העפטיק אָנגעכאפּט אַננאַן פארן אָרעם. זי האָט שטארק געקוקט אויף א גרויסן שווארצן הונט, וואָס איז געשטאנען ביים ראנד פון וועג.

— גיב א קוק! האָט זי פארצאפּלט געזאָגט.

אָבער דער הונט איז שנעל אנטלאָפן אין וואלד אריין, נאָך איידער אַננאַ האָט אים באוויזן רעכט אָנצוקוקן.

— פאָר! האָט אולריקאַ דערשיטערט אויסגערופן. פאָר אזוי שנעל, ווי דו קאָנסט! איצט וועט שוין סינטראַם באקו-מען א ידיעה, אז איך בין אוועקגעפאָרן.

אַננאַ האָט זיך געפּרוווט פארטרייבן איר פחד מיט א געלעכטער, אָבער יענע האָט זיך געהאלטן ביי דעם איריקן:

— מיר וועלן באלד הערן זיינע שליטנגלעקלעך. דו וועסט זען, צי ס'וועט נישט זיין אזוי! מיר וועלן זיי דער-הערן, איידער נאָך מיר וועלן באוויזן ארויפצוקומען אויפן שפּיץ פונם נאָענטסטן בערגל.

און בשעת די קליאטשע „דיזא״ האָט א ווײלע אָפּגעסאָ-פּעט אויפן שפּיץ פונם עלאָף-בערגל, האָט זיך הינטער זיי דערהערט דאָס געקלינגעריי פון גלעקלעך.

איצטער איז די אלטע אולריקאַ ממש ווי משוגע געוואָרן פון פחד. זי האָט נעציטערט, געכליפּעט און געיאָמערט, ווי פריער אין סאלאָן פון פאָרס. אַננא האָט געוואָלט אונטעריאָגן

„דיזאַן", אָבער די קליאַטשע האָט בלויז אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געוואָרפן אויף איר אַ בליק פון אומפאַרציילעכער דערשטוינונג. וואָס האָט זי געמיינט, אַז „דיזאַ" ווייסט שוין נישט, ווען צו לויפן און ווען צו גיין? אפשר וועט זי גאָר איצטער זי נעמען לערנען, ווי אַזוי צו שלעפּן אַ שליטן? לערנען זי, „דיזאַן", וועמען ס'איז שוין זינט צוואַנציק יאָר באַקאַנט יעטוועדער שטיין, יעטוועדעס בריקל, יעטוועדע פורטקע און יעטוועדעס בערגל פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט?

דאָס קלינגען פון די שליטנגלעקלעך הינטער זיי האָט זיך דערנענטערט.

— דאָס איז ער!... דאָס איז ער! איך דערקען זיינע גלעקלעך! האָט די אַלטע אולריקאַ געקלאָגט.

דאָס געקלינגערײַ קומט אַלץ נענטער. אָט איז עס אַזוי אומנאַטירלעך שטאַרק, אַז אַננאַ דרייט זיך אויס, כּדי נאָכצוזען, צי סינטראַמס פערד האַלטן שוין נישט דעם קאָפּ נעבן איר שליטן און אָט ווידער שטאַרבט עס גאָר אָפּ, דאָס קלינגען. זיי הערן עס אָדער רעכטס, אָדער לינקס פונם וועג, אָבער זיי זעען נאָך אַלץ נישט קיין פאָרנדיקן, — עפּעס ווי בלויז דאָס געקלינגערײַ פון די גלעקלעך וואָלט זיי פאַרפאָלגט.

בעת מען פאָרט אַמאָל ביינאַכט אַהיים פון אַ שׂמחה, קלינגען דאַן די שליטנגלעקלעך אין פאַרשידענע נגונים; זיי זינגען, רעדן, ענטפערן און דער וואַלד, וואָס צייכנט זיך מיט זיין פינסטערניש, אויפן פאָן פונם ווייסבלאַנקענדיקן שניי, הילכט-אָפּ פון דעם רעש, וואָס זיי רופן אַרויס. פונקט אַזוי קומט עס איצטער פאָר פאַר די צוויי פרויען, וועלכע ווילן אַנטלויפן פון דעם פאַרפאָלגנדיקן געקלינגערײַ. אַננאַ שערנהעק וואָלט שוין אפילו געוואָלט, דער פאַרפאָלגער זאָל אַזוי גאָנט צוקומען צו זיי, דאָס זי זאָל קאָנען אַ קוק טון סינטראַמען גלייך אין פּרצוף אַריין, וואָרום דאָס דאָזיקע זינלאָזע קלינגען, איז שוין פּשוט נישט איבערצוהאַלטן!

— די דאָזיקע גלעקלעך פייניקן מיך! זאָגט זי, און תּיכּף ווי זי רעדט עס אַרויס, ווערט דאָס וואָרט אונטערגע-

כאפט פון די גלעקלעך: „פייניקן מיך” קלינגען זיי, „פייניקן מיך, פייניקן מיך, פייניקן מיך”, זינגען זיי אויף אלערליי טענער.

מיט א קורצער צייט צוריק איז אננא געהאט געפאָרן איבער דעם זעלבן וועג, און וועלף האָבן זי דאן פארפאָלגט. זי האָט דאן אין דער חושכדיקייט געזעען ווייסע ציין בלאנ־קען אין ברייטע פאנאנדערגעעפנטע פיסקעס, זי האָט דעמאָלסט געטראכט, אז איר גוף קאָן נאָך אמאָל צעריסן ווערן פון די בייזע חיות. אָבער זי האָט זיך דאן פאָרט נישט געשראָקן. א הערלעכערע נאכט ווי יענע האָט זי נאָך קיינמאָל נישט אדורכגעלעבט: שטארק און שיין איז געווען דאָס פערד, וואָס האָט זי דעמאָלסט געפירט, שטארק און שיין איז אויך געווען דער מאן, וועלכער האָט מיט איר געטיילט דעם גענוס פון דער אוואנטוריסטישער איבערלעבונג.

אך... ווי גאָר אנדערש ס'איז דעמאָלסט געווען, איידער מיט דעם דאָזיקן אלטן פערד, און מיט דער דאָזיקער אלטער, הילפלאָזער און פארציטערטער באגלייטערין!... אננא פילט זיך איצט אזוי מאכטלאָז, אז זי וויל אזש וויינען. זי קאָן אָבער בשום אופן נישט אנטלויפן פונם שרעקלעכן, אויפרעגנדיקן געקלינגעריי.

נישט האָבנדיק קיין אנדער ברירה, שטעלט זי אָפּ דאָס פערד און שטייגט־אויס פונם שליטן. ס'מוז נעמען א סוף צו דער דאָזיקער פארפאָלגונג, פארוואָס זאָל זי אנטלויפן, ווי זי וואָלט מורא געהאט פאר אָט דעם פאראכטעטן רשע־מרושע?

לסוף דערזעט זי א פערדישן קאָפּ ארויסשווימען פונם צופאלנדיקן בין־השמשות, און נאָכן קאָפּ א גאנצן פערד, לסוף א שליטן און אינם שליטן זיצט טאקע סינטראם אליין. ס'זעט אָבער גאָרנישט אויס, ווי דער פערד־און־שליטן מיטן פריץ זאָלן האָבן געקומען איבערן שליאך, נאר גיכער ווי זיי וואָלטן ערשט באשאפן געוואָרן דאָ אויפן אָרט, פאר אירע אויגן זיך אויסגעשיילט פונם בין־השמשות, און זיך דאָ אויסגעפאָרמט.

אננא גיט איבער די לייצעס צו אולריקאן און אליין

גייט זי אקעגן סינטראמען. אויך ער האלט־איין דאָס פערד זיינס.

— אָווא!... אָויא!... רופט ער אויס, סארא מזל דאָס איז פאר מיין באגלייטער, וואָס איך האָב אייך דאָ געטראָפן! הערט, ליבע פריילין אננא, טוט מיר, כ׳בעט אייך, א טובה און דערלויבט מיר איבערצוטראָגן מיין באגלייטער צו אייך אין שליטן. ער דארף נאָך היינט אין אָוונט זיין אין בערגאַ, און איך אייל זיך א היים.

— וואו האָט עס דער פריץ זיין באגלייטער? פרעג זי.

סינטראם הויבט־אויף דעם פוסזאק און ווייזט אננאן א פארשוין, וועלכער ליגט און שלאָפט אויפן דעק פונם שליטן.

— ער איז א קאפעטשקע שיכּור, זאָגט ער, אָבער וואָס מאכט עס אויס! ער שלאָפט ווי א גראף... איבריקנס, איז דאָס אייערס א באקאנטער מענטש... פריילין שערנהעק, דאָס איז יעסטאַ בערלינג!

אַננאַ ווערט פארציטערט.

— זעט איר, פריילין אַננאַ, איך וועל אייך נאָר דאָס זאָגן, אז די פרוי וועלכע פארלאָזט איר געליבטן, פארקויפט אים צום טייוול, און אויף דעם אופן טאקע בין איך אויך אריינגעפאלן אין זיינע נעגל... מען מיינט, אז מען וועט דערמיט טון א מצוה... פארשטייט זיך: זיך אָפּזאָגן פון אלעם, דאָס איז א מצוה און ליבן, דאָס איז רשעות...

— וואָס מיינט דער פריץ? וועגן וואָס רעדט איר? האָט אַננאַ שרעקלעך דערשיטערט געפרעגט.

— איך מיין, אז פריילין שערנהעק האָט נישט באַדארפט אָפּלאָזן יעסטא בערלינגן פון זיך... יאָ, יאָ, פריילין אננא, אזוי איז עס!

— גאָט האָט אזוי געוואָלט, הער פריץ.

— אהא כ׳פארשטיי שוין... נו יאָ... אזוי איז עס תמיד... זיך אָפּזאָגן פון אלעם איז א מצוה, און ליבן איז רשעות... דער רבונו של עולם האָט א פנים נישט ליב צו זען, אז מענטשן זאָלן זיין גליקלעך... ער שיקט זיי נאָך צעיושעטע

וועלף! אָבער טאָמער איז עס פאָרט נישט געווען גאָט, וואָס האָט דאָס געטון, פרייליין אַננאַ? קאָנט איר דען נישט פונקט אזוי גוט צולאָזן דעם געדאנק, אז דאָס זאָל געווען זיין איך, וואָס כ׳האָב אראָפּגערופן מיינע גרויע שעפּסעלעך פון די ווייסטע בערג, כדי נאָכצוזאָגן דעם יונגענמאן און דאָס יונגע מיידל? מאָלט אייך, אז דאָס האָב איך געשיקט די וועלף, דערפאר וואָס כ׳האָב טאקע נישט געוואָלט פארלירן איינעם פון מיינע פארשוינען! מאָלט אייך, אז נישט גאָט האָט דאָס געטון!...

— דער פריץ דארף מיך נישט צורעדן צו צווייפלען אין דער דאָזיקער זאך, זאָגט אַננאַ מיט א שוואכער שטים, ווייל א נישט בין איך א פארלוירענע! — — —

— נו, טאָ זאָל-זשע נאָר פרייליין אַננאַ א קוק-טון דאָ אהער, זאָגט סינטראַם, און בויגט זיך איין איבער דעם שלאָפנדיקן יעסטאַ בערלינג, טוט אָקאָרשט א קוק אויף זיין קליינעם פינגער! יענע פּיצינקע וואונד, וואָס איר זעט דאָרט וועט זיך קיינמאָל נישט פארהיילן. פון דאָרטן האָבן מיר גענומען בלוט, ווען ער האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנטראקט מיט מיר, ער איז מיינער. אָ, ווען איר זאָלט וויסן, סארא מערקווירדיקער כוח סאיז פאראן אינ׳ם בלוט! יעסטאַ איז מיינער, בלויז די ליבע קאָן אים באפרייען פון מיין רשות. נאָר טאָמער וועט ער בלייבן ביי מיר, וועט ער שוין איינמאָל ווערן א לייט!...

אַננאַ שערנהעק קעמפט מיט דעם קאָשמאר, וואָס האָט זי באהערשט. זי ווייסט דאָך, אז דאָס אלץ איז ריינע משוגעת, קיינער קאָן דאָך נישט אָפּשרייבן זיין נשמה דעם מנווולדיקן שטן. נאָר ווי זי זאָל נישט קעמפן, קאָן זי פאָרט נישט באקומען קיין מאכט איבער אירע מחשבות, דער בין-השמשות לייגט זיך מיט א שווערער משא אויף איר מוח, דער וואלד שטייט און שרעקט מיט זיין פינסטערניש און שטיל-שווייגן. זי קאָן זיך בשום אופן נישט באפרייען פונם דער-שיטערנדיקן פחד פון דער דאָזיקער כישופדיקער רגע.

— אפשר מיינט איר, זאָגט דער פריץ ווייטער, אז ס'איז שוין אין אים נישט פארבליבן וואָס קאליע צו מאכן? חס-ושלום, איר זאָלט עס נישט גלויבן! זיין נשמה איז פאָרט נאָך עפעס ווערט! וואָרום, צי האָט ער דען אמאָל שוין גע-פייניקט הילפלאָזע פויערים, צי האָט ער דען אמאָל שוין פארראטן זיינע אָרימע פריינט? צי האָט ער דען ווען ס'איז געשפילט פאלש אין קאָרטן? פריילין אַננאַ, צי איז ער דען אמאָל געווען א געליבטער פון אן אשת-איש?

— איך גלויב, אז דער פריץ איז דער טייוול אליין!

— לאָמיר מאכן א טויש, פריילין אננא! נעמט אייך יעסטאַ בערלינגן און האָט מיט מזל חתונה מיט אים! נעמט אים פאר זיך און אייער געלט שענקט אוועק זיי דאָרט אין בערגא! איך וועל אים אייך אוועקגעבן, — איר ווייסט דאָך, אז ער איז מיינער... איר זאָלט געדענקען, אז דאָס איז נישט געווען גאָט, וואָס האָט אנומלט בייגאכט נאָכגעשיקט די וועלף נאָך אייך, און לאָמיר טאקע מאכן א טויש!

— וואָס וויל דער הער פריץ באקומען דערפאר?

סינטראם האָט געמאכט א גרימאסע.

— נו יאָ, וואָס איך וויל דערפאר באקומען?... אָ, איך וועל זיך באנוגענען מיט גאָר א קלייניקייט... איך וויל בלויז באקומען די אלטע פרוי, וואָס אין אייער שליטן, פריילין אַננא.

— שטן! שד! רופט אַננאַ אויס, גיי אוועק פון מיר! זאָל איך פארראטן אן אלטע פריינדין, וואָס האָט צוטרוי צו מיר! זאָל איך זי איבערגעבן צו דיר, כדי דו זאָלסט זי פיי-ניקן ביז משוגעת!

— נו, נו, נו, רואיק, פריילין אַננאַ! לייגט אייך נאָר גוט איבער די זאך! — דאָ איז פאראן א הערלעכער יונגערמאן, און דאָרטן אן אלטע אויסגעהאָרעוועטע באַבע. איינעם פון זיי ביידע מוז איך האָבן. וועמען פון זיי ווילט איר מיר לאָזן, פריילין אַננאַ?

אַננאַ שערנהעק האָט זיך היסטעריש צעלאכט פון פאר-צווייפלונג.

— צי מיינט דען דער הער פּריץ, אַז מיר וועלן דאָ שטיין און אויסטוישן נשמות, ווי מען טוישט פערד אויפן יריד אין ברובי?

— יאָ, טאַקע אַזוי... נאָר אויב פריילין אַננאַ וויל, וועלן מיר דערויף קוקן פון אן אנדער זייט. מיר דאַרפן, געמלעך, אין זינען האָבן אויך דעם כבוד פון דער שערנהעקישער משפּחה!

און דאָ הויבט ער אָן אויף א הויכן קול צו רופן און צו שרייען צו זיין ווייב, וועלכע זיצט נאָך דאָרט אין אננאַס שליטן, און צו אַננאַס אומפאַרציילעכער שרעק, האָרכט יענע תיכף דעם דאָזיקן רוף, שטייגט-אויס פונם שליטן און קומט-צו צו זיי, ציטערנדיק פון ווײסטער אימה, וואָס קוקט ארויס פון אירע אויגן.

— אָוואַ, אָוואָ, סאַרא געהאָרכזאַם ווייב!... זאָגט סינטראַם. פריילין אַננאַ איז דאָך דאָ גאָרנישט שולדיק, אַז זי קומט, ווען איר מאַן רופט זי. איצטער הויב איך אויף יעסטאַ בער־לינגן און לאָז אים אייך דאָ איבער, איר הערט, פריילין אַננאַ... איך לאָז אים דאָ איבער אויף אייביק!... ווער ס׳וויל קאָן אים צונעמען!

ער בויגט זיך איין, כּדי אויפצוהויבן יעסטאַ בערלינגן, אָבער דאַן בויגט זי זיך אויך איין ביז צו זיין פּרצוף, שטעלט-אָן אויף אים שאַרף די אויגן און צישעט ווי א צערייצטע חיה:

— אין גאָטס נאָמען, פאָר א היים! צי ווייסטו נישט, ווער ס׳זיצט דאָרט אויף דעם וויגשטול אין סאַלאָן פון פּאָרס און וואַרט אויף דיר? ווי וואַגסטו צו לאָזן דעם דאָזיקן הער וואַרטן אויף דיר?

דאָס איז פאַר אַננאַן כמעט דאָס ערגסטע פון די שרעקלעכע איבערלעבונגען פון דעם טאָג, צו זען ווי די דאָזיקע פּאָר ווערטער ווירקן אויף דעם בייזווילן פּריץ: ער טוט א שלעפּ צו זיך די לייצעס, דרייט-אויס דעם שליטן און פּאָרט-אָפּ א היים, אָנטרייבנדיק דאָס פערד זיינס ביז א משוגע-ווילדן

גאלאָפּ, מיט אומבּרחמנותדיקע שמיץ און בּייזע אויסגעשרייען. בּאַרג-אַראָפּ, פון אַ שרעקלעכער משופּעקייט, גייט דאָס האַלז-בּרעכנדיקע פאָרעכץ. און פון אונטער די שליטנשינעס און פּאָדקאָווער שפּריצט אַ לאַנגע ריי פונקען אויף דעם דינעם שליט-וועג פון מערץ.

אַננאַ שערנהעק און אולריקאַ דילנער שטייען איינזאַמע אויפן וועג און זיי רעדן נישט אויס קיין וואָרט צווישן זיך. אולריקאַ ווערט אויפסניי פאַרציטערט, בּשעת זי דערזעט אַננאַס ווילדע בּליקן; אָבער דאָס מיידל האָט גאָרנישט צו זאָגן דער דאָזיקער אָרימער אַלטיטשקער, פאַר וועמענסוועגן זי האָט מקריב געווען דעם געליבּטן אירן.

זי האָט געוואָלט וויינען, ווילדעווען, וואַרפן זיך אויפן וועג און מיט שניי און זאַמד זיך בּאשיטן דעם קאָפּ.

פריער האָט זי געפילט די מתיקותדיקייט פונעם קרבּן. וואָס זי האָט געבּראַכט, איצטער אָבער האָט זי געפילט בּלויז די בּיטערקייט דערפון. וואָס איז דען, משטיינסגעזאָגט, דאָס אָפּזאָגן זיך פון ליבּע לגבּי דעם מקריב זיין די נשמה פונם געליבּטן?

זיי זענען שוין אַזוי כּסדר שטילשווייגנדיקע צוגעפאָרן בּיז קיין בּערגאַ, אָבער ווען זיי זענען אַהין אָנגעקומען, און די טיר פונעם סאַלאָן האָט זיך פאַר זיי אויפגעעפנט, — דאַן איז אַננאַ שערנהעק צום ערשטן און צום איינציקן מאָל אין איר לעבּן געפאַלן אין חלשות. דאָרט אינעווייניק זענען אי סינטראַם, אי יעסטאַ בּערלינג געזעסן און געמיטלעך גע-שמועסט. די קאַראַפקע מיט וואַרימען בּראָנפן איז געשטאַנען אויפן טיש, אַזוי, אַז זיי האָבּן שוין דאָרט אפנים געמוזט האָבּן פאַרבּרענגט אַ לענגערע צייט.

אַננאַ שערנהעק איז געפאַלן אין חלשות, דאַקעגן, די אַלטע אולריקאַ דילנער האָט זיך דערבּיי רואיק פאַרהאַלטן. איצט האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט טאַקע געהאַט בּאַמערקט, ווי ס'איז עפּעס נישט געווען גאָר גלאַטיק מיט דעם, וועלכער האָט זיי פאַרפאָלגט אויפן שליאַך.

דערנאָך האָבן דער קאַפּיטאַן אוגלאַ און די קאַפּיטאַנין אַזוי פאַרמיטלט דעם ענין מיטן פּריץ, אַז ער האָט מסכּים געווען, דאָס די אַלטע אולריקאַ זאָל פאַרבלייבן אין בערגאַ. ער האָט גאַנץ גוטמוטיק נאָכגעגעבן. ער וויל זי גאָרנישט משוגע מאַכן, האָט ער געזאָגט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, איר קינדער פון שפּעטערדיקע צייטן!

איך פאַרלאַנג נישט חלילה, אַז ס'זאָל ווער פון אייך גלויבן אין די דאָזיקע אַלטע מעשיות. זיי זענען טאַקע נישט מער ווי שקר און אויסטראַכטעניש. אָבער ווען וועט שוין אויך די אימה זיין בלויז שקר און אויסטראַכטעניש, — די טיפע אימה, וואָס וויגט פאַנאַנדער דאָס האַרץ, ביז וואַנען עס צע־יאָמערט זיך, ווי די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע אין סינטראַמס סאַלאָן האָבן געיאָמערט אונטער דעם סקריפּן פונם וויגשטול.

און אויך דער ספק, וואָס קלינגט אין די אויערן, ווי די שליטנגלעקלעך האָבן פאַר אַננאַ שערנהעק געקלינגען אין וויסטן וואַלד, — ווען וועט ער שוין זיין בלויז שקר און אויס־טראַכטעניש?

אָ, הלוואי וואָלט עס טאַקע אַזוי געקאָנט זיין!

14.

## די געשיכטע פון עבבא דאָנא.

דו זאָלסט זיך היטן צו באטרעטן דעם שיינעם, באַרגיקן ערדשפּיץ ביים מזרחדיקן ברעג פון דער לעיווען, וועלכן עס וואשן די וואַסערן מיט זאַנפטע פאליעס; דעם ערדשפּיץ, וואו ס׳ליגט דער שטאָלצער מאגנאטישער הויף „באָרג".

פון ערגעץ באווייזט זיך נישט די לעיווען אין הערלע־בערער פּראכט, ווי פונם העכסטן אָרט אויפן דאָזיקן ערד־שפּיץ. קיינער קאָן אויך נישט וויסן, ווי שיין זי איז, די אָזערע, ארום וועלכער ס׳האָבן געשוועבט די חלומות פון מיין יוגנט, אויב ער האָט נישט פונם ערדשפּיץ באָרג געזעען, ווי די פרימאָרגן־נעפּלען גליטשן זיך אוועק איבער איר גלאטיקער אויבערפלאך, אָדער אויב ער האָט נישט דורכן פענסטער פונם קליינעם בלויען קאבינעט, וואו ס׳נעסטן אזוי פיל זכרונות, געזעען, ווי די דאָזיקע וואונדערבארע אָזערע שפּיגלט־אָפּ א בלאס־רויטן זון־אונטערגאנג.

און דאָך וואָרן איך דיך: גיי נישט אהינצו!

ווייל איך קלער, אז אויב דו ביזט א רייכער און גליק־לעכער, אָקאָרשט נאָך דער חתונה, קאָנסטו נאָך אמאָל באַ־הערשט ווערן פונם פארלאנג צו ווערן דער באלעבאָס פונם דאָזיקן שיינעם שטיקל ערד, און דו וואָלסט דאן געוואָלט פאר־בלייבן אינם אלטן מאגנאטישן הויף מיט זיינע אומעטפולע זאלן, און — ווי א סך אנדערע פאר דיר — וואָלסטו פאר־

טראכט אויפצובויען דאָרט א היים פאר זיך און פאר דיין יונגער באַשערטער.

אך, ניין!... ניין! גלייכער נישט צו זען גאָר דעם שיינעם ערדשפּיץ, וואָרום אין באַרג האלט זיך נישט קיין גליק! ווי רייך און גליקלעך דו זאָלסט נישט זיין, וועלן די אַלטע פאַדלאָגעס, וואָס זענען אָנגעזאפּט מיט טרערן, באַלד בעמען איינזאפּן אין זיך אויך דיינע טרערן, און די ווענט, וואָס וואָלטן געקאָנט אָפּהילכן מיט אזוי פיל ווײ־געשרייען און געיאָמער, וועלן באַלד זאמלען אין זיך אויך דיינע ביטערע זיפצן!

ס׳שוועבט עפּעס אזא הארטער גורל איבער דעם דאָזיקן שיינעם מאגנאטישן הויף, ווי דאָס אומגליק אליין וואָלט דאָרט געלעגן ערגעץ באַגראָבן און נישט געפונען קיין רו אין קבר, נאָר ס׳שטייט אַלע מאָל אויף, כדי צו שרעקן די לעבעדיקע. וואָלט איך געווען די באַלעבאָסטע פון באַרג, וואָלט איך געלאָזט א דורכזוכן דעם גאנצן באָדן —, סיי דעם שטיינערדיקן גרונט פונם סאָסנעפּארק, סיי די פּאָדלאָגעס אין די קעלערס און וווינהייזער, און אויך די פרוכטבארע, פוכיקע ערד פון די פעלדער, ביז איך וואָלט נישט געפונען דעם קערפּער פון דער דאָזיקער מכשפה, וואָס איז שוין אוודאי צעפרעסן דורך ווערים, און איך וואָלט איר געגעבן א קבר אין דער הייליקער ערד אויפן בית־עולם אין סווארטזשעי. בשעת איר קבורה וואָלט איך נישט געקארגט קיין לוין פאר דעם גלאָקן־קלינגער, נאָר די גלאָקן זאָלן לאנג און שטארק קלינגען איבער איר, און צום גלח און קאנטאָר וואָלט איך געשיקט רייכע מתנות, כדי זיי זאָלן מיט פארטאָפּלטער קראפט זי באגלייטן מיט הייליקע פּסוקים און נגינה צו איר אייביקער רו. און ווען דאָס וואָלט נישט געהאָלפן, וואָלט איך אין א שטורמדיקער נאכט געלאָזט א פייער זיך דערנענטערן צו די אויסגעבויגענע הילצערנע ווענט פונם אלטן הויז און געלאָזט חרוב ווערן אַלצדינג, אזוי, אז מענטשן זאָלן שוין קיינמאָל נישט מער חשק האָבן צו וואוינען אין אָט דער היים פון אומגליק. נאָכדעם וואָלט שוין קיינער נישט געטאָרט באטרעטן דעם דאָזיקן

פאַרשאָלטענעם פלאַץ. בלויז די שוואַרצע קאַווקעס פונם קירכנ־טורעם וואָלטן געמעגט פאַרלייגן אַ נייעם ישוב צווישן די ציגל פונם גרויסן קוימען, וועלכער וואָלט זיך אַ פאַרסאַזשעטער און אימהדיקער געהויבן איבער דעם וויסטן אָפּגעבר ענטן גרונט.

און דאָך וואָלט איך זיך זיכער געשראָקן, ווען איך וואָלט געזעען די פלאַמען אַרומכאַפּן דעם דאַך, ווען דער געדיכטער רויך, רויט פונם פייער־שיין און פול מיט פונקען, וואָלט אַרויסגעזעצט פונם אַלטן גרעפּישן הויז. בשעתן הודזשען און קנאַקן פון דער שׂרפה וואָלט זיך מיר געדאַכט, אַז כ׳הער דאָס וויי־קלאָגן פון היימלאָזע זכרונות, און אַז אויף די פלאַ־מען־שפּיזן זע איך אַרומשוועבן געשפּענסטער, וועמען מ׳האָט געשטערט אין זייערע ביינאַכטיקן טועכץ. איך וואָלט דאַן אפשר געטראַכט, אַז אפילו צער און אומגליק קאָנען אויך באַשיינען און באַצירן. און איך וואָלט דאַן זיכער געוויינט, ווי כ׳וואָלט געהאַט פאַר די אויגן אַ טעמפּל פון אַלטע געטער, וואָס איז פאַרמשפּט חרוב צו ווערן דורך די פלאַמען.

און דאָך באַפעל איך זיך אַליין: שווייג, דו, וואָס קראַ־קעסט אַזוי בייז וועגן אומגליק! לעת־עתה ליגט נאָך דער־באָרגישער הויף און שיינט אין דער סאַמע הויך אויפן באַר־גיקן ערדשפּיץ, געשיצט פון זיין פּאַרק פון ריזיקע סאָסנעס. די מיט שניי באַדעקטע פעלדער גלאַנצן נאָך אין דער שעמע־רירנדיקער זונענשיין פונם מערץ־טאָג. דערווייל הערט מען נאָך צווישן זיינע ווענט דאָס הייטערע געלעכטער פון דער פריי־לעכער יונגער גרעפין עליזאַבעט דאָנאַ!

זונטאָג גייט זי אין דער סוואַרטזשעאישער קירך, וועלכע ליגט נישט ווייט פון באָרג, און דערנאָך זאַמלט זי ביי זיך צונויף אַ קליינע מיטאָג־געזעלשאַפט. דעם ריכטערס משפּחה פון מונקערוד קומט דאַן צו גאַסט, אויך דעם קאַפּיטאַנס משפּחה, משפּחה פון בערגאַ, און דער אַלטער פראָבאָשטש, און אויך דער בייזער סינטראַם. אויב יעסטאַ בערלינג איז גראָד דאַן אין סוואַרטזשעי, קומענדיק איבערן אייז פון דער לעיווען,

פארבעט זי אים אויך. פארוואָס זאָל זי דען נישט פארבעטן יעסטאַ בערלינגן?

זי ווייסט אפנים נישט, אז מען טרייבט שוין רכילות וועגן דעם, אז יעסטאַ קומט עפעס צו אָפט אריבער אויפן מזרחדיקן ברעג, — כּדי זי צו טרעפן. אפשר איז ער גאָר גע-קומען שיכּורן און שפּילן צוזאמען מיט סינטראַמען? אָבער דאָס פרעגט קיינער נישט; אַלע ווייסן, אז זיין גוף איז ווי פון אייזן, ער וועט אַלצדינג אויסהאלטן, נאָר מיט זיין הארץ איז שוין גאָר אן אנדער זאך. ס'איז נישט פאראן קיינער, וואָס זאָל וועלן גלויבן, אז יעסטאַ קאָן זען אַ פּאָר שטראַלנ-דיקע אויגן און אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, וואָס קרייזלען זיך ארום אַ ווייסן שטערן, און ער זאָל נישט גלייך ווערן פארליבט!

די יונגע גרעפין איז זייער גוט צו אים. אין דעם איז דאָך נישט פאראן קיין שום מערקווירדיקעס: זי איז זייער גוט צו אַלע מענטשן. זי זעצט אוועק צו זיך אויפן שויס אָפּ-געריסענע, אָפּגעשליסענע בעטלער-קינדער, און ווען זי טרעפט אַמאָל אָן פארבייפאָרנדיק, אן אלטן מאן, וואָס גייט צו פוס איבערן שליאך, הייסט זי אָפּשטעלן די פערד און נעמט אים ארויף צו זיך אין שליטן.

יעסטאַ פלעגט אָפט זיצן אין דעם קליינעם בלויען קא-בינעטל, וואו מען האָט דעם פראכטפולסטן אויסקוק איבער דער אָזערע, און ליינען פאר איר פּאָעזיע. דערין קאָן דאָך אויך נישט זיין קיין שום בייז. ער פארגעסט נישט, אז זי איז אַ גרעפין און ער — אַ היימלאָזער אוואנטוריסט. אָבער פאר אים, דעם מענטשן אָן אַ שורש, איז עס אַ מחיה צו געפונען זיך אין געזעלשאפט פון דעם, וועמען ער שטעלט הויך איבער זיך און פארהייליקט. ער וואָלט פונקט אזוי גוט זיך געקאָנט פארליבן אין דעם בילד פון דער מלכּה שבא, וואָס באצירט די כאָרגאלעריי אין דער סוואַרטזשעאישער קירך, ווי אין איר, אין דער יונגער גרעפין.

ער פארלאנגט בלויז צו דינען איר, ווי אַ פאזש דינט זיין הויכגעשטעלטער הערשערין, צו מעגן צובינדן איר די:

ליזשוועס, האלטן איר גארנקניילעכל, קירעווען איר שליטעלע. ס׳קאָן גאָרנישט זיין קיין פראגע פון ליבע צווישן זייביידע, אָבער ער איז גראָד דער ריכטיקער פארשוין צו געפונען גליק דוקא אין אזא סענטימענטאלער, אומשולדיקער ראָמאנטישקייט.

דער יונגער גראף איז א שטילער און ערנסטער מענטש, דאקעגן, יעסטאַ איז א לוסטיקער און פריילעכער, און דעריבער טאקע ציט עס די יונגע גרעפין צו אים. אָבער קיינעם פאלט בישט איין, אז זי זאָל קאָנען טראָגן אין זיך א פארבאָטענע ליבע. יעדער איינער מיינט, אז זי טראכט בלויז וועגן טאנץ און לוסטיקייט. זי וואָלט מסתמא געוואָלט, אז די ערד זאָל זיין אין גאנצן גלייך, אָן שטיינער, אָן בערג און וואסערן, אזוי אז מען זאָל אומעטום קאָנען צוקומען טאנצנדיק. פונם וויגל ביז צום קבר וויל זי דורכטאנצן אין שמאָלע, זיידענע לעטשלעך, מיט דינע זוילעכלעך.

רכילות איז אָבער זייער נישט רחמנותדיק קעגן יונגע פרויען.

בשעת די דערמאָנטע געסט קומען קיין באָרג און עסן מיטאָג, פלעגן די הערן נאָכן מאָלצייט אריינגיין אין גראפס קאבינעט, כדי צו רויכערן און צו כאפן א דרימל, די אלטע דאמען פלעגן ארומפזינקען אין די ווייכע פאָטעלן אין סאלאָן, און אָנשפארן זייערע חשובע קעפ אָן די הויכע אָנלענס. דאקעגן, די גרעפין און אַננאַ שערנהעק גייען דאן אריין אין דעם בלויען קאבינעטל און טיילן זיך קעגנזייטיק, מיט אָן א שיעור פארטרויליכע זאכן.

דעם זונטאָג, נאָכדעם ווי אַננאַ שערנהעק האָט צוריק אהיימגענומען קיין בערגאַ די אלטע אולריקא דילנער, זענען זיי ווידער דאָרט געווען, אין דעם קליינעם קאבינעטל.

אויף דער גאנצער וועלט איז קיינער נישט אזוי אומגליקלעך, ווי אַננאַ שערנהעק. איר גאנצע מונטערקייט איז שוין פארביי, און פארביי איז אויך דער רייצפולער ווידערשטאנד, מיט וועלכן זי האָט זיך געוועהרט קעגן די אלע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט צופיל דערנענטערן צו איר

אלץ וואָס איז מיט איר געשעען אויפן אהיימוועג, איז אין איר באוואוסטזיין צוריק אראָפּגעזונקען אין דעם בין-השמשות, פון וועלכן עס איז ארויסגעפּישופּט געוואָרן. בלויז איין איינציקער איינדרוק איז אין איר נאָך פארבליבן און ער האָט פארסמט איר נשמה.

„און אויב נישט גאָט, האָט דאָס געטון", פלעגט זי שעפּ-טשען צו זיך אליין, „אויב טאקע נישט גאָט האָט נאָכגעשיקט די וועלף?"

זי וויל א סמן פון הימל, זי באגערט א נס. זי פאָרשט דעם הימל און די ערד. זי זעט אָבער נישט קיין פינגער, וואָס זאָל ארויסשטעקן פון די וואָלקנס, כדי איר אָנצווייזן דעם ריכטיקן וועג. קיין שום עמוד-אש אָדער נעפּלזייל גייט נישט פאָראויס פאר איר.

בשעת זי זיצט איצטער אקעגנאיבער דער גרעפין אין דעם בלויען קאבינעטל, פאלן אירע בליקן אויף א קליין בו-קעטל פון ערשטלינגלעך אין איר ווייסער האנט. ווי דורך א העלן בליץ ווערט איר קלאָר, אז זי ווייסט, וואו די דאָזיקע בלימעלעך זענען געוואקסן, אז זי ווייסט, ווער ס'האָט זיי אָפּגעריסן.

זי דארף נישט פרעגן. וואו אין דער גאנצער געגנט וואקסן דען ערשטלינגלעך שוין אין אָנהויב אפּריל,—אויב נישט אינם בזשאָזעווערל, וואָס נעבן עקעבי?

זי גאפט און גאפט אויף די קליינע בלימעלעך, אויף די דאָזיקע בלויע שטערנדלעך, וואָס באזיצן אלעמענס הער-צער, אויף די דאָזיקע קליינע נביאים, וואָס אליין זענען זיי זייער שיינע, און ווערן נאָך באשטראלט פונם גלאנץ פון דעם אלעם שיינעם, פון וועלכן זיי זענען די אָנזאָגערס, פון דעם אלעם שיינעם, וואָס וועט קומען צוזאַמען מיטן פרילינג און זומער. און ווי זי באטראכט זיי, הייבט איר נשמה אָן צו צאפּלען פון א כעס—א ברומענדיקער ווי דער דונער, א באטוי-בענדיקער ווי דער בליץ.

מיט וואָסער רעכט, טראכט זי, טראָגט די גרעפין דאָנא

דאָס דאָזיקע בוקעטל ערשטלינגלעך, אָפּגעפּליקטע אויפן ברעג נעבן עקעבי?

אַלע זענען זיי בייזע רוחות: סינטראַם, די גרעפין... מיט איין וואָרט, אַלע ווילן יעסטאַ בערלינגן אָגריידן צו שלעכטן, אָבער זי וועט אים פאַרטיידיקן. זי וועט אים קעגן אַלעמען פאַרטיידיקן. זי זאָל אפילו דערפאַר מוזן באַצאָלן מיטן בלוט פון איר הארצן, וועט זי דאָס אויך טון! זי טראַכט, אז איידער זי פאַרלאָזט דעם בלויען קאַבינעט... מוז זי צו-ערשט זען דאָס בוקעטל ערשטלינגלעך ארויסגעריסן פון דער גרעפינס האַנט, אוועקגעשליידערט, צעטרעטן, צעקוועטשט!...

זי טראַכט וועגן דעם, און זי הויבט-אָן א קאַמף קעגן די דאָזיקע קליינע בלויע שטערנדלעך. דאָרט אין סאַלאָן שפּאַרן-אָן די אַלטע פרויען זייערע חשובע קעפּ אויף די שטול-אָנלענס און אַנען גאָרנישט, וואָס דאָ קומט פאָר! די הערן רויכערן בנעימותדיק זייערע ליולקעס אין דעם גראַפס קאַבי-נעט; אַלץ איז ושלום שלוה, בלויז אין דעם קליינעם בלויען קאַבינעטל שטורעמט א פאַרצווייפלטער קאַמף.

אך, ווי וואויל עס טוען די, וועלכע האַלטן זייערע הענט ווייט פונם שווערד, די וועלכע פאַרשטייען שטיל אָפּ-צוּוואַרטן, צו פאַרוויגן זייערע הערצער אין רו און לאָזן גאָט פירן מיט אַלצדינג! ווייל דאָס אומרואיקע הארץ בלאָנד-זשעט תמיד! און תמיד מאַכט דאָס נייע שלעכטס נאָך ערגער דאָס אַלטע שלעכטס.

אָבער אַננאַ שערנהעק גלויבט, אז איצט האָט זי לסוף דערזען א פינגער פון די וואָלקנס.

— אַננאַ, זאָגט די גרעפין, דערצייל מיר עפּעס אַ מעשה!

— וועגן וואָס א שטייגער?

— אָ, זאָגט די גרעפין און גלעט מיט איר ווייסער האַנט דאָס בוקעטל, צי קאָנסטו גאָרנישט דערציילן עפּעס א מעשה וועגן ליבע?...

— וועגן ליבע? ניין, וועגן דעם ווייס איך נישט וואָס צו דערציילן.

— ווי קאָנסטו דאָס זאָגן אזוי? צי איז דען דאָ נישט פאראן א מקום וואָס הייסט עקעבי, א מקום וואָס איז פיל מיט קאוואלערן?

— יאָ, זאָגט אַננאַ, דאָ איז פאראן אזא מקום, וואָס הייסט עקעבי און דאָרט זענען פאראן זייער פיל מאנסלייט, וועלכע זויגן-אויס דעם מארך פונם לאנד, מאכן אונז אומ-פעאיק צו ערנסטער ארבעט, פארדארבן אונזער אויפוואקסנדיקע יוגנט און פארפירן אונזערע גאונים אויף פאלשע וועגן. צי ווילסטו הערן וועגן זיי, צי ווילסטו הערן ליבע-מעשיות וועגן זיי?

— דאָס וויל איך טאקע. איך האָב האָלט די קאוואלערן.

אַננאַ שערנהעק הויבט דאן אָן צו רעדן; זי רעדט אָבער מיט קורצע, אָפגעהאקטע פסוקים, ווי אין תהילים. איר ברוסט ווערט שיער נישט צעריסן פון שטורמענדיקע געפילן. אין יעדן וואָרט אירן ציטערט פארבאָרגענע ליידנשאפט. פאר-אינטערעסירט און דערשראָקן הערט זיך די גרעפין צו צו איר דערציילונג.

— וואָס איז דען, מ'שטיינסגעזאָגט, די ליבע פון אַ קאוואלער, וואָס איז דען די געטריישאפט פון א קאוואלער? איין ליבסטע היינט, די צווייטע ליבסטע מאָרגן, איינע אין מזרח, איינע אין מערב. פאר אים איז גאָר נישט צו הויך, גאָרנישט צו נידריק: איין טאָג א גרעפישע טאָכטער, דעם צווייטן טאָג א שלעפערקע. קיין שום זאך אין דער וועלט איז נישט אזוי געראם ווי זיין הארץ. אָבער אָך און וויי, — יאָ, טויזנט מאָל אָך און וויי איז צו דער פרוי, וועלכע ליבט א קאוואלער פון עקעבי! תמיד מוז זי לויפן אים זוכן, און אָפטמאָל געפינט זי אים ליגן אָנגעשיכורט אין שאָסייגרוב. זי מוז שטילשווייגנדיק צוקוקן, ווי ער פטרט אין קאָרטנ-שפיל אירע קינדערס היים, זי מוז ליידן און שווייגנדיק צו-קוקן, ווי ער ראָמאנסירט מיט אנדערע פרויען. אָ, עליזאבעט, אויב א קאוואלער פארבעט אַן אָרנטלעכע פרוי צום טאנץ, דארף זי אים אָפזאָגן; אויב ער שענקט איר א בלומענבוקעט,

דארף זי עס אוועקוואַרפֿן און צעטרעטן מיט די פֿיס; אויב זי ליבט אים, דארף זי ליבערשט שטאַרבן יונגערהייט, איידער חתונה האָבן מיט אים.

אַמאָל איז צווישן די קאַוואַלערן געווען איינער, א דערגראַדירטער גלח, ער האָט פֿאַרלוירן די גלחישע טאָגע צוליב גרויס שיכּרות. ער איז תּמיד געווען שיכּור אין קירך. טיילמאָל האָט ער אַפֿילו אויסגעזויפֿן דעם קאָנפֿירמאַציעווייַן, צי האָסטו געהערט וועגן אים?

— ניין.

— באַלד דערנאָך, ווי ער איז פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זיין פּאַראַפֿיע, האָט ער זיך גענומען אַרומשלעפּן איבערן לאַנד ווי א בעטלער. ער האָט געשיכּורט ווי א משוגענער. יאָ, ער האָט אַפֿילו געקאָנט גנבענען, — אַלץ כּדי צו באַקומען בראָנפֿן.

— ווי האָט ער געהייסן?

— ער איז שוין מער נישט פֿאַראַן אין עקעבי... די מאַיאָרין פֿון עקעבי האָט זיך מרחם געווען איבער אים, זי האָט אים געגעבן מלבושים און געפּועלט ביי דיין שוויגער, די גרעפֿין מערטאַ דאָנאַ, צו מאַכן אים פֿאַר א לערער פֿאַר דיין מאַן, דעם יונגן גראַף הענריק.

— א פֿאַרטריבענעם גלח!

— אָ, ער איז נאָך דאַן געווען א יונגער, קרעפֿטיקער מענטש, מיט הויכער בילדונג. אַזוי איז ער געווען א גאַנץ ניש-קשהדיקער מענטש, ווען ער האָט נאָר נישט געשיכּורט. אגבֿ, איז די גרעפֿין מערטאַ נישט געווען אַזאַ איבערקלייבערין, און ס'האָט איר הנאה געטון זיך צו רייצן מיטן פּראָבאָשטש און מיטן דעקאַן פֿון סוואַרטזשעי, מיט וועלכע זי האָט נישט געלעבט בשלום. אָבער זי האָט אָנגעזאָגט, אַז קיינער זאָל פֿאַר אירע קינדער נישט דערמאָנען וועגן דעם לערערס פֿאַר-גאַנגענהייט, וואָרום דאַן וואָלט איר זון פֿאַרלוירן דעם רעס-פּעקט פֿאַר אים און איר טאָכטער וואָלט אים נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, מחמת זי איז געווען ממש א הייליקע.

אַזוי־אַרום איז ער אָנגעקומען קיין באָרג. ער פֿלעגט

תּמיד בלייבן שטיין ביי דער טיר, זיך אוועקזעצן אויפן ראנד פון שטול, שווייגןביים טיש, און ארויסלויפן אין פארק אריין, ווען ס׳זענען אָנגעקומען געסט; אזוי שעמעוודיק איז ער געווען.

אָבער דאָרט אין פארק פלעגט ער אויף די איינזאמע סטעזשקעלעך זיך באגעגנען מיט דער יונגער עבבאַ דאָנאַ. זי איז נישט געווען פון די מיידלעך, וועלכע האָבן ליב טומל־דיקע שמחות, ווי איר מוטער, די גרעפין מערטאַ האָט צו־יענער צייט געפּראוועט אין די זאלן פון באָרג, א צייט נאָכ־דעם ווי זי איז געוואָרן אן אלמנה. עבבאַ דאָנאַ איז אויך נישט געווען פון די, וועלכע קוקן דרייסט אין דער וועלט אריין. זי איז געווען אזא מילדע, אזא קינדיש־באשיידענע! ווען זי איז אלט געוואָרן זיבצן יאָר, איז זי נאָך געווען ווי א צארט קינד, נאָר זי איז פאָרט געווען זייער שיין מיט אירע ברוינע אויגן און מיט דער שוואכער, איידעלער פאררויטלקייט אויף די באקן. איר יונגינקער, שלאנקער קערפּער האָט זיך געהאלטן עטוואָס ארויסגעבויגן אויף פאָרנט. איר שמאָלע, קליינע האנט האָט שוואך און פארצאפּלט אָפּגעענטפערט אויף א באַ־גריסונג. איר קליין מיילעכל איז געווען דאָס שטילסטע פון אלע און דאָס סאמע ערנסטע. אָ, איר קולעכל, איר מתיקות־דיק קולעכל, וואָס האָט ארויסגערעדט די ווערטער אזוי לאנג־זאם און אזוי אויסדריקלעך! ס׳האָט אָבער קיינמאָל נישט גע־קלונגען יוגנטלעך־פריש און ווארים, און דאָס, וואָס זי האָט גערעדט איז ארויסגעקומען צעצויגן, מיט מאטע טאָנפאלן, ווי דער לעצטער שלוסאקאָרד פון א מידן מוזיקער!

זי האָט זיך שטארק אונטערשיידעט פון אלע אנדערע מיידלעך, איר פוס האָט געטראָטן אויפן באָדן אזוי לייכט, אזוי שטיל, ווי זי וואָלט דאָ אונטן אויף דער ערד געווען בלויז א פארטריבענע אין גלות. זי האָט תּמיד געהאלטן אראָפּ־געלאָזן די וויעס, כּדי ס׳זאָל איר קיין שום זאך נישט שטערן אין אירע אינערלעכע וויזיעס. בעת זי איז געווען א קינד נאָך, האָט זיך איר נשמה שוין געהאט אָפּגעקערט פון דער ערד.

ווען זי איז געווען א קליינטשינקע, פלעגט איר די באָבע דערציילן מעשהלעך. איינמאָל אין אן אָוונט זענען זיי ביידע געזעסן ביים אָפענעם קאמין, און ס'האָט שוין באלד נישט געקלעקט קיין מעשהלעך. דאן זענען אלע העלדן און העלדינס פון די וואונדערלעכע געשיכטעס אויפגעשטאנען תחית־המתים. זיי האָבן זיך ווי די פלאמען פונם פייער אין קאמין פריילעך ארומגעהוידעט פון איין זוניק לאנד צום אנדערן, אָבער זייער גליק האָט בלויז געדויערט אזוי לאנג, ווי דאָס פייער האָט געברענט. דערנאָך זענען אויך די דאָזיקע העלדן געפאלן אין קאמף פאר זייערע שיינע פרינצעסינס, וועלכע זענען נעבעך איינגעאנצען פארקוילט געוואָרן... ביז וואנען א צווייט פייערל אין קאמין האָט זיי נישט ווידער אויפגעוועקט צום לעבן. אָבער דעם קליינעם מיידעלעס הענטל איז נאָך אלץ געלעגן אויף דער באָבעס שויס, און זי האָט פאמעלעך געגלעט דאָס שאָרסטקע זיידנס פון קליידל, דאָס זיידנס, וואָס האָט געפיפּ־סעט ווי א פיצינקע פייגעלע, בשעת מען האָט עס באריִרט מיט דער האנט. און דאָס דאָזיקע גלעטן איז געווען איר בקשה, ווייל זי איז געווען פון די קינדער, וועלכע בעטן קיינמאָל נישט מיט ווערטער.

האָט דאן די אלטיטשקע שטילינקערהייט איר אָנגעהויבן דערציילן וועגן א קליין קינד פונם לאנד יהודה, א קליין קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן, כדי שפעטער צו ווערן א גרויסער קיסר. בשעת דאָס קינד איז ארויס אויף דער וועלט, האָבן די מלאכים אָנגעפילט די ערד מיט הלל־געזאנגען. די קיסרים פון מזרח זענען געקומען, געפינענדיק דעם וועג לויט די שטערן פון הימל, און האָבן אים געבראכט מתנות פון גאָלד און ווייריך, אלטע מאנסלייט און פרויען האָבן נביאות גע־זאָגט וועגן זיין קומענדיקער הערלעכקייט. דאָס קינד איז גע־יואקסן שענער און קלוגער, ווי אלע אנדערע קינדער. ווען ס'איז אלט געווען צוועלף יאָר, איז זיין קלוגשאפט שוין געווען גרעסער ווי די קלוגשאפט פון דעם כוהן גדול און פון די לומדים.

אזוי האָט די אַלטע איר דערציילט וועגן דעם שענסטן, וואָס די ערד האָט געזעען, וועגן דעם לעבן פונם קינד, בשעת ס׳האָט זיך נאָך געפונען צווישן די מענטשן, —צווישן די שלעכטע מענטשן, וואָס האָבן עס נישט געוואָלט אָנערקענען פאַר זייער קיסר.

זי האָט איר דערציילט וועגן דעם לעבן פונם דאָזיקן קינד, ביז ס׳איז געוואָרן א דערוואקסענער מענטש, און סארא נסים ער האָט דעמאָלסט באַוויזן.

אַלצדינג אויף דער ערד האָט צו אים געדינט און אים געליבט, אחוץ די מענטשן. ווען ער האָט זיך עס נאָר געווינטשן, האָבן די פיש אין וואסער זיך געלאָזט כאפּן אין זיין נעץ, דאָס ברויט האָט אָנגעפילט זיינע קוישן, און דאָס וואסער האָט זיך פארוואנדלט אין וויין.

אָבער די מענטשן האָבן דעם גרויסן קיסר נישט געוואָלט געבן קיין גאָלדענע קרוין, און אים נישט געלאָזט ארויפשטייגן אויף א פראכטפולן טראָן. ער האָט נישט געהאט קיין אונטערטעניקע הויפלייט ארום זיך. זיי האָבן אים געלאָזט ארומגיין ווי א בעטלער.

און דאָך איז ער געווען אזוי גוט צו זיי, דער דאָזיקער גרויסער קיסר! ער האָט אויסגעהיילט זייערע קראנקע, צוריקגעגעבן די בלינדע זייער ראיה און אויפגעוועקט די טויטע.

נאָר די מענטשן, האָט די אַלטע ווייטער געזאָגט, האָבן אים פאָרט נישט געוואָלט אָנערקענען אלס זייער הערשער. פארקערט, נישט נאָר זיי האָבן אים נישט געוואָלט האָבן אלס א קיסר, נאָר זיי האָבן נאָכגעשיקט זייערע קריגסקנעכט קעגן אים און אים גענומען געפאנגען; זיי האָבן אים אויף א שפּאס אָנגעטון אין א ברייטן מאנטל פון פּראָסטע לייוונט און אין א קרוין פון דערנער און אים געגעבן א שטעקן אלס סצעפּט אין האנט, און אים געלאָזט גיין צו דער תליה, טראָגנדיק א שווערן צלם.

אָ, מיין קינד! דער גוטער קיסר האָט ליב געהאט די·

הויכע בערג. ביינאכט פלעגט ער אויף זיי ארויפשטייגן, כדי צו שמועסן מיט די איינוואוינער פונם הימל, און אים איז תּמיד וואויל־געפעלן צו זיצן בייטאָג אויף די בארג־משופּע־קייטן און צו רעדן צו די מענטשן, וועלכע האָבן זיך צו אים צוגעהאָרכט. איז אויך איצטער האָבן זיי אים ארויפגעפירט דווקא אויף א בארג, כדי אים צו קרייציקן. זיי האָבן אים אריינגעקלאפּט טשוועקעס דורך די הענט און דורך די פיס, און זיי האָבן אויפגעהאָנגען דעם גוטן קיסר אויף א צלם, פּונקט ווי ער וואָלט געווען א רשע און א גזלן.

די שלעכטע מענטשן האָבן חוזק געמאכט פון אים. בלויז זיין מאמע און זיינע פריינט האָבן געוויינט, דערפאר וואָס ער האָט געמוזט שטארבן איידער ער האָט נאָך באוויזן צו ווערן א קיסר.

אָ, ווי שטארק די נישט־לעבעדיקע זאכן האָבן זיך מצער געווען צוליב זיין טויט!

די זון האָט פארלוירן איר בליאסק און די בערג האָבן געציטערט. דאָס פּרוכת אין בית־המקדש האָט זיך געשפּאָלטן און די קברים האָבן זיך געעפנט פאר די טויטע, כדי זיי זאָלן ארויסגיין און ווייזן זייער צער — — —

הערנדיק דאָס, איז די קליינע מיט איר קעפּל געלעגן אויף דער באָבעס שויס און אזוי געהעשעט, אז ס'הארץ האָט געקאָנט פּלאצן.

— וויין נישט, קליינטשיקע, האָט די באָבע זי געטרייסט, דער גוטער קיסר איז אויפגעשטאנען פון זיין קבר און איז ארויפגעפאָרן צו זיין פאָטער אין הימל.

— באָבעשי, האָט דאָס אָרעמע מיידעלע ווייטער געכליפּעט, צי האָט ער קיינמאָל נישט באקומען קיין מדינה?

— ער זיצט ביי דער רעכטער האנט פון גאָט אין הימל.

דאָס איז אָבער נישט געווען קיין טרייסט פאר איר. זי האָט געוויינט אזוי הילפלאָז און פארצווייפלט, ווי נאָר א קינד קאָן וויינען.

— פארוואָס זענען זיי געווען אזוי שלעכט קעגן אים?

פאַרוואָס האָבן די מענטשן געמעגט זיין אזוי שלעכט קעגן אים?
די אַלטע האָט זיך שוין באַלד אויף אַן אמת דערשראָקן פאַר דעם דאָזיקן איבערמעכטיקן צער.
— זאָג, באָבעשי, זאָג, אַז דו האָסט נישט ריכטיק דער־ציילט! זאָג, אז ס'האָט זיך נישט אזוי פארענדיקט! זאָג, אז זיי זענען נישט געווען אזוי שלעכט קעגן דעם גוטן קיסר! זאָג, אז ער האָט יאָ באַקומען אַ מדינה אויף דער ערד!
זי האָט ארומגענומען די אַלטע מיט אירע אָרעמלעך און זי געבעטן מיט כסדר שטראָמענדיקע טרערן.
— קינד, קינד, האָט דאַן די באָבע געזאָגט, כדי זי צו טרייסטן, פאַראַן אַ זעלכע מענטשן וועלכע גלויבן, אַז ער וועט צוריקקומען. דאַן וועט ער ארונטערנעמען די ערד אונטער זיין ממשלה און ער וועט זיין איר פירער. ס'וועט דאַן ווערן אַ הערלעך קיניגרייך פון דער שיינער ערד, און דאָס קיניג־רייך וועט שטיין טויזנט יאָר. דאַן וועלן אַלע בייזע חיות ווערן גוט: קליינע קינדערלעך וועלן זיך שפּילן ביים נעסט פון גיפטיקע שלאַנגען, בערן, וועלף און קי וועלן זיך פּאַשען צוזאמען, קיינער וועט שוין מער נישט טון שלעכטס אָדער אומברענגען דעם צווייטן; די שפּיזן וועלן אויסגעבויגן ווערן אויף קאָסעס און די שווערדן וועלן איבערגעשמידט ווערן אויף אַקעראייזנס. און אַלץ וועט זיין שפּיל און פרייד, ווייל די צדיקים וועלן דאַן זיין די באַלעבאַטים איבער דער ערד.
ערשט דאַן האָט דאָס פּנימל פון דעם קליינעם מיידעלע אויפגעשיינט אונטער די טרערן.
— אָבער, וועט דאַן דער גוטער קיסר באַקומען אַ טראָן, באָבעשי?
— יאָ, קינדלעבן, אַ טראָן פון ריינעם גינגאָלד וועט ער באַקומען.
— און דינער און הויפלייט און אַ גאָלדענע קרוין?
— דאָס וועט ער אויך באַקומען.
— ווערט ער באַלד קומען צוריק, באָבעשי?
— קינדלעבן, קיינער ווייס נישט, ווען ער וועט קומען.

— וועל איך דאן מעגן זיצן אויף א בענקעלע נעבן זיינע פיס?

— יאָ דאָס וועסטו מעגן.

— באָבעשי, ס׳טוט מיר אזא הנאָה דערפון! — האָט די קליינע געזאָגט.

אָונט-ביי-אָוונט, א סך ווינטערן, זענען זיי אזוי ביידע געזעסן און געשמועסט וועגן דעם גוטן קיסר און זיין מדינה. די קליינטשיקע האָט סיי בייטאָג, סיי ביינאכט געחלומט וועגן דעם טויזנטיעריקן מלכות: זי א־ז נישט מיד געוואָרן צו באַפוצן עס מיט אלעם שיינעם, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט אויסטראכטן.

דאָס געשעט אָפט אזוי מיט די שטילע קינדער. זיי גייען ארום און טראָגן אין זיך א געהיימען חלום, וואָס זיי ווילן קיינעם נישט אויסזאָגן. אונטער פיל פון די געקרייזלטע קעפלעך וואוינען וואונדערלעכע מחשבות: די ברוינע, מילדע אייגעלעך זעען אָפטמאָל וואונדערלעכע זאכן אונטער די אראָפּגעלאָזטע וויעס. נישט איין שיינע יונגע פרוי האָט איר חתן אין הימל. נישט איין באלעבאָסטעלע מיט ראָזע בעקלעך וויל מיט שמן-זית איינרייבן די פיס פונם גוטן קיסר און זיי אָפּווישן מיט די האָר פון איר קאָפּ.

עבבאַ דאָנאַ האָט עס אויך נישט געוואגט אויסצוזאָגן פאַר עמיצן, אָבער זינט יענעם אָוונט האָט זי בלויז געלעבט פאר דעם טויזנטיעריקן קיניגרייך פונם הימלישן האַר, און נאָר כדי אָפּצוווארטן זיין אָנקומען.

ווען דער אָוונטרויט האָט אויפגעפראלט די הימלטויערן פון מערב, דאן האָט זי געטראכט, צי ער וועט איצט נישט אַמאָל ארויסטרעטן פון דאָרט, שטראלנדיק פון מילדן גלאנץ, באגלייט פון א מחנה פון מיליאָנען מלאָכים, און ער וועט פארבייגיין נעבן איר און איר דערלויבן, זי זאָל אָנרירן די זוים פון זיין מאנטל.

זי האָט אויך גערן געקלערט וועגן די פרומע פרויען, וועלכע האָבן אים ליב אזוי ווי זי, און וועלכע האָבן גע.

טראָגן אַ מאָנאשקעשלייער איבערן קאָפּ און קיינמאָל נישט אויפגעהויבן די אויגן פון דער ערד, נאָר זיך פארשלאָסן אין דער שטילקייט פון די גרויע קלויסטערס, אין דער חושכדי-קייט פון די קליינע קעמערלעך, כדי צו זען תמיד שטראַלנ-דיקע וויזיעס, וואָס טרעטן אפער פון דער נאכטפיגסטערניש פון דער אייגענער נשמה.

אָט אזוי איז זי אויפגעוואקסן, אזא איז זי געווען, בשעת זי און דער נייער הויז-לערער האָבן זיך באגעגנט אויף די פוסטע סטעזשקעלעך פונם באָרגישן פארק.

איך וויל אים נישט פאָרשטעלן אין אַ מיאוסער שיין, ווי איך מוז, און דעריבער וויל איך גלויבן, אז ער האָט ווירק-לעך געליבט דאָס דאָזיקע קינד, וואָס האָט אים באלד אויס-געקליבן אלס באגלייטער אויף אירע איינזאַמע שפאצירן. איך גלויב אפילו, אז זיין נשמה האָט ווידער באקומען אירע פליגל, בשעת ר'איז געגאנגען ביי דער זייט פונם דאָזיקן שטילן מיידל, וואָס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געהאט פארטרויט פאר עמיצן אנדערש. און איך קלער, אז ער האָט זיך אליין אויך ווידער געפילט אזוי גוט און פרום ווי א קינד.

נאָר אויב ער האָט זי טאקע געליבט, טאָ פאַרוואָס האָט ער נישט געטראכט וועגן דעם, אַז ער האָט איר נישט געקאָנט שענקען קיין ערגערע מתנה, ווי זיין ליבע? ער, — איינער פון די פארשטויסענע, וועלכער האָט זיך ממש געבאָדן אין עולם-הזה'דיקע גענוסן, וואָס האָט ער געוואָלט, וואָס האָט ער זיך געטראכט, בשעת ר'איז דאָרט געגאנגען ביי דער זייט פון דער גרעפישער טאָכטער? וואָס האָט דער דעגראדירטער גלח געטראכט, בשעת זי האָט אים אָנפארטרויט אירע פרומע חלומות? וואָס האָט ער געוואָלט, ער, וועלכער איז געווען א שיכור און א שלעגער און וואָלט עס ביי א געלעגנהייט ווי-דער געוואָרן... וואָס האָט ער געוואָלט פון איר, וועלכע איז ארומגעגאנגען און געחלומט וועגן א חתן אין הימל? פאר-וואָס איז ער נישט אנטלאָפן ווייט, ווייט פון איר? וואָלט דען נישט פאר איהם א סך גלייכער געווען, ווען ער וואָלט בעט-

לעבדיק און גנבענדיק ארומגעבלאָנדזשעט איבערן לאנד, איידער ער זאָל גיין איבער די שטילע אלעען פון נאָדלביימער און ווידער ווערן גוט און פרום, — דאן ווען ס׳האָט שוין סיי ווי נישט געקאָנט באַנייט ווערן דאָס לעבן, וואָס ער האָט ביז דעמאָלסט געפירט, און ווען ס׳האָט נישט געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, אז עבבאַ דאָנאַ זאָל אים אויך ליבן?

מיין נישט, אז ער האָט אויסגעזען ווי עפּעס א פארשיכורטער נפש מיט גרוי-בלאסע באקן און רויטע אויגן. ער איז נאָך אלץ געווען א הערלעכער מאנסביל, שיין און נישט צעבראָכן, סיי אין גוף, סיי אין דער נשמה. זיין געשטאלט איז געווען ווי פון א מלך און זיין גוף איז געווען שטארק ווי אייזן, נישט חרוב געוואָרן אפילו פון דעם ווילד-משוגענעם לעבן, וואָס ער האָט ביז דעמאָלסט געפירט.

אַננאַ שערנהעק איז אנטשוויגן געוואָרן.

— צי לעבט ער נאָך? פרעגט די גרעפין.

— אָ, ניין... ער איז שוין מסתמא טויט איצטער... ס׳איז שוין אזוי לאנג, ווי דאָס איז געשעען!...

אַננאַ שערנהעק באפאלט א שרעק פאר דעם, וואָס זי טוט איצט. זי באשליסט דעריבער צו האלטען בסוד דעם נאָמען פונם דאָזיקן מענטשן. אָ, ניין, זי וועט קיינמאָל נישט זאָגן דער גרעפין, ווער דער דאָזיקער מאן איז, וועגן וועלכן זי רעדט, זי וועט איר לאָזן גלויבן, אז ער איז שוין פון לאנג טויט.

— צו יענער צייט איז ער נאָך געווען יונג, הויבט אַננאַ ווידער אָן איר דערציילונג, די פרייד פון לעבן האָט זיך אין אים אויפסנייַ אָנגעצינדן, און ער האָט פארמאָגט די גאָב פון פלאמענדיקע ווערטער און א ברענענדיק, עמפינדלעך הארץ.

ס׳איז געקומען אן אָוונט, ווען ער האָט מיט עבבאַ דאָנאַן גערעדט וועגן ליבע. זי האָט נישט געענטפערט, נאָר זי האָט פאר אים בלויז איבערגעחזרט דאָס, וואָס איר באָבע האָט איר דערציילט אמאָל אין א ווינטער-אָוונט, און פאר אים

באשריבן דאָס לאַנד פון אירע חלומות. נאָכדעם האָט זי פון אים געבעטן דאָס וואָרט, אז ער וועט ווערן א פריידיקער פון גאָטס כבוד, איינער פון די, וועלכע וועלן מאכן א וועג פארן האַר פון די הימלען, אזוי אז דאָס אָנקומען פונם הימלישן קיניגרייך אויף דער ערד זאָל ווערן צוגעאיילט.

וואָס האָט ער געזאָלט טון? ער איז געווען אַ דעגראַ-דירטער גלח און קיין שום וועג איז פאר אים נישט אזוי פארמאכט געווען, ווי גראָד דער וועג, וועלכן זי האָט גע-וואָלט, ער זאָל באטרעטן. ער האָט אָבער נישט געוואגט איר צו זאָגן דעם אמת. ער האָט נישט געהאט קיין הארץ מצער צו זיין דאָס דאָזיקע איידעלע קינד, וואָס ער האָט געליבט. ער האָט דעריבער איר צוגעזאָגט אלץ, וואָס זי האָט געוואָלט.

דערנאָך איז שוין נישט נויטיק געווען קיין סך ווער-טער צווישן זיי ביידע. ס'איז געווען קלאָר, אז זי וועט אמאָל ווערן זיין ווייב. דאָס איז נישט געווען קיין ליבע מיט קושן און גלעטן. ער האָט קוים געוואגט זיך דערנענטערן צו איר. זי איז געווען פילבאר, ווי א צארטע בלום. אָבער אירע ברוינע אויגן האָבן זיך טיילמאָל אויפגעהויבן צו זוכן זיינע בליקן. אין ליכטיקע לבנה-אָוונטן, בשעת זיי זענען זאלבע-באנד געזעסן אויף דער ווערעאנדע, האָט זי זיך צוגערוקט גאָר נאָענט און זיך געטוליעט צו אים, און דאן האָט ער געקושט אירע האָר, נאָר זי האָט עס נישט באמערקט.

אָבער די פארשטייסט דאָך, אז זיין זינד איז באשטאנען אין דעם, וואָס ער האָט פארגעסן סיי אין דער פארגאנגענהייט און סיי אין דער צוקונפט. אז ער איז געווען אָרים און פון נידריקן שטאנד, — דאָס זעסטו, האָט ער אפילו יאָ געהאט א רעכט צו פארגעסן, אָבער ער האָט געדארפט וויסן, אז ס'מוז קומען א טאָג, ווען אין איר נשמה וועט זיך ל־בע צעבונטעווען קעגן ליבע, ערד קעגן הימל און דאן וועט זי געצווונגען זיין אויסצוקלייבן צווישן אים און דעם שטראלנדיקן הימלישן האר פונם טויזנטיעריקן קיניגרייך. זי האָט אָבער נישט געהאט קיין כוחות אויסצוהאלטן אזא קאמף.

און אָט איז אוועק א זומער, א הארבסט, א ווינטער. ווען דער פרילינג איז געקומען און דער אייז איז צעגאנגען, איז עבבאַ דאָנאַ קראנק געוואָרן. אין די טאָלן איז די געפרוירענע ערד אָפּגעגאנגען, ביי די בערגלעך איז דער אייז אָנגעלאָפן מיטן אראָפּשטראָמענדיקן וואסער, די צעגאָסענע טייכן האָבן געדונערט ווי וואסערפאלן, און איבער די וועגן איז נישט מעגלעך געווען צו פאָרן נישט מיט קיין שליטן און נישט מיט קיין פור.

אין אזא צייט האָט עס די גרעפין געוואָלט שיקן נאָך א דאָקטאָר פון קאַרלשטאַד. נענטער איז נישט געווען צו באַקומען א צווייטן דאָקטאָר. אָבער אומזיסט זענען געווען אירע באפעלן. ביי קיינעם פון די דינער האָט זי נישט געקאָנט פועלן צו פאָרן, נישט מיט תחנונים און נישט מיט דראָאונגען. זי איז געפאלן אויף די קני פארן קוטשער, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט אזש באקומען קראמפּן און קאָנוואולסעס פון צער. יאָ, עליזאַבעט, די גרעפין מערטאַ איז ווילד אין איר פרייד, ווי אין איר לייד.

עבבאַ דאָנאַ איז געלעגן קראנק אויף א לונגען-אָנצינדונג, איר לעבן איז געווען אין סכנה, און קיין דאָקטאָר האָט מען נישט געקאָנט רופן.

דער הויז-לערער איז געווען דער איינציקער, וועלכער האָט דעמאָלסט געוואגט צו פאָרן קיין קאַרלשטאַד, הגם ער האָט געוואוסט, אז צו מאכן די דאָזיקע נסיעה הייסט זיך שפּילן מיטן לעבן. ער האָט געמוזט אדורכפאָרן איבער האלזברעכנדיקע הויפנס אָנגעטורעמטן אייז. טיילמאָל האָט ער פארן פערד געמוזט אויסהאקן שטיגן אינם אייז, טיילמאָל ווידער אים ארויסשלעפּן פון דער טיפער בלאָטע אויפן וועג. ס'איז נאָכדעם ארומגעגאנגען אַ קלאַנג, אז דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן, נאָר יעסטאַ האָט אים מיט אַ פּיסטאָלעט אין האנט געצוואונגען מיטצופאָרן.

ווען ער איז צוריקגעקומען, אין די גרעפין געווען גרייט צו פאלן אים צו די פיס.

— נעמט אלץ, האָט זי געזאָגט. זאָגט וואָס איר ווינטשט, וואָס איר פארלאנגט, מיין טאָכטער, מיין הויף, מיין געלט!

אייער טאָכטער, האָט דער הויז-לערער געענטפערט.

אַננאַ שערנהעק ווערט מיט אמאָל שטיל.

— נו, און שפעטער... און שפעטער? פרעגט די גרעפין עליזאַבעט.

— ס'מעג שוין זיין גענוג! ענטפערט אַננאַ.

זי געהער צו די אָרימע מענטשן וועלכע ווערן כסדר גע-פייניקט פון ספקות. זי ווייס נישט, וואָס זי וויל. דאָס וואָס ס'ווייזט זיך איר איינמאָל אויס יושרדיק, איז אין א ווײַלע ארום נישט יושרדיק. איצט ווינטשט זי זיך, אז הלוואי וואָלט זי קיינמאָל נישט געווען אָנגעהויבן צו דערציילן די דאָזיקע מעשה.

— איך הויב שוין אָן צו גלויבן, אז דו ווילסט זיך רייצן מיט מיר, אַננאַ, זאָגט די יונגע גרעפין מיט פארביטערונג. פארשטייסטו דען נישט, אז איך מוז הערן דעם סוף פון דער דאָזיקער מעשה?

— ס'איז שוין נישטאָ קיין סך צו דערציילן.— די שעה פון אינערלעכן קאמף איז אָנגעקומען פאר דער יונגער עבבאַ דאָנאַ. ליבע האָט זיך צעבונטעוועט קעגן ליבע, ערד קעגן הימל.

די גרעפין מערטאַ האָט איר דערציילט וועגן דער וואונ-דערלעכער נסיעה, וואָס דער לערער האָט פאר אירעטוועגן געמאכט, און זי האָט איר געזאָגט, אז זי האָט אים אלס שכר דערפאר געשענקט די האנט פון איר טאָכטער.

די יונגע עבבאַ האָט זיך שוין דעמאָלסט געפילט אויף אזוי פיל בעסער, אז זי איז אָנגעטוענערהייט געלעגן אויף א סאָפע. זי איז געווען זייער מאט און בלאס און נאָך שווייגנ-דיקער ווי זי פלעגט פריער זיין.

בשעת זי האָט דערהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט זי מיט פאָרוואורף געווענדעט אירע ברוינע אויגן צו איר מוטער און געזאָגט:

— מאמע ווי האָסטו מיך געקאָנט אוועקגעבן צו א

דעגראדירטן גלח, צו איינעם, וועלכער האָט פארלוירן דאָס רעכט צו זיין א דינער פון גאָט, צו א מענטשן, וועלכער איז אמאָל געווען א גנב און א שלעפּער?

— אָבער, קינד מיינס, ווער האָט עס דיר געזאָגט? איך האָב געמיינט, אז דו ווייסט פון גאָרנישט.

— איך האָב זיך עס צופעליק דערוואוסט. איך האָב גע-הערט ווי דיינע געסט האָבן גערעדט דערפון אין דעם זעלבן טאָג, ווען איך בין קראנק געוואָרן.

— אָבער, קינד, האָב אין זינען, אז ער האָט דיר גע-ראטעוועט דיין לעבן!

איך האָב אין זינען בלויז דאָס, אז ער האָט מיך אָפּ-גענארט. ער האָט מיר באדארפט זאָגן, ווער ער איז.

— ער זאָגט, אז דו ליבסט אים.

— איך האָב אים פריער טאקע געליבט. איך קאָן אָבער נישט ליבן דעם, וועלכער האָט מיך אָפּגענארט.

— ווי אזוי האָט ער דיך אָפּגענארט?

— דאָס וועט די מאמע נישט פארשטיין.

זי האָט נישט געוואָלט רעדן מיט איר מוטער וועגן דעם טויזנטיעריקן קיניגרייך פון אירע חלומות, וואָס איר געליבטער האָט געזאָלט העלפן צו פארווירקלעכן.

— עבבאַ, האָט די גרעפין מערטאַ געזאָגט, אויב דו ליבסט אים, דארפסטו נישט קוקן אויף דעם, וואָס ער איז געווען, נאָר דו זאָלסט מיט אים חתונה האָבן. א מאן פון דער גרעפין דאָנאַ וועט זיין גענוג רייך און מעכטיק, אז מען זאָל אים מוחל זיין זיינע יוגנטזינד.

— איך קימער מיך נישט וועגן זיינע יוגנטזינד. אָבער איך וויל נישט חתונה האָבען מיט אים דערפאר, ווייל ער וועט זיך נישט קאָנען ווידמען פאר מיין זאך.

— עבבאַ, געדענק, אז איך האָב אים געגעבן מיין וואָרט!

דאָס מיידל איז געוואָרן טויט-בלאס.

— מאמע, איך זאָג דיר, אז אויב דו וועסט מיך חתונה מאכן מיט אים, דערוויטערסטו מיך פון גאָט.

— איך האָב באשלאָסן אויפצובויען דיין גליק, זאָגט די גרעפין מערטא און איך בין זיכער, אז דו וועסט זיין גליקלעך מיט דעם דאָזיקן מאן. ס'האָט דאָך דיר שוין אָפּגע־גליקט צו מאכן פון אים ממש א הייליקן. איך האָב באשלאָסן נישט צוקוקן אויף אָפּשטאמונג און שטאנד, און צו פארגעסן, אז ער איז אָרים און פאראכטעט, כדי דיר צו געבן די גע־לעגענהייט אים פולשטענדיק צו רעאבּיליטירן. איך פיל, אז איך טו דאָס, וואָס ס'איז יושרדיק. דו ווייסט דאָך, אז איך פאראכט אלע אלטע פאָראורטיילען!

אָבער דאָס אלץ האָט זי געזאָגט בלויז דערפאר, ווייל זי פארליידט נישט, אז עמיצער שטעלט זיך אקעגן איר ווילן. און אפשר האָט זי עס דעמאָלסט טאקע אויפריכטיק געמיינט, די גרעפין מערטאַ איז נישט אזוי לייכט צו פארשטיין.

דאָס יונגע מיידל איז נאָך א לאנגע ווײלע געבליבן ליגן אויף דער סאָפע, נאָכדעם ווי די גרעפין מערטאַ האָט זי פארלאָזן. זי האָט זיך געראנגלט מיט זיך אליין. ערד האָט זיך צעבונטעוועט קעגן הימל, ליבע קעגן ליבע. אָבער דער געליבטער פון א ר יוגנט איז געבליבן דער זיגער. דאָרט וואו זי איז געלעגן, — טאקע דאָ אויף דער דאָזיקער סאָפע, האָט זי דעם הימל פון מערב געזעען גליען פון א פראכטפולן זון־אונטערגאנג. זי האָט געטראַכט, אז דאָס איז מסתמא א גרוס פונ'ם הימלישן קיסר און זי האָט געפילט, אז זי וואָלט אים נישט געקאָנט פארבלייבן געטריי, אויב זי וואָלט ווייטער געלעבט, האָט זי דעריבער באשלאָסן צו שטארבן. זי האָט נישט געהאט קיין אנדערע ברירה, בעת איר מוטער האָט דווקא געוואָלט, זי זאָל געהערן צו דעם מאן, וועלכער האָט נישט געקאָנט ווערן קיין דינער פונ'ם גוטן קיסר.

זי איז צוגעגאנגען צום פענסטער, אויפגעעפנט עס און געלאָזט די קאלטע, פייכטע לופט פונם פארנאכט אדורכנעמען איר שוואכן גוף.

ס'איז פאר איר געווען גאנץ גרינג צו ברענגען אויף זיך דעם טויט, דאָס איז געווען אַ זיכערע זאַך, ווײַבאַלד די קראַנקהייט וועט זיך אויפסנײַ איבערחזרן, און אַזוי איז עס טאַקע געשען.

קיינער חוץ מיר ווייס נישט, אַז זי אַליין האָט געזוכט דעם טויט, דו הערסט עליזאַבעט? איך האָב זי געפונען בײַם אָפענעם פענסטער. איך האָב געהערט, ווי זי האָט גערעדט פון היץ. זי האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זײַן נעבן איר די לעצטע טעג אירע.

איך האָב זי געזען שטאַרבן, געזען ווי זי האָט אין אָוונט אויסגעשטרעקט אירע הענט צום רויט־גליענדיקן מערב און געשטאָרבן מיט אַ שמייכל אויף איר צאַרט פּנימל, ווי זי וואָלט עמיצן געזען גיין איר אַקעגן פון פאַרבנפּראַכט פון דער אונטערגייענדיקער זון. איך האָב אויך געמוזט אי־בערגעבן איר לעצטן גרוס דעם, וועמען זי האָט פריער געליבט. איך האָב אים געזאָלט בעטן, ר'זאָל איר מוחל זײַן, וואָס זי האָט נישט געקאָנט ווערן זײַן ווײַב, ווײַל דער גוטער קיסר האָט עס נישט דערלאָזט.

איך האָב אָבער נישט געוואַגט צו זאָגן דעם דאָזיקן מענטשן, אַז ער איז געווען איר מערדער. איך האָב נישט געוואַגט צו לייגן די לאַסט פון אַזאַ פּיין אויף זײַנע פּלייצעס. אָבער זאָג דו אַליין, צי איז ער נישט, צוליב דעם טאַקע, וואָס ער האָט אויסגענאַרט איר ליבע, געווען איר מערדער? צי איז ער דאָס נישט געווען, עליזאַבעט?

די גרעפין דאַנאַ האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו גלעטן די בלויע בלימעלעך. איצטער הויבט זי זיך אויף און דאָס בוקעטל פאַלט צו דער ערד.

— אַננאַ, דו טרײַבסט נאָך אַלץ קאַטאָוועס מיט מיר! רופט זי אויס בייז, דו זאָגסט, אַז די מעשה איז שוין אַן אַלטע, און אַז דער דאָזיקער פאַרשוין איז שוין פון לאַנג טויט. אָבער איך ווייס, אַז ס'איז נאָך נישט קיין גאַנצע פינף יאָר, זינט עבאַ דאַנאַ איז געשטאָרבן, און דו זאָגסט, אַז די

אַליין האָסט דאָס אַלץ בייגעוואוינט. דו ביזט דאָך אָבער אויך נאָך נישט קיין זקנה! זאָג מיר ווער דער דאָזיקער פאַרשוין איז?

אַננאַ שערנהעק האָט זיך צעלאַכט.

— דו האָסט דאָך געוואָלט, כ׳זאָל דיר דערציילן א ליבע־געשיכטע. איצטער האָב איך דיר דערציילט אזא מעשה, וואָס האָט דיך געקאָסט טרערן און אומרו!

— הייסט עס, אז דו האָסט געזאָגט א ליגן?

— טאקע, נישט עפּעס אנדערש ווי בלויז אויסטראכ־טעניש און שקר פון אָנהויב ביזן סוף!

— סאַראַ שלעכטע דו ביזט, אַננאַ! ווי אזוי קאָנסטו עס גאָר זאָגן אזוי פיל ליגן?

— ס׳קאָן זיין. איך בין אויך נישט אזוי גליקלעך, מוז איך דיר זאָגן, אָבער די פרויען האָבן שוין אויפגעוואכט און די הערן זענען שוין צוריק אריינגעקומען אין סאלאָן. לאָמיר אויך אריינגיין.

אויף דער שוועל פארהאלט זיי יעסטאַ בערלינג.

— מיינע דאמען, איר מוזט מיר שענקען א ביסעלע געדולד, זאָגט ער לאכנדיק, איך וועל אייך נישט אויפהאלטן מער ווי א צען מינוט. אויב איר וועט מיר דערלויבן, וועל איך אייך לייענען מיינס א ליד.

ער האָט זיי דערציילט, אז אין דער פארגאנגענער נאכט האָט ער געזען אזא בולטן חלום, ווי זעלטן ווען... ס׳האָט זיך אים געחלומט, אז ער שרייבט לידער. מענטשן רופן אים „פּאָעט", הגם ער האָט ביז איצט אומשולדיק געטראַגן דעם דאָזיקן צונאָמען, ווייל ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזינדיקט מיט קיין איין שורהלע פּאָעזיע. אָבער אין מיטן דער נאכט איז ער אויפגעשטאנען און האלב שלעפעריק אָנגעהויבן שרייבן. אין דער פרי האָט ער געפונען א גאנצע פּאָעמע ליגן אָנגע־שריבן אויף זיין טיש. ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט געגלויבט אזוינס אויף זיך אליין. איצט זאָלן עס די דאמען הערן.

און ער לייענט:

די לבנה איז אויפגעגאנגען, און מיט איר איז געקומען
די זיסע ווײַלע פון מעת=לעת,

פון דעם קלאָרן, בלאַס-בלויען, הויכן הימל=געצעלט
האָט זי געגאָסן איר ליכט אויף אַ וועראַנדע, צוגעשלענגט
מיט ווילד=ווײַן=רײַפן.

וואָס צופֿיסנס פון איר ס'האָט אין אַן אורנע געציטערט פון נאַכטישער קעלט,
אַ גאָל=רויטע ליליע, ווּעמענס בעכער איז באַזוימט מיט גאָלדענע שטרײַפן.
אויפן הארטן באָדן פון די ברייטע שטיגן
האָבן מיר זיך, סיי אַלטע, סיי יונגע, אויסגעזעצט אין ברייטע רינגען,
מתחילת שטיל=ווייגנדיקע, כּדי דערנאָך צו לאָזן די געפילן זינגען
די אַלטע לידלעך פונם האַרצן, אין דער זיסע ווײַלע פון מעת-לעת.

פון דער רעזעדאַ-גרופּע האָט זיך צו אונז פֿאַרשפרייט אַ זיסער ריח.
און ארום די אַלטאַנקעס, פון די פינסטערע קוסטעס אַרויס,
האָבן זיך שאָטנס געשאַרט איבער אַ גלאַנציקן טוי=באַשפּריצטן גראָז-פליין
פון דער הושכדיקייט פון די גופים רופט דער גייסט זיין בענקשאַפט אויס
צום רוים פון ליכט, צו די געגנטן, וואָס ער צומאָלסט קאָן נישט פאַרשטיין,
צום ליכטיקן, בלאַס=בלויען, הויכן געוועלב,
וואָס אין זיין העלקייט קוים=וואָס מען דערזעען קאָן אַ שטערן:
אָ, ווער קאָן זיך פֿאַר דער וואַקכאַנאַליע פון די געפילן אָפּווערן
ביים שפּיל פון די שאָטנס פון דער נאַכט, ביי דער רעזעדאַס
ערפּול זיסן ריח?

אַ פּראָוואַנס=רויז האָט שטיל אַראָפּפאַרלוירן איר לעצטן בלאַס=
געוואָרענעם קרוין-בלעטעלע, —
און נישט דאָס שפּיל פונם ווינט האָט צום דאָזיקן קרבן זי
געצוויט מיט צוואַנג.
אָט אַזוי, — האָבן מיר געטראַכט — וואָלטן מיר אונזער
לעבן געוואָלט האָבן פאַרלאָרן,
פאַרשווינדן אין דער לופט ווי פון טענער דער קלאַנג,
ווי די פֿאַרגעלטע בלעטער אין האַרבסט צו גאָרנישט געוואָרן.
אָ, מיר ציען אָבער אויס פון יאָרן די ריי,
שטערן דעם פרידן אין דער נאַטור, כּדי צו געניסן פונם טעות פון לעבן.
בלויז דער טויט איז דאָך פאַרן לעבן דער שכר, טאָ לאָמיר
עס שטיל אויפגעבן
ווי אַ פּראָוואַנס=רויז וואָס שטיל פאַרלירט אַראָפּ איר לעצטן
בלאַס=געוואָרענעם קרוין-בלעטעלע,

אויף זיין פלאטערנדיקן פליגל אַ פלעדערמויז איז נעבן אונז געפלויגן פאַרביי,
געפלויגן און ווידער געזעען געוואָרן דאָרט וואו די לבנה
האָט געוואָרפן איר שיין.
אָבער דאַן איז אויפגעשטאַנען פונם פאַרקלעמטן האַרץ
די פראַגע, וואָס נאָך קיינער האָט נישט פאַרענטפערט איר מיין,
די פראַגע, אַזוי שווער ווי דער צער, די פראַגע, אַזוי אַלט ווי דער שמאַרץ:
„בעת איבער דער גרינער ערד מיר וועלן נישט מער אַרומוואָגלען,
אָ, וואוהין גייען מיר דאַן, אויף וואָסער וועגן וועלן מיר דאַן וואַנדערן?"
צי דעם וועג פון גייסט, קאָן דען עמיצער ווייזן פאַר אַן אַנדערן,
פיל לייכטער וועט ער דעם וועג ווייזן פאַר דער חיה וואָס
האָט נאָר-וואָס נעבן אונז געפלאַטערט פאַרביי

זי האָט אויף מיין אַקסל אַוועקגעלייגט איר קאָפּ, אירע סאַמעט-ווייכע האָר
זי, וועלכע האָט מיך געליבט, און זי האָט שטיל געשעפּטשעט צו מיר:
„גלויב דאָך נישט, אַז די נשמות צו ווייטע רוימען זיי פליען,
ווען איך בין געשטאָרבן, גלויב נישט, אַז ווייט בין איך דאַן פון דיר
אין אַ נשמה פון אַ געליבטן מענטשן וועט זיך מיין הימלאָ-
זער גייסט אַריינציען
און איך וויל קומען און ביי דיר וואוינען.
אָ, סאַראַ פּחד! פּין צער האָט מיין האַרץ נישט געפּלאַצט שיר.
זי וועט הייסט עס שטאַרבן, שטאַרבן באַלד. צי איז דאָס
די לעצטע נאַכט געווען פאַר איר?
צי האָב איך שוין דעם לעצטן קוש געגעבן מיין געליבטעס
פאַליענדיקע סאַמעט-ווייכע האָר?,

* *
*

יאָרן זענען שוין זינט דעמאָלסט אַוועק, און דאָך זיץ איך נאָך טיילמאָל
אויף דעם אַלטן אָרט, בשעת די נאַכט איז פינסטער און שטיל.
ס'פיבערט מיך פון דער לבנה-שיין אויף אַ ווערענדע,
אַרומגערייפט מיט ווילד-וויין.
זי, נאָר זי אַליין ווייסט ווי אָפט דאָרט איך האָב מיין
ליבלינג אין לבנה-נעכט געקושט אַזוי פיל,
זי, וועלכע פלעגט אַריינמישן איר ציטערדיקע שיין
צווישן די טרערן, וואָס זענען אַראָפּגעפלאָסן אויף מיין געליבטעס האָר.
ווי איז צום פיין פון זכרון! אָ, דאָס איז דער פיין פון
מיין אָרימען, זינדיקן גייסט דעם שטיין-האַרטן.
וואָס ער איז איר היים! סאַראַ שטראָף קאָן וואָגן צו דערוואַרטן
דער, וועלכער האָט צו זיך געבונדן אַ נשמה אַזאַ ריינע,
אַזאַ זינד-פרייע, אַמאָל?

— יעסטאַ, זאָגט אַננאַ אין א שפּאסיקן טאָן, הגם איר האלז ווערט פשוט צוזאמענשיגעשבוונט פון פחד, מען זאָגט וועגן דיר, אז דו האָסט איבערגעלעבט א סך מער פּאָעמעס ווי אנדערע,— וועלכע האָבן זייער גאנץ לעבן נישט געטון קיין שום אנדער זאך — ווי נאָר געדיכטעט, אָבער ווייסט דו וואָס איך וועל דיר זאָגן,— דו וואָלסט געטון אמבעסטן ווייטער צו דיכטן אויף דיין פּריערדיקן שטייגער. דאָס איז בלויז אויסגעמאטערטע נאכט-ארבעט, דאָס זאָג איך דיר!

— דו ביזט נישט קיין מילדער שופט!

— אן איינפאל דאָס איז, גראָד איצטער צו לייענען אונז אזוינס וועגן טויט און עלנט! שעמען וואָלסטו זיך געמעגט!

יעסטאַ הערט שוין נישט, וואָס זי זאָגט. ער ווענדעט זיינע אויגן צו דער יונגער גרעפין. זי זיצט שטייף און אומבאוועגלעך ווי א סטאטוע. ער מיינט, אז אָט-אָט חלשט זי.

אָבער מיט אומענדלעכער אָנשטרענגונג באקומט זי לסוף ארויס איין איינציק וואָרט איבער אירע ליפּן.

— גיי! זאָגט זי.

— ווער זאָל גיין? זאָל איך גיין? פרעגט יעסטאַ איבער, נישט גלויבנדיק זיינע אייגענע אויערן.

— דער פארטריבענער גלח זאָל גיין! שטאמלט זי קוים ארויס.

— עליזאַבעט, זיי שוין שטיל! רופט-אויס אַננאַ.

— דער פארשכורטער גלח זאָל ארויס פון מיין הויז!

— אַננאַ, אַננאַ, פרעגט ער, וואָס מיינט זי?

— ס׳בעסטע וואָלט געווען, זאָלסט אוועקגיין פון דאנען, יעסטאַ.

— אָבער פארוואָס זאָל איך אוועקגיין? וואָס זאָל דאָס אלץ באטייטן?

— אַננאַ, זאָגט שטילערהייט די גרעפין, זאָג אים, זאָג אים... !

— ניין, גרעפין, זאָג דו אליין!

די גרעפין פארבייסט די ליפּן און באהערשט איר אויפרעגונג.

— הער בערלינג, זאָגט זי און גייט־צו נענטער צו אים. איך מוז אייך זאָגן, אז איר באזיצט א מערקווירדיקע פֿעאיקייט צו מאכן אזוי, אז מענטשן זאָלן פארגעסן ווער איר זענט. איך האָב זיך עס ערשט היינט דערוואוסט. איך האָב נאָר־וואָס געהערט דערציילן וועגן עבבאַ דאָנאַס טויט, און אז געשטאָרבן איז זי מחמת זי האָט זיך דערוואוסט, אז זי האָט געליבט אן אומווירדיקן מענטשן. אייער פּאָעמע האָט מיר געגעבן צו פארשטיין, אז דער דאָזיקער מענטש — זענט איר געווען. איך קאָן לחלוטין נישט פארשטיין, ווי אזוי א מענטש מיט אזא פארגאנגענהייט קאָן זיך נאָך ווייזן אין געזעלשאפט פון אן אָרנטלעכער פרוי. איך קאָן דאָס טאקע נישט פארשטיין, הער בערלינג, דאכט זיך, אז איך רעד שוין איצט גענוג דייטלעך?

— יאָ, גרעפין, איך וויל בלויז זאָגן איין וואָרט צו מיין פארטיידיקונג. איך בין געווען איבערצייגט, — די גאנצע צייט פון אונזער באקאנטשאפט בין איך געווען איבערצייגט, אז איר ווייסט אלץ וועגן מיר. איך האָב זיך קיינמאָל נישט באמיט צו באהאלטן עפּעס, אָבער איר פארשטייט דאָך, אז ס'איז א קנאפּער פארגעניגן פאר א מענטשן צו הערן אויסרופן אויף אלע וועגן די ביטערסטע אומגליקן פון זיין לעבן, בפרט נאָך צו טון עס אליין.

דערמיט גייט ער אוועק פון באָרג.

אין דער זעלבער רגע שטעלט ארויף די גרעפין דאָנאַ איר שמאָל פיסל אויפן בוקעטל מיט די בלויע שטערנדלעך.

— דו האָסט איצט געטון דאָס, וואָס איך האָב טאקע געוואָלט, זאָגט אַננאַ שערנהעק מיט א הארבן טאָן צו דער גרעפין, אָבער איצט איז אויך געקומען א סוף צו אונזער פריינטשאפט! דו זאָלסט נישט מיינען, אז איך קאָן דיר מוחל זיין, וואָס דו ביזט ערשט קעגן אים אזוי ברוטאל געווען. דו האָסט חוזק געמאכט פון אים, יאָ, דו האָסט אים טיף באליידיקט און פארטריבן פון דיין היים. און איך, איך וואָלט מיט אים מיטגעגאנגען אפילו אין תפיסה אריין, אָדער צום שאנדסלופ, — אויב ס'וואָלט אזוי אויסגעקומען! איך וועל

אים אָפּהיטן פון אלע סכנות, איך וועל וואכן איבער אים, ווי א געטרייע שוועסטער! דו האָסט טאקע געטון וואָס איך האָב געוואָלט, נאָר איך וועל עס דיר פאָרט קיינמאָל נישט מוחל זיין!

— אָבער אַננאַ, אַננאַ וואָס מיינסטו דערמיט!...

— אויב איך האָב עס דיר דערציילט, זאָגט אַננאַ, מיינסטו אפשר, אז איך האָב דאָס געטון מיט א פריילעך געמיט? איך בין דאָ געזעסן און שטיק נאָך שטיק געריסן דאָס הארץ פון מיין ברוסט!

— טאָ פארוואָס האָסטו עס געטון?

— פארוואָס?... דערפאר, פארשטייסטו מיך, וואָס איך האָב נישט געוואָלט... נישט געוואָלט, אז ער זאָל ווערן דער געליבטער פון אַ פאַרהייראַטער פרוי...

.15

## מאמזעל מאריע

שאַ, שטיל... איך בעט אייך, זייט שטיל!...

עס זשומעט מיר עפּעס איבערן קאָפּ. ס'איז מסתּמא א בין, וואָס קומט צופליען. אָבער, ניין... אָ, זייט נאָר שטיל א ווײַלע!... טוט אָקאָרשט אַ שמעק. סארא הערלעכער ריח! איך וואָלט געמעגט שווערן—עס שמעקט מיט לעווקאָניעס, לאַווענדע, בעז און נאַרציזן! ס'איז א מחיה צו דערפילן אזא ריח אין א גרויען הארבסטיקן אָוונט, אין מיטן שטאָט.

ווען איך טו נאָר א שטעל אוועק א געוויס געבענטשט שטיקל ערד פאר מײַנע געדאנקען, הויבט עס באלד אָן צו זשומען און דופטן אַרום מיר, און איך קלויב זיך באלד אומבאמערקט אריבער אין א קליין פּירקאַנטיק רויזנגערטנדל, וואָס איז אָנגעפילט מיט בלומען און באשיצט ארום און ארום פון קוסטעס. אין די עקן שטייען בעז-אַלטאַנקעס מיט שמאָלע הילצערנע בענקעלעך. און אַרום די בלומענבייטעלעך, וואָס האָבן די פאָרם פון הערצער און שטערנס, לויפן שמאָלע סטעזשקעלעך, באַשאָטן מיטן ווייסן ים-זאַמד. פון דריי זייטן איז דאָס גערטנדל אַרומגערינגלט פונם וואַלד. צום נאָנטסטן שטייען די יאַזשעמבינעס, וואָס האַרבסטצייט שעמערירן זיי מיט זייערע שרייעדיק-רויטע קרעלן, און אויך דער יאַשמין, און זייערע ריחות מישן זיך אויס מיטן ריח פונם בעז. הינטער זיי שטייען עטלעכע רייען בזשאָזעס, און נאָכדעם

הויבט זיך שוין אָן דער נאָדלוואלד, דער אמתדיקער הויכ־שטאמיקער וואַלד—אזא שטילער און פינסטערער און שטעכיקער, און מיט אַ באָרד פון מאָך!

און אויף דער פירטער זייט שטייט אַ קליין גרוי שטיבעלע.

דאָס רויזן־גערטנדל, וועגן וועלכן איך טראכט אצינד, איז מיט א זעכציק יאָר צוריק געווען דאָס אייגנטום פון דער אַלטער פרוי מאָרעאוס פון סוואַרטזשעי, וועלכע האָט זיך מפרנס געווען פון אויסהעפטן בעטצודעקן פאר די פּויערים, און אויף שמחות איז זי געגאַנגען צו זיי אהיים קאָכן זייערע מאכלים.

ליבע פריינט! איך ווינטש אייך אלדאָס גוטס, אָבער קודם־כל א קראָשנע און אזא רויזנגערטנדל. די קראָשנע זאָל זיין אן אלטמאָדישע, א גרויסע, ס׳זאָלן אויף איר קאָנען העפטן א פינף, זעקס פערזאָן אויף אַ מאָל, ווייל אזוי־ארום קאָן מען גיין אין א געוועט, ווער ס׳וועט שנעלער נייען און מאכן שענערע שטעך — אפילו, אויף דער לינקער זייט, און בשעת מעשה עסט מען געבראָטענע עפּעלעך, מען ווילט זיך מיט פארשיידענע וואָרט־שפּילערייען, און מען לאַכט דערביי אזוי הילכיק, אז די וועווריקלעך פאלן פון גרויס שרעק פון די צווייגן אראָפּ. די קראָשנע ווינטש איך אייך אויף ווינטער, ליבע פריינט, און דאָס רויזנגערטנדל אויף זומער! איך וויל נישט פאר אייך א גרויסן גאָרטן, וואָס פארשלינגט פיל מער געלט ווי דאָס גאנצע פארגעניגן איז ווערט... ניין, טאקע אזא קליין גערטנדל, וואָס מען קאָן אליין באארבעטן און וואָס מען פלעגט אין פריערדיקע צייטן רופן א „רויזן־קווארטירל!" קליינע קוסטעלעך פון דאָרנרויזן מוזן דאָרט שטיין אויף די בייטלעך און א קראנץ פון פארגעסמיכנישט מוז זיך שלענגלען צופוסנס פון זיי. און דער גרויס־בלעטערדיקער מאָן, וואָס וואקסט אליין וואו מען זייעט אים נישט, מוז אומעטום ארויפ־קריכן ביי די ראנדן פונם גראָזפלאן, אָדער אין מיטן זאמד־סטעזשקעלע. און דאָרט מוז זיך אויך געפינען א באנק פון טאָרף, וועלכע איז ברוין פון דער זון און אויף וועלכע ס׳וואקסן קאָניטשינע און לופּטלעך סיי אויפן אָנלען, סיי אויפן זיץ־אָרט.

די אַלטע פרוי מאַרעאיס האָט פאַרמאָגט אַלערליי זאַכן. זי איז געווען געבענטשט מיט דריי פריילעכע, אַרבעטזאַמע טעכטער, און געווען די באַלעבאָסטע פון אַ קליין הייזל ביים סאַמע וועג. זי האָט געהאַט אַן אָפּגעשפּאָרטן גראָשן, וואָס איז געלעגן אויפן דעק פונם קופערט, גראָבע זיידענע שאַלן, פּאָטעלן מיט הויכע, גלייכע אָנלענס און דערצו אַ ידיעה אין פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זענען זייער נוצלעך צו וויסן, בפרט פאַר אַ פרוי, וועלכע מוז זיך אַליין מפרנס זיין.

אָבער דאָס בעסטע פון אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט זענען געווען די גרויסע קראָשנעס, וואָס האָבן איר געגעבן פּרנסה אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר, און אויך איר רויזנגערטנדל וואָס האָט איר זומערצייט געשאָנקן פיל פרייד און פאַרגעניגן.

איצטער דאַרף איך נאָר צוגעבן, אַז ביי פרוי מאַרעאוס האָט אין אַ בוידעמשטיבל געוואוינט אַן איינזאַמע שכנה. זי איז געווען אַן אַלטע, פּערציקיעריקע בתולה, אַ קליינע, אַ דאַרע, און גערופן האָט מען זי מאַמזעל מאַריע. זי האָט זיך געהאַט אירע אייגענע השגות וועגן פאַרשיידענע ענינים אין לעבן, ווי ס'איז אָפט מיט איינזאַמע מענטשן, וועלכע מוזן אומאויפהערלעך טראַכטן וועגן דעם, וואָס זייערע אייגענע אויגן זעען.

מאַמזעל מאַריע האָט געגלויבט, אַז ליבע איז די סבה פון אַלדאָס שלעכטס און ביזוויליקס אויף אונזער צער-פולער וועלט.

יעדן אָוונט, איידער זי איז איינגעשלאָפן, פלעגט זי צונויפלייגן אירע הענט און זאָגן „פאָטער אונזער" און דערנאָך די אָוונט-תפילה, וועלכע זי פלעגט פאַרענדיקן מיט אַ געבעט צו גאָט, אַז ער זאָל זי אָפּהיטן, זי זאָל נישט אַמאָל חלילה געשטרויכלט ווערן מיט ליבע.

— איך וואָלט מער נישט געהאַט דערפון ווי צרות און לייד, פלעגט זי זאָגן. צו וואָס טויג מיר ליבע? כ'בין דאָך שוין אַלט און מיאוס און אָרעם. זאָל מיך שוין גאָט אָפּהיטן פון פאַרליבן זיך!

גאנצע טעג פלעגט זי אָפּזיצן אין איר בוידעמשטיבל שטריקנדיק גאַרדינען און בעטצודעקן, וואָס זי פלעגט פאַר־קויפן צו די פּויערים אָדער אין די פּריצישע הויפן. זי האָט געזאַמלט א גראָשן צו אַ גראָשן, כּדי זי זאָל זיך קאָנען קויפן א הייזל.

וואָרום צו פאַרמאָגן אן אייגן קליין הייזל אויפן בערגל, פון וואַנען מען האָט א פרייען אויסקוק אויף דער סוואַרטזשע־אישער קירך און אויף דער אַרומיקער געגנט,— דאָס זעט איר, איז געווען איר טרוים, דאָס האָט זי גערן געוואָלט האָבן. אָבער וועגן ליבע האָט זי גאָרנישט געוואָלט הערן און דענקען.

בשעת זי האָט אין די ליכטיקע זומעראָוונטן געהערט דאָס פידלשפּיל, פונם קלעזמער, וועלכער איז אַרויפגעקראָכן אויפן פלויט ביים וועג, צושפּילנדיק פאַר דעם יונגוואַרג וואָס האָט געמאַכט א טענצל אין מיטן א נעפּל פון שטויב, האָט זי דאן אָנגעלייגט א ווייטערן אומוועג דורכן וואַלד, אבי צו פאַר־שפּאָרן הערן און זען די דאָזיקע פאַרשייטע ליבעספרייד.

דעם צווייטן טאָג ווייַנאַכט-חגא פלעגן די פּויערשע כּלות טיילמאָל קומען צו פּינף, אָדער זעקס אויף אמאָל צו דער פרוי מאָרעאוס, וועלכע האָט זיי מיט דער הילף פון אירע טעכטער אָנגעטון צו דער חופּה. אויף די קעפּ האָבן זיי געהאַט מירטנקרענצלעך, הויכע קרוינען פון זייד און פּאַ־טשערקעס, און געווען באַהאָנגען מיט א סך זיידענע בענדער. אויף די ברוסטן האָבן זיי צוגעשפּילעוועט רויזנבוקעטן פון היימישער אויסאַרבעטונג, און די קליידלעך זענען געווען באַ־זוימט מיט בלומען פון טאַפט. ווען די כּלות פלעגן אָנקומען, האָט זיך מאַמזעל מאַריע פאַרשלאָסן ביי זיך אין בוידעמ־שטיבעלע, כּדי צו פאַרשפּאָרן זען, ווי מען צירט און מען פּוצט זיי לכּבוד דער ליבע.

מאַמזעל מאַריע האָט אויך נישט געקאָנט פאַרליידן, בעת די שוועסטער מאָרעאוס זענען אין די לאַנגע ווינטעראָוונטן געזעסן ביי די קראָשנעס, וואָס זענען געווען אויפגעשטעלט אין דער גרויסער שטוב. אין אַלע ווינקעלעך האָט עס דאַן

געשיינט פון היימלעכקייט: די עפּעלעך האָבן זיך געהוידעט אויף די דראָטן, פארן גליענדיקן פייער, און געשוויצט בשעתן בראָטן זיך. דער שיינער יעסטאַ בערלינג אָדער דער גוט-מוטיקער פערדינאַנד, וועלכע פלעגן אָפט קומען צו גאסט. האָבן געשפּאסט און געטריבן קאטאָוועס מיט די מיידלעך, ארויסציענדיק אומבאמערקטערהייט דעם פּאָדים פון זייערע באָדלען; די מיידלעך זענען אזוי פארטומלט געווען, אז זיי האָבן געמאכט פאלשע שטעך. די גרויסע שטוב האָט געהילכט פון מונטערקייט און לוסטיקן פּלאַפּלען און דערביי האָבן זיך די יונגע מענטשנס הענט געטראָפן אונטער דער קראָשנע, אָבער דאן האָט די מאמזעל מאַריע איינגעוויקלט איר שטרי-קעריי און בייז ארויסגעגאנגען צו זיך אין שטיבעלע, ווייל זי האָט געהאסט די ליבע אין אלע אירע דערשיינונגען.

דאקעגן, דאָס רשעות פון ליבע איז איר יאָ באקאנט געווען, און וועגן דעם האָט זי געהאט פיל צו דערציילן. זי האָט זיך געחידושט, וואָס דער ממזר אַמור—, אָט דער באָר-וויסער רשע-מרושע – וואגט נאָך אלץ צו באווייזן זיך אויף דער ערד און אנטלויפט נישט אין גרויס שרעק פאַר דעם ווײ-קלאָגן פון די פארלאָזענע און פאר די קללות פון די, וועמען ער האָט געמאכט פאר פארברעכער, ווי אויך פאר די פארצווייפלטע געשרייען פון די, וועמען ער האָט פארשמידט אין פארהאסטע קייטן. יאָ, זי האָט זיך שטארק געחידושט, וואָס זיינע פליגל טראָגן אים נאָך אלץ ארום אזוי לייכט און פריי, און וואָס ער איז נאָך אלץ,— נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז שוין אזוי שרעקלעך אָנגעלאָדן מיט צער און בושה—נישט אראָפּגעזונקען ערגעץ אין אַן אָפּגרונט.

נו יאָ, יונג איז זי אויך אמאָל געווען, גלייך מיט אלע אנדערע מיידלעך. זי האָט אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט פאר-טראָגן די ליבע. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אוועקפירן אויף די פאליעס פונם טאנץ, פון צערטלעכקייטן. איר מוטערס גיטארע איז פארשטויבט און אָן סטרונעס געהאנגען אויפן

בוידעם, און זי האָט קיינמאָל נישט געזונגען קיין ליבע-לידלעך צו אירע אקאָרדן.

אויפן פענסטער פונם בוידעמשטיבעלע זענען געשטאנען איר מוטערס בלומענטעפּלעך מיט רויזן, זי האָט זיי אָבער זעלטן ווען ס'איז באגאָסן, ווייל זי האָט נישט ליב געהאט קיין בלומען, — די דאָזיקע קינדער פון ליבע. די בלעטלעך זענען אראָפּגעהאָנגען פארשטויבטע, די שפּינען האָבן געוועבט זייערע נעצן צווישן די צווייגלעך און די קנאָספּן האָבן זיך קיינמאָל נישט פאנאנדערגעעפנט. מאמזעל מאריע האָט זעלטן ווען אריינגעשטעלט איר פוס און פרוי מאַרעאוסעס רויזן-גערטנדל, וואו שמעטערלינגען האָבן ארומגעפלאַטערט און פייגע-לעך האָבן געלאָזט הערן זייער שירה, וואו דופטנדיקע בלומען האָבן געשיקט זייערע ליבע-שליחים צו די ארומשוועבנדיקע און זשומענדיקע בינען, און וואו אלצדינג האָט רק גערעדט וועגן דער פארשאָלטענער ליבע.

ויהי היום, איינמאָל האָט די סוואַרטזשעאישע פאראפיע באשלאָסן אריינצושטעלן א נייעם אָרגל אין קירך. דאָס איז געשען אין א זומער, א יאָר פאר דעם, איידער די קאוואלערן האָבן זיך צעבאלעבאטעוועט אין עקעבי. א יונגער אָרגל-מייסטער איז דאן אראָפּגעקומען קיין סוואַרטזשעי. ער איז אויך געוואָרן א לאקאטאָר ביי פרוי מאַרעאוס און באקומען א בוידעמ-שטיבעלע אין שכנות פון דער מאמזעל מאריע. דער דאָזיקער מייסטער האָט אויפגעשטעלט אן אָרגל, וואָס פארמאָגט אין זיך זייער אויסטערלישע טענער, — די מעכטיקע באסן, למשל, טוען א שטורם-ארויס אין מיטן א שטילן תהלים-געזאנג, בשעת דער וויינאכט-השכמה — קיינער ווייס נישט פארוואָס און פארוועץ — און די דאָזיקע באסטענער מאכן די נישט אויסגעשלאָפענע קינדער וויינען פון שרעק.

צי דער דאָזיקער אָרגל-מייסטער איז געווען אזא בריה אין זיין פאך, איז נאָך א גרויסע פראגע. אָבער א פריילעכער פארשוין איז ער יאָ געווען, א לעבעדיקער און לוסטיקער יונגערמאן, מיט זונענשיין אין בליק, און מיט פריינטלעכע

ריידעלעך פאר יעדן איינציקן — פארן נגיד ווי פארן אָרימאַן, פאר יונג און אלט. ער איז באלד געוואָרן א גוטער פריינט מיט זיינע ווירטסלייט און שכנים. אך, אפילו עפּעס מער ווי גלאט אזוי א פריינט...

אין אָוונט בשעת ר׳איז צוריקגעקומען פון דער ארבעט, פלעגט ער דער פרוי מאָרעאוס האלטן דאָס קניילעכל גארן, אָדער צוזאמען מיט די יונגע מיידלעך ארבעטן אין רויזנ־גערטנדל. ער פלעגט דאן דעקלאמירן פאר זיי די באלאדע „אקסעל״ און זינגען דאָס פאָלקס־ליד „פריטיאָף״. אָדער ער האָט אויפגעהויבן דער מאמזעל מאַריעס קניילעכל, ווי אָפט זי זאָל עס נישט האָבן פארלוירן, און האָט אפילו צורעכט געמאכט איר אלטן טישזייגער, אזוי אז ר׳האָט אויפסניי אָנ־געהויבן גיין.

פאר דעם דאָזיקן אָרגל־מייסטער האָט זיך קיין באל נישט פריער געענדיקט ביז וואנען ער האָט נישט אדורכגעטאנצט מיט יעדן איינעם, אָנהויבנדיק פון דער עלטסטער דאמע ביז דעם יונגסטן מיידעלע, און ווי באלד ס׳איז אים נאָר געגאנ־גען שלימזלדיק אין עפּעס א זאך, האָט ער זיך אוועקגעזעצט נעבן דער ערשטער בעסטער פרוי און זיך פאר איר פארטרויט. יאָ, דאָס איז געווען גראָד אזא מין מאן, וועגן וועלכן ס׳חלומען פרויען! מען קאָן אפילו נישט זאָגן, אז ער זאָל מיט וועמען ס׳נישט איז פון זיי האָבן גערעדט וועגן ליבע, אָבער באלד נאָך די ערשטע פּאָר וואָכן, וואָס ער האָט געוואוינט אין בוידעמשטיבל ביי פרוי מאָרעאוס זענען שוין אלע דאָרטיקע מיידלעך געווען פארליבט אין אים און אפילו מאמזעל מאריע האָט פאר זיך אליין געמוזט מודה זיין, אז איר ביזאיצטיק געבעט איז געווען א תפילת־שוא.

א צייט פון לייד און א צייט פון פרייד איז אָנגעקומען אין דעם דאָזיקן הייזעלע. טרערן זענען געפאלען אויף די קראָשנעס און פארמעקט די קריידצייכנונג. אין אָוונט האָט מען אָפטמאָל אין די בעז־אלטאנקעס געקאָנט זען א בלאסע טרוימערין, און אפילו פון אויבן, פון דעם בוידעמשטיבעלע

פון מאמזעל מאריע, האָבן זיך איצט געהערט די קלאַנגען פון גיטאַרשפּיל. די אַלטע בתולה האָט אָנגעצויגן נייע סטרונעס אויף איר אינסטרומענט און זיך אַקאָמפּאַנירט צו די אַלטע ליבע-לידלעך, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט פון איר מוטער.

דאַקעגען, דער יונגער אָרגל-מייסטער איז זאָרגלאָז און פריילעך אַרומגעגאַנגען אויף גאַטס וועלטל, און מיט אַ ברייטער האַנט געטיילט זיינע שמייכלען און קליינע טובהלעך צווישן די פאַרבענקטע פרויען, וועלכע האָבן זיך אַרומגעקריגט צוליב אים, בשעת ער איז געווען ביי זיין אַרבעט אין דער קירך. אָבער סוף-כל-סוף איז געקומען דער טאָג, ווען ער האָט גע-זאָלט אַוועקפאָרן.

די בריטשקע איז שוין געשטאַנען פאַר דער פורטקע, דער קופערט איז געווען צוגעבונדן הינטן אויף די רעסאָרן, און דער יונגערמאַן האָט זיך גענומען געזעגענען. ער האָט אַ קוש-געטון דער אַלטער פרוי מאָרעאַוס אין האַנט, נאָר די יונגע טעכטער אירע האָט ער אַרומגענומען און געקושט אין ביידע באַקן. ער האָט אַליין אויך געוויינט צוליב דעם, וואָס ער מוז אַוועקפאָרן, וואָרום ס'איז אים זייער אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן דאָס גרויסע הייזעלע, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַזאַ ליכטיקן און העלערן זומער. צום סאַמע סוף האָט ער זיך אומגעקוקט נאָך דער אַלטער מאַמזעל מאַריע.

זי איז אַראָפּגעקומען פון איר בוידעמשטיבעלע, אָנגעטון אין איר בעסטן קלייד. די גיטאַרע איז אויף אַ גרינעם באַנד געהאָנגען אַרום איר האַלז, און אין האַנט האָט זי גע-האַלטן אַ בינטל רויזן: דאָס יאָר האָבן זיך די רויזנקנאָספּן אין איר מוטערס בלומענטאָפּ גראָד פאַנאַנדערגעבליט. זי איז געבליבן שטיין פאַרן יונגענמאַן, און מיט די פינגער גענומען פירן איבער די גיטאַר-סטרונעס און צוגעזונגען:

דו פאָרסט אַוועק. טאָ פאָר געזונט!
אָבער קום צוריק, קום געשווינד!
זיי גליקלעך און פאַרגעס נישט דיין ליבנדן פריינט
אין די וועלדער און טאָלן פון ווערמלאַנד!

דערנאָך האָט זי אים די רויזן אָנגעשפּילעט אין לאָך און אים א קוש געטון גלייך אין די ליפּן. יאָ, אזוי האָט זי געטון, די אָרימע אלטע מאריע, — און תיכף נאָכדעם צוריק ארויפגעלאָפן צו זיך אין בוידעמשטיבעלע.

די ליבע האָט נקמה גענומען אין איר און זי צו שפּאָט געמאכט פאר אלעמען. נאָר זי האָט שוין קיינמאָל נישט מער געשאָלטן די ליבע. זי האָט שוין זינט דעמאָלסט נישט אוועק־געהאָנגען די גיטארע און שוין קיינמאָל נישט מער פארגעסן אָפּצוהיטן און צו באגיסן איר מוטערס רויזנטעפּלעך.

זי האָט זיך אויסגעלערנט האָלד צו האָבן די ליבע מיט אלע אירע ליידן, טרערן, און בענקשאפט.

— שוין גלייכער צו זיין פאראומערט און ליבן, פלעגט זי זאָגן, איידער צו לעבן אין זאָרגלאָזיקייט אָבער אָן ליבע.

— — — — — — —

די צייט איז דערווייל געגאנגען. די מאיאָרין איז פאר־טריבן געוואָרן פון עקעבי, די קאוואלערן זענען געקומען צו דער מאכט און אויף זייער שטייגער זיך צעבאלעבאטעוועט אין דעם עקעביער הויף. און, ווי איך האָב אייך שוין דער־ציילט, האָט עס זיך גראָד אזוי געמאכט, אז יעסטאַ בערלינג האָט אמאל אין א זונטאָג־נאָכמיטאָג פאר דער יונגער גרעפין עליזאַבעט פאָרגעלייענט א פּאָעמע אין שלאָס באָרג. און נאָכ־דעם איז אים דערפאר פארבאָטן געוואָרן אריינצוקומען אין הויז.

מען שמועסט, אז גראָד בשעת יעסטאַ האָט הינטער זיך פארמאכט די טיר, האָט ער געזען עטלעכע שליטנס צופאָרן צום שלאָס באָרג. ער האָט געוואָרפן א בליק אויף דער קליי־נער דאמע, וועלכע איז געזעסן אין ערשטן שליטן, און איר אָנבליק האָט אים נאָך מער פארפינסטערט זיין מרה־שחורהדיק געמיט. ער האָט שנעל געאיילט פארביי, כדי נישט ווערן דערקענט, אָבער א שווער פאָרגעפיל פון אן אומגליק האָט אָנגעפילט זיין נשמה. צי האָט דען דער העפטיקער שמועס דאָרט אינעווייניק, אין בלויען קאַבינעט ווי דורך כשוף ארויס־

געדופן אַט די דאָזיקע פרוי? אַן אומגליק קוקט משמעות קיינמאָל נישט אליין.

די דינערשאפט איז ארויסגעלאָפן, מען האָט אויפגע־קנעפּלט די לעדערנע פוסדעקן און אראָפּגעוואָרפן די פוטערנע רייזע־בלעדן.

ווער איז עס געקומען? ווער איז די קליינע דאמע דאָרט, וועלכע שטעלט זיך אויף אין שליטן? ווירקלעך, דאָס איז דאָך זי אליין, מערטאַ דאָנאַ, די בארימטע גרעפין!

זי איז געווען די לוסטיקסטע און לייכטזיניקסטע פרוי אונטער דער זון. די פריילעכקייט פון גאָר דער וועלט האָט זי דערהויבן צו איר מלכה, און זי אוועקגעזעצט אויף א טראָן. פארווייַלונגען און פארגעניגנס זענען געווען אירע אונ־טערטאנען. בשעת די מזלות פון לעבן זענען צעטיילט געוואָרן, איז אויף איר חלק אויסגעפאלן שפּיל, טאנץ און שטיפערייען.

זי איז שוין איצטער געווען נישט ווייט פון די פופצי־קער, נאָר זי איז געווען איינע פון די חכמות, וועלכע רע־כענען נישט נאָך דער צאָל פון יאָרן. זי פלעגט זאָגן, אז נאָר „דער וואָס קאָן שוין נישט אויפהויבן דעם פוס צום טאנץ און עפענען דאָס מויל צו א קלינגעדיק געלעכטער, דער איז שוין אלט, וואָרום נאָר דער פילט שוין די שרעק־לעכע משא פון די יאָרן, אָבער נישט איך".

ניין, טאקע נישט זי, אָבער נישט אין אלע אירע יונגע יאָרן איז ביי איר די לוסטיקייט געזעסן אויף א זיכערן טראָן. זיין וואקלען זיך האָט אָבער אין די אויגן פון איר קיניגלע־כער מאיעסטעט, דער פריילעכקייט, צוגעגעבן נאָך מער חן דעם לעבן. און די דאָזיקע מלכה מיט די שמעטערלינג־פליג־לעך האָט אמאָל איינגעאָרדענט „א גלעזל קאווע" אין די אפארטאמענטן פון די הויפדאמעס פון קעניגלעכן שלאָס אין שטאָקהאָלם, און אמאָל האָט זי געטאנצט אין פאריז, אָנגעטון אין א פראק און מיט א גראָבן שטעקן אין האנט. זי האָט נאפּאָלעאָנען אָפּגעגעבן א באזוך אין זיין פעלד־לאגער. זי איז מיט נעלסאָנס פלאָט ארומגעפאָרן איבערן לאזור־בלויען מיטל־

לענדישן ים, זי האָט גענומען אַן אָנטייל אין א קאָנגרעס אין וויען, און אין א נאכט פאר א געוויסער בארימטער שלאכט האָט זי געוואגט ארייגצופאָרן קיין בריסל אויף א באל.

און אומעטום וואו ס׳האָט נאָר געהערשט די פריילעכקייט, דאָרט האָט אויך געהערשט איר אויסדערוויילטע, — די גרעפין מערטאַ דאָנאַ. טאנצנדיק, שפילנדיק און שפאסנדיק איז די גרעפין מערטאַ ארומגעלאָפן פון איין עק וועלט צום צווייטן: וואָס האָט זי דען נישט אלץ געזען, וואָס האָט זי דען נישט דורכגעלעבט! זי האָט טאנצנדיק איבערגעדרייט טראָגען, געשפילט אין קאָרטן אויף גאנצע פירשטנטומען, און שפאסנדיק ארויסגערופן מלחמות, וואָס האָבן חרוב געמאכט א וועלט! מונטערקייט און לייכטזיניקייט איז געווען איר לעבן ביז איצט, און ס׳וועט שוין מסתמא אזוי זיין ביז איר סוף. איר קערפער איז קיינמאָל נישט געווען צו אלט צום טאנץ, און איר הארץ פאר ליבע. ווען איז זי דאָס אמאָל מיד געוואָרן פון מאסקאראדן און קאָמעדיעס, פון פריילעכע מעשיות אָדער סענטימענטאלע ליבע-לידלעך?

און איז שוין די פריילעכקייט יאָ אמאָל געוואָרן היימלאָז אויף דער ערד, וואָס איז פארוואנדלט געוואָרן אין א שלאכטפעלד, פלעגט זי זיך אויף א קורצע אָדער לענגערע צייט אוועקלאָזן צום גרעפישן שלאָס, וואָס ביי דער לאנגער אָזערע לעיווען. דאָרט אהין האָט זי זיך אויך פארקליבן אין די טעג פון דער הייליקער אליאנס, בשעת די פירשטן און זייערע שלעסער זענען געוואָרן צו אומעטיק פאר איר. און טאקע בשעת אזאַ באזוך אין איר היים איז דאָס געשען, ווען זי האָט געפונען פאר פאסיק צו מאכן יעסטאַ בערלינגן פאר א הויזלערער פאר איר זון. זי האָט זיך גוט געפילט דאָרט אויבן אין צפון, און די פריילעכקייט ס׳האָט זיך שוין קיין הערלעכערע מדינה נישט געקאָנט אויסזוכן. געזאנג און פארוויילונג האָבן דאָרטן געהערשט, און ס׳האָט דאָרט אויך נישט געפעלט קיין מאנסלייט, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפגעזאָגט פון א לעבעדיק אוואנטורעלע, ווייל שיינע און פריילעכע פרויען

זענען דאָרטן אויך געווען לרוב. דאָרטן האָט זי נישט גע־דארפט זיין זשעדנע א שמחה אָדער א באל, אן אויספלוג אויף א שיפל אין בלאסער לבנהשיין אָדער אויף א שליטן דורך פינסטערע וועלדער, ס׳האָט איר נישט געפעלט קיין הארצריי־סנדיקע געשעענישן און אויך נישט דער צער און שמאַרץ פון ליבע.

אָבער נאָך דעם טויט פון איר טאָכטער האָט זי אויפ־געהערט צו באזוכן דעם שלאָס באָרג. זי האָט אים שוין נישט געזען א יאָר פינף. איצט איז זי געקומען זען, ווי עס לעבט זיך איר שנור צווישן די סאָסנע־וועלדער, ווילדע בערן און שניי־קופעס. זי האָט עס געהאלטן פאר איר חוב א קוק צו טון, צי איר נארישער זון העגריק האָט נישט אמאָל פארמו־טשעט זיין ווייב צום טויט מיט זיין נודנעקייט. איצטער וועט זי זיין דער מילדער מלאך פון שלום־בית פאר דעם גאנצן הויזגעזינט. זונענשיין און גליק זענען געלעגן פארפאקט אין אירע פערציק שטיק לעדערנע וואליזקעס און קופערטן, די פריילעכקייט איז געווען איר גערדעראָב־מיידל, שפאס — איר קוטשער, פארווייליונג — איר געזעלשאפטס־דאמע.

און בשעת זי איז ארויפגעלאָפן איבער די ברייטע שטיגן, האָט מען זי טאקע מקבל־פנים געווען מיט אָפענע אָרעמס. אירע אלטע אפארטאמענטן אין פארטער זענען שוין געווען גרייט פאר איר, אלצדינג איז באלד אריין אין הויז, אלץ וואָס זי האָט געבראכט מיט זיך: איר „קאמערדינער" איר „געזעלשאפטס־דאמע" און איר „גארדעראָב־מיידל", אירע פערציק לעדערנע וואליזקעס און קופערטן, אירע דרייסיק שטיק הוטשאכטלען, אירע נעסעסערן, שאלן און פעלצן. ס׳איז געוואָרן א סומאטאָכע אין גאַנצן הויז. מען האָט גע־קלאפט מיט די טירן, געלאָפן איבער די שטיגן — הכלל ס׳איז געווען באשיינפערלעך, אז גרעפין מערטא דאָנאַ איז טאקע געקומען צופאָרן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווען א פריליגנאָוונט, א וואונדערבאר שיינער

אָוונט, הגם ס׳איז נאָך געווען אין אָנהויב אפּריל, און דאָס אייז איז נאָך נישט געהאט צעגאַנגען. מאַמזעל מאַריע איז געזעסן ביי זיך אין בוידעמשטיבעלע ביים אָפענעם פענסטער, געגרימפּלט אויף איר גיטאַרע און געזונגען.

זי איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט איר גיטאַרע און פאַרטיפט אין מתוקותדיקע זכרונות, אַז זי האָט נישט באַמערקט, ווי צום הייזל איז צוגעפאָרן אַ קאַרעטע און געבליבן שטיין ביי דער פורטקע. אין דער דאָזיקער קאַרעטע איז געזעסן די גרעפין מערטאַ און פאַראינטערעסירט געקוקט אויף דער אַלטער מאַמזעל מאַריע, וועלכע איז ביים אָפענעם פענסטער געזעסן מיטן גיטאַרעבאַנד אַרום האַלדז, די אויגן געווענדעט צום הימל, און געזונגען אַלטע, באַנאַלע ליבע-לידלעך.

לסוף איז די גרעפין אַרויסגעשטיגן פון דער קאַרעטע און אַריינגעגאַנגען אין שטוב, וואו פרוי מאָרעאוסעס וואוילע מיידלעך זענען געזעסן ביי די קראָשנעס. די גרעפין מערטאַ איז קיינמאָל נישט געווען גרויס ביי זיך; דער ווינט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט געווייעט איבער איר און אַריינגעהויכט פרישע לופט אין אירע לונגען.

זי פלעגט אַליין זאָגן, אַז ס׳איז נישט איר שולד, וואָס זי איז אַ גרעפין; זי האָט אַלנפאַלס, געוואָלט איינאָרדנען איר לעבן אויף דעם שטייגער, ווי ס׳איז איר געפעלן. זי האָט זיך פונקט אַזוי גוט געוויילט אויף אַ פויערשער חתונה, ווי אויף אַ הויפבאַל. זי האָט אויפגעפירט ספּעקטאַקלען פאַר אירע דינסטמיידלעך, אויב זי האָט גראָד נישט געהאַט קיין אַנדערע צוקוקער, און זי האָט מיט זיך אַריינגעבראַנגט פרייד אין אַלע געזעלשאַפטן, וואו זי זאָל זיך נישט באַווייזן מיט איר שיין פּנים און מיט איר ברויזנדיקן לעבענסמוט.

זי האָט ביי דער פרוי מאָרעאוס באַשטעלט אַ פּאָר געהאָפטענע דעקן און גערימט די מיידלעך פאַר זייער געשיקטקייט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין רויזנגערטנדל און דערציילט וועגן אירע רייזע-איבערלעבונגען (זי האָט אַלעמאָל געהאַט צו דערציילן אַ פּאָר נייע רייזע-איבערלעבונגען). און צום סוף

האָט זי געוואגט ארויפצוקלעטערן איבער די קרומע, ממש לעבנס-געפערלעכע שטיגן, און געמאכט אַ באַזוך ביי דער מאמזעל מאַריע אין איר בוידעמשטיבעלע.

מיט אירע שווארצע ברענענדיקע אויגן האָט זי ארומ-גענומען די איינזאמע קליינע געשטאלט און אָנגעהויבן רעדן צו איר מיט איר מעלאָדישער, לאָקנדיקער שטים.

זי האָט ביי איר געקויפט גארדינען, זי האָט ממש נישט געקאָנט לעבן אין איר באָרגישן שלאָס אָן מאמזעל מאַריעס געשטריקטע פאָרהאנגען פאר אלע פענסטער, און אויף אלע טישן האָט זי אומבאדינגט געמוזט האָבן עפעס א טישטוכל פון איר.

נאָכדעם האָט די גרעפין גענומען איר גיטאַרע און גע-זונגען פאר איר א פּאָר לידלעך וועגן פרייד און ליבע. זי האָט איר דערציילט פארשידענע מעשיות, אזוי, אז מאמזעל מאריע האָט זיך באלד דערפילט אריבערגעפירט אין א היי-טערער, ברויזנדיקער וועלט פון לוסטיקע איבערלעבונגען. און אינם געלעכטער פון דער גרעפין האָט געקלונגען אזא פריי-לעכע מוזיק, אז די געפרוירענע פייגעלעך אינם רויזנגערטנדל האָבן אָנגעהויבן צו זינגען, בשעת זיי האָבן עס דערהערט; און איר פּנים, — וואָס איז שוין גאָרנישט געווען אזוי שיין ווי אמאָל, ווייל די הויט איז געווען פארדאָרבן פון שמינק און ארום אירע ליפן האָבן זיך געשלענגלט שטריכן פון פאר-שייטער תאווה, — איז דער מאמזעל מאַריע פאָרגעקומען אזוי שיין, אז ס'איז איר געווען א גרויסער חידוש, וואָס איר בילד איז נישט פארבליבן אויף דער בלישטשענדיקער אויבערפלאך פונם קליינעם וואנטשפיגעלע, בשעת זי האָט זיך דערפון אָפּגעקערט. אוועקגייענדיק, האָט די גרעפין געקושט די מאמ-זעל מאריע און זי פארבעטן צו זיך קיין באָרג.

דאָס הארץ פון דער אלטער מאמזעל מאַריע איז נעבעך געווען אזוי ליידיק, ווי דאָס נעסטל פון שוואלבן ארום ווייַ-נאכטצייט. זי איז אפילו געווען פריי, אָבער ווי יעדער איי-

נער אויף דער עלטער באפרייטער שקלאף האָט זי געבענקט נאָך די קייטן.

און איצטער האָט זיך פאר דער מאמזעל מאריע ווידער אָנגעהויבן א צייט פון פרייד און א צייט פון לייד; נאָר די גאנצע געשיכטע האָט זיך נישט לאנג פארצויגן, — סך הכל אן אכט טאָג.

די גרעפין האָט זי כסדר מיטגענומען מיט זיך קיין באָרג. זי האָט דאָרט פאר איר געשפילט א קאָמעדיע און אזוי פיל זיך אָנדערציילט פון אירע געליבטע, אז די אלטע מאריע פלעגט לאכן, ווי קיינמאָל נישט פריער אין איר לעבן. זיי זענען געוואָרן די בעסטע פריינט, און באלד האָט זיך די גרעפין אלץ דערוואוסט! וועגן דעם יונגן אָרגל-מייסטער און וועגן דער געזעגענונגס-סצענע. און ס'איז שוין אויף אזוי ווייט דערגאנגען צווישן זיי, אז זי האָט דער מאמזעל מאריע געהייסן אין בין-השמשות זיך אוועקזעצן אויף א פוסבענקעלע ביים פענסטער אין בלויען קאבינעט, און דאן האָט זי איר אָנגעהאָנגען די גיטארע ארום האלז און געפּועלט ביי איר, זי זאָל פאר איר זינגען אירע סענטימענטאלע ליבע-לידלעך. קוקנדיק אויף דער פארוועלקטער, דארער געשטאלט פון דער אלטער מאַריע מיט איר קליינעם מיאוסן קאָפּ, ווי ער צייכנט זיך אָפּ אויפן פאָן פונם רויטן אָוונטהימל אין מערב, האָט די גרעפין איר געזאָגט, אז זי זעט-אויס ווי א פארחלומטע שלאָסדאמע. אין אלע אירע לידלעך האָט עס זיך געהאנדלט בלויז וועגן פארליבטע פאסטוכער און אכזריותדיקע פאסטוך-מיידלעך, און די מאמזעל מאריע האָט דאָס אלץ געזונגען מיט אזא דינינק קול׳כל, אז די גרעפין, — ווי יעדער קאָן דאָס לייכט פארשטיין, — האָט זיך ממש געשמאָלצן פון נחת פונם דאָזיקן ספעקטאקל.

לכבוד דעם אהיימקומען פון דעם גראַפס מוטער האָט מען, נאטירלעך, געמאכט א שמחה אין באָרג, און ווי תמיד ביי אזעלכע געלעגנהייטן, בשעת די גרעפין האָט גענומען אן אָנטייל, איז עס אויך דאָסמאָל צוגעגאנגען זייער לעבעדיק

און לוסטיק. קליין איז געווען דער עולם, — בלויז די נאָענ־סטע שכנים, — אָבער גרויס די שמחה.

די עסשטוב איז געווען אין פּארטער, און נאָך דער סעודה זענען די געסט נישט ארויף אין די אויבערשטע סאלאָנען, נאָר זיי זענען פארבליבן אין דער גרעפינס אפּאר־טאמענטן וואָס אין פּארטער. די פריילעכע גרעפין מערטאַ האָט זיך אָנגעהאָנגען מאמזעל מאַריעס גיטארע און גענומען שפּילן און זינגען. די גרעפין מערטאַ איז ווירקלעך געווען א פריילעכע און לוסטיקע דאמע, און זי האָט געקאָנט אָפּ־שפּעטן פון אלעמען. און אָט איז איר איצטער איינגעפאלן נאָכצומאכן דער מאמזעל מאַריע. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזונגען מיט א דין, קוויטשעדיק קולעכל.

— ניין! ניין! פרוי גרעפין! האָט זיך די אלטע מאַריע געבעטן ביי איר זי זאָל אויפהערן.

אָבער איר, דער לוסטיקער גרעפין מערטאַ, האָט עס שטארק הנאָה געטון, און סרוב געסט האָבן זיך אויך נישט געקאָנט אָפּהאלטן פון לאכן, הגם ס׳איז זיי פאָרט געווען א רחמנות אויף דער אָרימער אלטער מאריע.

די גרעפין האָט אָנגענומען א האנט מיט טרוקענע רויזנ־בלעטלעך, זיך אוועקגעשטעלט אין א טראגישער פּאָזע פאר דער מאַמזעל מאַריע און מיט טיפער דערשיטערונג געזינגען:

דו פאָרסט אוועק. טאָ פאָר געזונט!
אָבער קום צוריק, קום געשווינד!
זיי גליקלעך און פארגעס נישט דיין ליבנדן פריינט
אין די וועלדער און טאָלן פון ווערמלאַנד!

דערנאָך האָט זי באשיט די אלטע מאַריע מיט די טרו־קענע רויזנבלעטער. די געסט זענען שיר נישט צעפּלאצט גע־וואָרן פון געלעכטער, אָבער מאַמזעל מאַריע איז געוואָרן שטאַרק אויפגעבראכט. זי האָט איצט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געהאט גרויס חשק אויסצודראפּען דער גרעפין מערטא די אויגן.

— דו ביזט א מרשעת, מערטא דאָנאַ! האָט זי אויסגערופן,

קיין שום אָרנטלעכע פרוי דארף נישט וועלן זיך געפינען אין דיין געזעלשאפט!

דאָ איז שוין אויך די גרעפין מערטא געוואָרן אין כעס.

— ארויס זאָלסטו פון דאנען, מאַמזעל מאַריע, האָט זי אויפגערעגט אויסגערופן, כ'האָב שוין גענוג דיינע משוגעתן!

— יאָ, איך וועל גערן ארויסגיין פון דאנען! האָט זי אָפגעענטפערט, אָבער פריער וויל איך האָבן באצאָלט פאר מיינע פאָרהאנגען, וואָס דו האָסט דאָ אויפגעהאָנגען פאר אלע פענסטער.

— פאר די דאָזיקע אלטע שמאטעס? — האָט די גרעפין געשריגן, ווילסטו כ'זאָל דיר באצאָלן פאר די אלטע טראנטעס? נעם זיי דיר מיט! איך וויל זיי שוין נישט מער פאר די אויגן האָבן! נעם זיי שוין מיט דיר מיט, די רגע!

און די גרעפין האָט צונויפגעשארט אלע טישטוכער, וואָס זי האָט גענומען ביי איר און אראָפגעריסן די פאָרהאנגען, און דאָס אלץ צונויפגעשארט אין איין קופע. יעצט האָט עס אין איר געקאָכט פון כעס.

צומאָרגנס איז די יונגע גרעפין אריינגעגאנגען צו איר שוויגער און זי געבעטן, זי זאָל צוריק שלום מאכן מיט דער מאַמזעל מאַריע, אָבער די גרעפין מערטאַ האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. די אלטע מויד איז איר שוין נמאס מיט אלע אירע שטיק.

און דעריבער איז די יונגע גרעפין עליזאַבעט אליין אריבערגעפאָרן צו דער אלטער מאַמזעל מאַריע און ביי איר אָפגעקויפט דעם גאנצן לאגער פארטיקע גארדינען און זיי אויפגעהאָנגען פאר די פענסטער אויפן ערשטן שטאָק. דאָס איז געווען די בעסטע פארגיטיקונג פאר דער מאַמזעל מאריע.

די גרעפין מערטאַ האָט אביסל חוזק געמאכט פון איר שנורס פלוצלינגדיקער ליבשאפט צו דאָרפישע פאָרהאנגען, און איז אנטשוויגן געוואָרן. אלס באגאבטע פרוי האָט זי געקאָנט באהאלטן איר כעס אין משך פון א סך יאָרן, און ער זאָל נאָך אלץ זיין פריש און שטארק.

## .16

# דער קויז קריסטאָפער

דאָרט אויבן, אין קאוואלערן-פליגל, האָט געוואוינט אן אלטער רויבפויגל. ער איז תמיד געזעסן אין א ווינקעלע נעבן אויוון און אכטונג געגעבן, אז דאָס פייער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. זיינע גרויע האָר זענען תמיד געווען צעשויבערט. זיין קליינער קאָפּ מיטן גרויסן שנאָבלנאָז און מיט די האלב-פארלאָשענע אויגן האָט זיך אומעטיק געבאָמבלט אויפן לאנגן, דארן האלז, וואָס האָט ארויסגעשטעקט פון א גרויס-האָריקן פוטערנעם קאָלנער, מחמת דער דאָזיקער רויב-פויגל האָט סיי ווינטער, סיי זומער געטראָגן א פוטער.

אמאָל האָט ער געהערט צו דער מחנה, וואָס איז נאָכ-געפלויגן דעם גרויסן קיסר *) איבער אייראָפּע, היינט קאָן אָבער קיינער נישט דערגיין, סארא נאָמען און טיטולן ער האָט אמאָל געטראָגן. אין ווערמלאנד האָט מען בלויז געוואוסט, אז ער האָט גענומען אן אָנטייל אין די גרויסע מלחמות, אז ער האָט זיינע הענט טיף איינגעטונקען אין דעם בלוט-ים פון יענע גוואלטיקע שלאכטן, און אז נאָך דעם יאָר 1815

האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין אומדאנקבאר פאָטערלאַנד. ער האָט געפונען שוץ ביים שוועדישן טראַנספּאָלגער **), וועלכער האָט אים געראטן, ער זאָל שפּורלאָז פאַרשווינדן אין דער ווייטער פּראָווינץ, ווערמלאַנד. די צייט איז געווען אַזאַ, אַז די די אָנהענגער פון דעם, פאַר וועמען אייראָפּע האָט געציטערט, זענען איצטער געווען צופרידן, וואָס קיינער ווייסט נישט זייער אמת׳ן שרעק-אָנזאָגנדיקן נאָמען.

ער האָט דעם טראַנספּאָלגער געגעבן זיין ערנוואָרט, אַז ער וועט נישט פאַרלאָזן ווערמלאַנד און נישט אויסזאָגן, ווער ער איז. און ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין עקעבי, מיט בריוו פונם קרוינפּרינץ צום מאַיאָר זאַמצעליוס. דאַן האָבן זיך פאַר אים געעפנט די טירן פונם קאַוואַלערן-פליגל.

אין אָנהויב האָט מען זיך אַפילו שטאַרק געחידושט, ווער קאָן דאָס זיין, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דעם אויסגעטראַכטן נאָמען. אָבער מיט דער צייט האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריכטיקן ווערמלענדער, אין א קאַוואַלער מיט אַלע פּיטשעווקעס. מען האָט אים גערופן „קוזין קריסטאָפער״, נישט וויסנדיק אייגנטלעך פון וואנען צו אים האָט זיך גענומען גראָד דער דאָזיקער צונאָמען.

פאַר אַ רויבפויגל איז עס אָבער נישט פון די גרינגע זאַכן צו לעבן אין א שטייג. מען פאַרשטייט אויך אַליין, אַז ער איז געוואוינט געווען צו גאָר עפּעס אנדערש, ווי צו שפּרינגען פון איין העלצעלע אויפן צווייטן און עסן אויף דער האַנט פון זיין באַלעבאָס. מענשנמאָרד און טויט-געפאַר האָבן אמאָל געהעצט זיין בלוט ביז העלישפייער. דעריבער האָט אים גע-עקלט די טעמפּקייט פון פרידן.

וואָס אַן אמת, זענען אויך די אנדערע קאוואלערן נישט געווען קיין שטילע, היימישע פייגל, אָבער אין קיינעם פון זיי האָט דאָס בלוט נישט געקאָכט אזוי הייס, ווי אינם קוזין קריסטאָפער. א בערניאַגד איז געווען דאָס איינציקע, וואָס איז נאָך געווען בכּוח אויפצוהייטערן זיין אָפּשטאַרבנדיקן לעבענס חשק, וואָס אַ בערניאַגד, אָדער — א פרוי... איין איינציקע פרוי...

ער האָט אויפגעלעבט, בשעת ער האָט מיט צען יאָר צוריק צום ערשטן מאָל דערזען די גרעפין מערטאַ דאָנאַ, וועלכע איז שוין צו יענער צייט געווען אן אלמנה. און זי — זי איז שוין איין מאָל געווען א פרוי... אומזיכער ווי דאָס גליק אין א מלחמה, העצנדיק ווי די טויטגעפאר, א דרייסט, ברענענדיק וועזן. ער האָט זי דערזען — און זיך גלייך פאַר־ליבט אין איר.

ער זיצט ביים אויוון און ווערט אלט און גרוי און קאָן נישט איר פאַרלייגן, זי זאָל ווערן זיין ווייב. ער האָט זי שוין נישט געזעען א יאָר פינף. און דערווייל וועלקט ער ביסלעכווייז און שטארבט-אָפּ, ווי א געפאנגענער אָדלער. וואָס איאָר איז ער אלץ מער פארדארט געוואָרן, און אלץ טיפער איז אים די קעלט געקראָכן אין די ביינער. און וואָס א מאָל האָט ער זיך אלץ טיפער געטוליעט אין פעלץ און זיך נענטער גערוקט צום פייער.

— — — — — — — — — — — — — — —

אָט זיצט ער אויך איצטער א פארשטייפטער פון קעלט, מיט די צעשויבערטע גרויע האָר—אין באגינען פון דעם טאָג, ווען אין אָוונט וועט מען שיסן מיט פסח-פעטאַרדעס און די מכשפות וועלן פארברענט ווערן. די קאוואלערן זענען אלע ארויס אין דרויסן, נאָר ער אליין זיצט נעבן אויוון.

אָ, קוזין קריסטאָפער, צי ווייסטו טאקע גאָרנישט?

דער ליבער פרילינג איז דאָך געקומען! די נאטור וועקט זיך ראַפּטום אויף פון איר טיפן ווינטערשלאָף, אין בלויען רוים שפילן זיך אזוי חנעוודיק פארשידענע באשעפענישלעך, וואָס פלאטערן ארום אויף זייערע שמעטערלינג-פליגעלעך! זיי שעמערירן פון צווישן די וואָלקנס אָן א צאָל, ווי בלומען פון ווילדע רויזן. די גרויסע מאמע-ערד הויבט אָן צו לעבן. בארוישט ווי א קינד באָדט זי זיך אינם פרילינגשטראָם,—לאָזט זיך וואשן פונם פרילינגרעגן. שטיין און ערד גלאנצן פון פרייד. „אריין אין קאראהאָד פון לעבן!" יובלט אלץ ארום „מיר וועלן אויף שטארקע פליגל ארומשוועבן אין דער גערייניקטער,

העלער לופט. מיר וועלן שעמערירן אויף די פאררויטלטע באַקן פון יונגע מיידלעך!״

די פרייליכע גייסטער פונם פרילינג דרינגען אריין אין די לייבער צוזאמען מיט דער לופט און מיטן וואסער, ווארפן זיך ארום אינם בלוט ווי פיש אין א סאזשעלקע און באוועגן האסטיק דאס הארץ. די זעלביקע קולות הערן זיך פון אומע־טום,—פון די הערצער פון מענטשן, און פון די בלומען, און אין אלץ וואָס קאָן זיך נאָר רירן און צאפלען פון פרייד, טשעפען זיך אָן די באדערפענישלעך מיט די שמעטערלינג־פליגלעך, און שאלן ארויס פון דאָרט ווי מיט טויזנטער אליארמ־גלעקער!

— פרייט אייך, פרייט אייך אלע, דער פרילינג איז געקומען! דער לוסטיק לאכנדיקער פרילינג איז שוין דאָ!

אָבער דער קוזין קריסטאָפער רירט זיך נישט פון זיין אָרט ביים אויוון, און ווייסט נישט פון קיין שום זאך. ער שפארט־אָן זיין קאָפּ אין די פארשטייפטע פינגער און טרוימט וועגן דעם רעגן פון קוילן און וועגן דעם בוים פון וועלט־רוים, וואָס וואקסט אויפ׳ן שלאכטפעלד. אין זיין דמיון רופט ער אַרויס רויזן און לאָרבערן, וואָס ברויכן גאָרנישט די צאַר־טע שיינקייט פונם פרילינג, אום צו בליען.

א צער איז צו זען אָט דעם עלענטן איינזאמען פרעמדלענ־דער אין קאוואלערן־פליגל, ווי ער איז ווייט פון זיין היים, און הערט נישט קיינמאָל קיין איין וואָרט אין זיין מוטער־שפראך. א רחמנות נעמט אָן ביים געדאנק, אז זיין לעצטער מקום־מנוחה וועט זיין א פארלאָזענער קבר אויפן בית־עולם אין ברובי. וואָס איז ער דען שולדיק, אז ער איז אַן אָדלער און איז געבוירן געוואָרן בלויז אויף צו פארפאָלגן און צו מאָרדן.

אָ, קוזין קריסטאָפער! ביזט שוין גענוג געזעסן אין קאוואלערן־פליגל און געחלומט! שטיי־אויף און טרינק־אויס דעם שוימנדיקן בעכער פון לעבן אין די הויכע זאלן פון שלע־

סער און פּאַלאַצן, ווי עס פּאַסט פאַר דיר! ווייס-זשע, קוזין קריסטאָפער, אַז היינט איז צום מאַיאָר זאַמצעליוס אָנגעקומען אַ קיניגלעכער בריוו מיט דעם שוועדישן מלוכה-זיגל! דער בריוו איז אַדרעסירט צום מאַיאָר, אָבער זיין אינהאַלט איז וועגן דיר.

אָ, ווי וואונדערבאַר דו זעסט אויס, בשעת דו לייענסט דעם בריוו, דו אַלטער רויבפויגל! די אויגן באַקומען גלאַנץ, דער קאָפּ הויבט זיך אויף הויך. די טיר פון דער שטייג איז געעפנט, דו האָסט איצטער דעם גאַנצן פרייען רוים פאַר דיינע פאַרבענקטע פליגל!...

— — — — — — — —

דער קוזין קריסטאָפער גראַבלט זיך טיף אין זיין קליי-דער קופערט. ער שלעפּט אַפער זיין זאָרגעוודיק באַהאַלטענע מונדיר מיט די גאָלדענע שליפעס און טוט אים אָן. אויפן קאָפּ נעמט ער אַ דרייקאַנטיקן הוט באַפּוצט מיט פעדערן, און ער גאַלאָפּירט אַוועק פון עקעבי אויף אַ ווייסן, הערלעכן רייט-פערד.

אָט-אָ דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, ווי צו זיצן ביים אויוון! דער קוזין קריסטאָפער דערזעט שוין אויך איצט, אַז דער פרילינג איז געקומען. ער שטעלט זיך אויף אין די סטרעמיעס און לאָזט זיך אַוועק אין אַ ווילדן גאַלאָפּ. זיין מאַנטל מיטן פוטערנעם אונטערשלאַק פלאַטערט אויפן ווינט, די פעדערן פונם הוט ווייען אין אַלע זייטן. דער מענטש איז מיט אַמאָל יונג געוואָרן, ווי די ערד אַליין. ער האָט אויך אויפגעוואַכט פון אַ לאַנגן ווינטערשלאָף. דאָס אַלטע גאָלד גלאַנצט ווידער. דאָס דרייסטע פּנים אונטער דעם דרייקאַנטיקן הוט איז אמת שטאָלץ!

סאַראַ מערקווירדיקע רייזע דאָס איז! פון אונטער די קאָפּיטעס פונם פערד שלאָגן קוואַלן און עס שפּראָצן ערשטלינגלעך. די וואַנדער-פייגל שרייען און פרייען זיך מיט דעם דאָזיקן פריי-געוואָרענעם געפאַנגענעם. די גאַנצע נאַטור נעמט אָנטייל אין זיין פרייד.

הערלעך און שטאָלץ רייט ער, ווי א טריאומפאַטאָר. דער פרילינג אליין רייט פּאָראויס אויף א שוועבנדיקן וואָלקן. לייכט און לופטיק איז ער, דער דאָזיקער ליכטיקער גייסט, און שאלט אין א קרומען האָרן. און ער, דער קוזין קריסטאָפער,—שפּרינגט אזש אונטער פון גרויס פרייד אויפן זאָטל, און ארום אים רייט אַ גאנצער שטאב פון אלטע קריגס-חברים; אָט-אָ דאָרט שטייט דאָס גליק אויף די שפּיצפינגער אויפן זאָטל פון דער גאַלאָ-פירגדיקער „פאָרטונאַ", און דאָרטן ווידער, דער רום אויף זיין פרעכטיקן לויפער, און דאָרטן די ליבע אויף איר ברענענדיקן אַראַבישן פערד. א מערקווירדיקע רייזע, און מערקווירדיק איז אויך דער רייטער.

דער אויסגעצייכנטער שפּראכן-קענער, דער וואלד-דראָזד רופט אים נאָך!

— קוזין קריסטאָפער, קוזין קריסטאָפער, וואוהין רייטסטו, וואוהין רייטסטו?

— קיין באַרג, זיך שדכענען, קיין באַרג, זיך שדכענען! ענטפערט דער קוזין קריסטאָפער.

— פאָר נישט קיין באַרג, פאָר נישט קיין באַרג!

א פרייער קאוואלער האָט נישט קיין זאָרג!

— שרייט אים נאָך דער וואלד-דראָזד.

אָבער דער קוזין קריסטאָפער, האָרכט נישט די וואָרנונג. ער רייט בארג-ארויף און בארג-אראָפּ, ביז ער קומט דאָרט אהין, קיין באַרג, ער שפּרינגט אראָפּ פונם זאָטל און ווערט אריינגעפירט צו דער גרעפין.

אלץ גייט גוט. די גרעפין מערטא איז זייער גנעדיק צו אים. קוזין קריסטאָפער זעט באשיינפערלעך, אז זי וועט זיך נישט אָפּזאָגן פונם כבוד צו טראָגן זיין רומפולן נאָמען און צו רעגירן אין זיין שלאָס. ער זיצט און לייגט אלץ אָפּ דעם מאָמענט פון סיורפריז, בשעת ער וועט איר ווייזן דעם קיניג-לעכן בריוו. דאָס אָפּלייגן טוט אים שטארק הנאָה.

זי שמועסט מיט אים און ווילט אים מיט א שאָק מיט

מעשיות, און ער לאכט און האָט הנאָה פון אלעם און באַוואונדערט אלץ. און אזוי ווי זיי זיצן גראָד אין איינער פון די שטובן, וואו די גרעפין עליזאַבעט האָט אויפגעהאָנגען דער מאָמזעל מאַריעס גארדינען, הויבט די גרעפין אָן צו דערציילן די מעשה וועגן זיי, און זי טוט עס אין אזא קאָמישער פאָרם, ווי נאָר זי קאָן.

— אָט, טוט נאָר אָקאָרשט א קוק, סאַראַ שלעכטע איך בין! — זאָגט זי — זעט איר, דאָ הענגען די פויערישע גארדינען, כדי איך זאָל תמיד אין זינען האָבן מיין זינד. אָ, דאָס איז שוין איינמאָל אַן אָפּקומעניש פאר מיר! ס'עקלט מיך פשוט פון די דאָזיקע פויערישע גארדינען!

דער גרויסער קריגסמאן קוזין קריסטאָפער קוקט אויף איר מיט ברענענדיקע אויגן.

— איך בין אויך אלט און אָרעם! — זאָגט ער און איך בין אויך צען יאָר צייט געזעסן אין אויוונוויינקעלע און געוואַרט אויף מיין געליבטער. צי וועט די גנעדיקע פרוי גרעפין פון דעם אויך לאַכן?

— אָ, ניין, דאָס איז שוין גאָר עפּעס אנדערש! — רופט־אויס די גרעפין.

— גאָט האָט פון מיר צוגענומען דאָס גליק און מיין פאָטערלאנד און מיך געצוווּנגען צו עסן פרעמד ברויט, זאָגט דער קוזין קריסטאָפער מיט טיפן ערנסט. איך האָב זיך אויסגעלערנט צו רעספּעקטירן די אָרימקייט.

— איר אויך? רופט־אויס די גרעפין שטארק פארחידושט און הויבט־אויף די הענט צום הימל. אך ווי פרום אלע מענטשן זענען געוואָרן, גאָטעניו, סאַרע צדיקים זיי זענען דאָס מיט אמאָל געוואָרן!

— אמת, פרוי גרעפין, זאָגט ער, און געדענקט מיינע רייד, אז אויב גאָט אין הימל וועט מיר נאָך אַמאָל צוריקגעבן מיין עשירות און מאַכט, וועל איך עס אויסנוצן צו אַ בעסערן צוועק, ווי צו טיילן עס מיט א געשמינקעוועטער, געפּיללאָזער סטערווע, וואָס מאכט חוזק פון אָרימקייט!

— איר זענט גערעכט, קוזין קריסטאָפער! איז די גרעפין מודה.

נאָכדעם הויבט זיך קוזין קריסטאָפער אויף פון אָרט, מאַרשירט אַרויס, און רייט גלייך צוריק אהיים קיין עקעבי. אָבער די גייסטער באַגלייטן אים שוין נישט אויף צוריקוועג, און ער הערט נישט מער דאָס רופן פונם וואַלד-דראָזד, און ער זעט שוין נישט דעם שמייכלענדיקן פּרילינג.

ער איז אָנגעקומען קיין עקעבי גראָד אין דעם אויגנבליק, ווען מען האָט געזאָלט אויסשיסן די פּעטאַרדעס און פאַרברענען די „פּסחדיקע מכשפה". די „פּסחדיקע מכשפה"—, דאָס איז אַ ליאַלקע פון שטרוי מיט אַ פּנים פון אַ ווייסער שמאַטע, אויף וועלכן ס'איז מיט אַ שטיקל קויל אָנגעצייכנט אויגן, אַ נאָז און אַ מויל. זי איז אָנגעטון אין אַן אַלט קלייד פון אַן אָרימער שכנה. ביי דער זייט האָט זי אַ לאַנגן שאַראייזן און אַ בעזים, און אַרום האַלז האָט זי דעם האָרן מיט פּישוף-שמירעכץ. זי איז שוין פיקס און פאַרטיק צו דער נסיעה אין שאול תחתיה אריין.

מאַיאָר אַנדערס פוקס לאָדט-אָן זיין ביקס און שיסט כסדר אין דער לופטן. מען האָט אויפגעבויט אַ שייטערהויפן פון טרוקענע ריטלעך. מען שליידערט אהין אַרויף די מכשפה, און דאָס פייער כאַפּט זי באַלד אַרום פון אַלע זייטן. די קאַוואַלערן טוען אַלץ, ווי אויפן אמאָליקן שטייגער, כדי צו פאַרניכטן די מאַכט פונם שטן.

קוזין קריסטאָפער בלייבט אַ ווײַלע שטיין און קוקט זיך אומעטיק צו צום דאָזיקן ספּעקטאַקל. פּלוצלינג כאַפּט ער אַרויס פונם אַרבלמאַנזשעט דעם גרויסן קיניגלעכן בריוו און וואַרפט אים אַריין אין פייער. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, וואָס ער האָט בשעת-מעשה געטראַכט, אפשר האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס ווערט דאָ די גרעפין מערטאַ פאַרברענט אויפן שייטערהויפן. אפשר האָט ער אויך געטראַכט, אַז קיין שום טייערע זאַך איז שוין פאַר אים נישט פאַראַן אויף דער וועלט, ווי באַלד די פרוי, וועלכע ער האָט אין משך פון אַזוי פיל

יאָרן געליבט, איז נישט געווען עפּעס אנדערש, ווי נאָר אַ ליאַלקע פון שטרוי און שמאַטעס.

ער גייט צוריק אריין אין קאַוואַלערן-פליגל, הייצט-איין אין אויוון און באהאלט דעם מונדיר.

ער זעצט זיך ווידער אַוועק אין אויוונווינקעלע, און וואָס א טאָג ווערט ער מער צעשויבערט און גרויער. ער שטאַרבט-אָפּ, ביסלעכווייז, ווי ס׳איז די טבע פון אַלטע אָדלערס אין געפאַנגענשאַפט.

ער איז שוין אפילו נישט מער קיין געפאַנגענער, אָבער ער וויל נישט געניסן פון זיין צוריקגעוואונענער פרייהייט. די וועלט שטייט פאַר אים אָפן. ער קאָן אויפסניי אוועקפליען צום פעלד פון שלאַכט און רום, וואו ס׳וואַרט אויף אים א ניי לעבן. דער רויבפויגל האָט שוין אָבער נישט מער קיין כח אויסצושפּרייטן זיינע פליגל צום פליען.

.17

## די וועגן פון לעבן.

שווער זענען די וועגן, איבער וועלכע דער מענטש מוז וואנדערן אויף דער ערד.

מדבר-שטעגן, זומפּן-שטעגן, באַרג-שטעגן.

פאַרוואָס מעג אַזוי פיל צער ארומגיין פראַנק און פריי, ביז וואַנען ער פאַרבלאָנדזשעט אין מדבר אָדער פאַרזינקט אין אַ זומפּ, אָדער גייט-אויס פון די כּוחות אויף אַ באַרג? וואו זענען זיי אַהינגעקומען, די קליינע בלומענקלייבערינס, וואו זענען זיי, די לעגענדאַרישע פּרינצעסעלעך, וואָס אין די שפּורן פון זייערע טריט וואַקסן אַרויס רויזן? וואו זענען זיי, די קליינע באַשעפענישלעך, וואָס האָבן געזאָלט שיטן בלומען אויף די שווערע וועגן?

איצט האָט יעסטאַ בערלינג, דער פּאָעט, באַשלאָסן חתונה צו האָבן. ער זוכט נאָר אַ כּלה, וואָס זאָל זיין גענוג אָרעם, פון גענוג נידעריקן שטאַנד, גענוג פאַרשטויסן, כּדי זי זאָל זיין פּאַסיק פאַר אַ פאַרטריבענעם גלח.

שיינע און איידעלע פרויען האָבן אים געליבט, קיין איינע פון זיי האָט אָבער גאָר אין זינען נישט געהאַט זיך צו שדכנען צו אים.

דער פאַרשטויסענער מוז זוכן זיין כּלה צווישן זיינס גלייכן, צווישן אַזעלכע, ווי ער — פאַרשטויסענע. אָבער וועמען זאָל ער אויסקלייבן, וועמען זאָל ער אויסזוכן?

קיין עקעבי פלעגט אָפטמאָל קומען אַן אָרעם מיידל פון א פוסטער געגנט צווישן די בערג און ברענגען בעזימס צו פארקויפן. אין דער דאָזיקער געגנט הערשט אזא אָרעמ-קייט און עלנט, אז א סך מענטשן זענען דאָרט נישט ביי אלע געדאנקען, און די יונגע בעזים-הענדלערין איז איינע פון זיי.

זי איז אָבער זייער אַ שיינע. אירע לאַנגע שווארצע האָר בילדן אזעלכע דיקע צעפּ, אז זיי קאָנען זיך קוים אַן אָרט געפינען אויף איר קאָפּ. זי האָט אן אויסגעפּילט, קיילעכדיק פּנים, א גלייכע נאָז און בלויע אויגן. זי געהערט צו דעם מעלאנכאָלישן, מאדאָנע-ענלעכן שאינהייטסטיפּ, וועלכן מען קאָן נאָך אויך איצט געפינען צווישן די מיידלעך ביי די ברעגן פון דער לאנגער אָזערע לעיווען.

יעסטאַ בערלינג האָט זיך אלזאָ געפונען א כלה! א האלב-משוגענע בעזים-הענדלערין וועט זיין זייער א פּאסיק ווייב פאר א משוגענעם גלח!

קיין גלייכערער זיווג קאָן שוין גאָר נישט זיין!

ער דארף נאָר צופאָרן קיין קאַרלשטאַדט נאָך תנאים-רייפלעך און דערנאָך וועלן די איינוואוינער ביי די ברעגן פון לעיווען שוין האָבן פון וואָס חוזק צו מאכן. זיי וועלן זיך שוין איינמאָל אָנלאכן פון יעסטא בערלינגן, ווען ער וועט שרייבן תנאים מיט דער בעזים-הענדלערן, אָדער ווען ער וועט מיט איר ארונטערגיין אונטער דער חופה. אן עסק, זאָלן זיי לאכן וויפל זייער הארץ גלוסט! צי האָט ער נאָך אמאָל גע-קאָנט אויסטראכטן א פריילעכערן ספּעקטאקל?

שווער זענען די וועגן, איבער וועלכע דער מענטש מוז וואנדערן אויף דער ערד.

מדבר-שטעגן, זומפּ-שטעגן, בארג-שטעגן.

צי מוז דען נישט דער פארשטויסענער גיין מיטן וועג פון די פארשטויסענע, מיטן וועג פון צאָרן און צער, מיטן וועג פון אומגליק? ס'איז דען אזא גרויסע נפקא מינה, צי ער וועט פאלן, צי ער וועט אונטערגיין? צי איז דען פאראן עמיצער, וואָס זאָל זיך קימערן אים אָפּצוהאלטן? צי איז דע

פאראַן עמיצער, וואָס זאָל אויסשטרעקן אַ האַנט אים צו שטיצן אָדער צו דערלאַנגען אים אַ קילן, דערפרישנדיקן געטראַנק? וואו זענען זיי, די קליינע בלומען־קלייבערינס, וואו זענען זיי, די לעגענדאַרישע פרינצעסעלעך, וואו זענען זיי אַהינגעקומען,— זיי, וואָס דאַרפן מיט רויזן באַשיטן די שווערע וואַנדער־וועגן?

ניין, די יונגע, מילדע גרעפין פון באָרג וועט יעסטאַ בערלינגן נישט שטערן אין זיינע פּלענער; זי מוז דאָך עפּעס אין זינען האָבן איר גוטן נאָמען, זי מוז אין זינען האָבן דעם כּעס פון איר מאַן און אויך איר שוויגערס שנאה צו איר; אָ, ניין, זי טאָר נישט טון קיין שום זאַך אויף אים אָפּ־צוהאַלטן.

בלויז בשעת די לאַנגע גאָטדינסטן אין דער סוואַרט־זשעאישער קירך וועט זי אַראָפּבויגן איר קאָפּ, צונויפלייגן אירע הענט און תּפילה־טון פאַר אים. בלויז אין שלאָפלאָזע נעכט קאָן זי וויינען און ציטערן איבער אים; זי האָט אָבער נישט קיין בלומען צו שיטן אויף דעם וועג פונם פאַרשטוי־סענעם, קיין טראָפּן וואַסער צו געבן דעם, וועלכער ווערט פאַרשמאַכט פון דורשט. זי טאָר נישט אויסשטרעקן די האַנט, כּדי אים אָפּצוהאַלטן ביים ראַנד פון אָפּגרונט.

יעסטאַ בערלינג קימערט זיך נישט איינצוהילן זיין אויס־דערוויילטע אין זייד און צירונג. ער דערלויבט איר ווייטער אומצוגיין מיט די בעזימער פון איין הויז צום צווייטן, ווי ס'איז שוין איר געוואוינהייט, און זיינע תּנאים מיט איר האָט ער געוואָלט באַקאַנט מאַכן ערשט דעמאָלסט, ווען ער וועט פאַרזאַמלען אַ גרויסן עולם בכּבודיקע מענער און פרויען פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט און פאַר זיי מאַכן אַ גרויס־אַרטיקע סעודה אין די פּראַכטפולע זאַלן פון עקעבי. דאַן וועט ער זי אַריינרופן פון דער קיך. זי וועט זיין אָנגעטון פּונקט ווי זי איז געקומען פון אירע ווייטע וואַנדערונגען, מיטן שטויב און שמוץ פון וועג אויף אירע קליידער, אפשר אויך אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, נישט צוגעקעמט, מיט שגעון־בליקן

אין די אויגן און משוגענע רייד אויף די ליפּן. און ער וועט פרעגן די געסט זיינע, צי ער האָט זיך נישט אויסגעקליבן אַ פּאַסיקע כלה, צי דער משוגענער גלח דאַרף נישט זיין שטאָלץ פון אזא שיינער געליבטער, פון דעם דאָזיקן צאַרטן מאַדאָנע-פּנים, פון די דאָזיקע בלויע, פארחלומטע אויגן?

ער האָט נישט געוואָלט, אז ס׳זאָל עמיצער פריער דער-וויסן זיך דערפון. ס׳איז אים אָבער נישט געלונגען צו האלטן דאָס בסוד, און איינע פון די, וועלכע האָבן זיך דאָס דער-וואוסט, איז געווען די יונגע גרעפין עליזאַבעט דאָנאַ.

אָבער וואָס קאָן זי דען טון, כדי אים אָפּצוהאלטן דער-פון? דער טאָג פון די תנאים איז אָנגעקומען, דער בין-השמשות האָט זיך שוין אָנגערוקט. די גרעפין שטייט ביים פענסטער אין בלויען קאבינעט און קוקט ארויס אויף צפון. עס דאכט זיך איר, אז זי קאָן פון דערווייטנס זען עקעבי, הגם די טרערן און דער נעפּל פארשטעלן איר, דעם אויסזיכט זי זעט אזוי גוט, ווי די דריי רייען פענסטער פון דעם גרויסן דריי-שטאָקיקן הויז זענען העל באלויכטן. זי שטעלט זיך פאָר, ווי דער שאמפּאניער ווערט ארייגעגאָסן אין די גלעזער, ווי עס קלינגען דאָרט די טאָסטן, און ווי יעסטאַ בערלינג מאכט באקאנט זיינע תנאים מיט דער בעזים-הענדלערין.

און אויב זי וואָלט איצטער געווען נעבן אים און אים גאנץ לייכט אָנגערירט ביים אָרעם, אָדער גאָר אים צוגעוואָרפן א פריינטלעכן בליק,— צי וואָלט ער זיך נישט אומגעקערט פון שלעכטן וועג פון די פארשטויסענע? אויב איין וואָרט פון איר האָט אים געטריבן צו אזא פארצווייפלטער טאט —, צי וואָלט דען נישט א צווייט וואָרט פון איר געווען בכוח אים אָפּצו-האלטן פון דער טאט?

זי ווערט פארציטערט פונם געדאנק וועגן דער זינד, וואָס ער וועט באגיין קעגן דער דאָזיקער גייסטיק קראנקער, וועלכע ווערט איצטער אריינגענארט אים ליב צו האָבן, אפשר בלויז כדי צו זיין פאר אים א שפּילצייג אויף איין איינציקן טאָג און אפשר (און דאָ כאפּט זי ארום אן אימה פאר דער

זינד, וואָס יעסטאַ באַגייט קעגן זיך אַליין) וועט זי חפרן די אייביקע קייט אויף זיינע פיס, וואָס וועט ביי אים צונעמען די קראַפט פון זיין גייסט אויפצוהויבן זיך אין דער הויך.

און ווידער, איז דאָך דאָס אַלץ איר שולד. זי האָט דאָך אים מיט איר קללה אַרויפגעשטופּט אויפן שלעכטן וועג. זי וועלכע איז באַרופן געווען צו בענטשן, צו מילדערן, פאַרוואָס האָט זי אַריינגעפלאָכטן אַ פרישן דאָרן אין דעם דערנערקראַנץ פון דעם פאַרזינדיקטן?

יאָ, איצטער ווייס זי שוין, וואָס זי וויל טון. זי וועט הייסן איינשפּאַנען די שוואַרצע פערד אין שליטן, זי וועט אוועקאיילן איבערן אייז פון דער לעיווען, אַריינשטורעמען אין סאַלאָן פון עקעבי און זיך אוועקשטעלן פּנים-אל-פּנים מיט יעסטאַ בערלינגן און אים זאָגן — אַז זי האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס זי רעדט, בשעת זי האָט אים פאַריאָגט פון איר היים...

אָבער ניין, זי האָט באַלד איינגעזעען, אַז זי וועט נישט זיין בכּוח דאָס אויסצופירן. זי וועט זיך פאַרשעמען און נישט וואגן אַ וואָרט אויסצורעדן. זי איז דאָך אַ פאַרהייראַטע פרוי, זי מוז דאָך מורא האָבן פאַר לשון-הרע; ס'וואָלט באַלד גענומען אַרומגיין אַזוי פיל רכילות וועגן איר, אויב זי וואָלט דאָס געטון. און פאַרקערט, אויב זי וועט עס נישט טון, וואָס וועט דאַן מיט אים געשעען?

ניין, ניין, זי מוז פאָרן, — ס'האָט זי ממש געיאָגט פון הויז.

זי האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז אַזאַ נסיעה איז איצטער אוממעגלעך צו מאַכן. דאָס יאָר קאָן מען שוין נישט פאָרן מיט פערד און שליטן איבערן אייז פון דער לעיווען. דאָס אייז צעגייט און האָט זיך שוין אָפּגעריסן פון די ברעגן, דאָס וואַסער האָט זיך אַרויסגעריסן פון צווישן די אייזקריעס, אין טייל ערטער האָבן זיך שוין אויסגעבילדעט שוואַרצע סאַזשעלקעס; אויף אַנדערע ערטער איז נאָך דאָס אייז בלאַנקנדיק ווייס, אָבער ס'רוב איז עס גרוי און שמוציק, און די

סטעזשקעס האָט די שליטבס האָבן אויסגעפיילט, ציען זיך איבער אים ווי לאַנגע, שווארצע לענטעס.

ווי אזוי קאָן מען גאָר טראכטן וועגן א נסיעה איבער אזא מין וועג? איר שוויגער, די אלטע גרעפין מערטאַ, וואָלט איר קיינמאָל נישט דערלויבט עפּעס אזוינס. א גאנצן אָוונט מוז זי זיצן נעבן איר אין סאלאָן און אויסהערן אירע מעשיות פונם הויפלעבן, און דערציילן די דאָזיקע מעשיות איז געווען ממש א חיות פאר דער גרעפין מערטאַ.

אָבער דאָך: די נאכט איז אָנגעקומען, און איר מאן איז נישטאָ אין דער היים, און זי איז פריי.

פאָרן קאָן זי נישט, א דינער אריינצורופן האָט זי נישט געוואגט, אָבער איר פחד טרייבט זי פון דער היים. זי קאָן נישט ביישטיין דעם נסיון.

שווער זענען די וועגן, איבער וועלכע דער מענטש מוז וואנדערן אויף דער ערד.

עס זענען מדבר-שטעגן, זומפּ-שטעגן, בארג-שטעגן.

אָבער צו וועלכן פון זיי זאָל איך פארגלייכן די דאָזיקע נאכטישע נסיעה איבער דעם צעגייענדיקן אייז? צי איז עס נישט דער זעלבער וועג, איבער וועלכן די קליינע חנעוודיקע בלומען-קלייבערינס מוזן גיין, — אָן אומזיכערער, גליטשיקער וועג, — דער וועג פון די, וועלכע ווילן היילן יענעמס שמערצ-לעכע וואונדן, דער וועג פון די, וועלכע ווילן צורעכט מאכן באגאנגענע זינד, דער לייכטער וועג פון שנעלע טריט, פון שארפן בליק, און פון מוטיקן, ליבע-פולן הארץ?

ס'איז שוין געווען א שטיק נאָך האלבער נאכט, ווען זי האָט דערגרייכט צום ברעג פון עקעבי. זי איז נישט איינמאָל געפאלן אויפן אייז, אריבערגעשפרונגען איבער ברייטע שפּאלטן, אירע שיך זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט וואסער, זי האָט זיך געגליטשט, געקראָכן אויף אלע פיר.

א שווערער וועג איז דאָס געווען, און נישט איינמאָל האָט זי נעבעך ביטער געוויינט. זי איז געוואָרן דורכגענעצט

און פארמאטערם; און די איינזאמקייט, די חושכדיקייט און פוסט-קייט ארום איר אויפן אייז האָבן זיך ווי שווערע שטיקער בליי געלייגט אויף איר געמיט. ביים ברעג פון עקעבי האָט זי גע-מוזט שפרייזן אין וואסער ביז איבער די קנעכלען, איידער זי האָט לסוף געקאָנט צוקומען צו דער יבשה. און ארויס-קומענדיק אויפן ברעג, האָט זי שוין נישט געהאט קיין מוט צו עפעס אנדערש, ווי נאָר זיך אוועקצוזעצן אויף א שטיין און וויינען פון מידקייט און הילפלאָזיקייט.

יאָ, שווער זענען די וועגן, איבער וועלכע די מענטשן-קינדער מוזן וואנדערן; די קליינע בלומען-קלייבערינס פאלן אָפטמאָל אַנידער נעבן זייערע אָנגעפילטע קוישן, גראָד שוין נישט ווייט פון דעם, פאר וועמען זיי האָבן געזאָלט באשיטן דעם וועג מיט זייערע בלומען.

די יונגע, איידעלע דאָמע איז טאקע געווען א העלדנ-מוטיקע פרוי, אָבער אזעלכע וועגן האָט זי פאָרט נאָך קיינ-מאָל נישט אדורכגעמאכט אין איר זוניקן געבורטסלאנד. איז עס דען אַ חידוש, וואָס זי האָט זיך דאָ אוועקגעזעצט ביים ברעג פון דער דאָזיקער אומהיימלעכער, שרעקלעכער אָזיערע, אַ דורכגענעצטע, א פארמאטערטע, אן אומגליקלעכע, און גע-טראכט וועגן די פארכישופטע, מיט בלומען באצירטע וועגן פון איר מוטערלאנד אויף דרום?

אָבער פאר איר עקזיסטירט איצטער נישט די פראגע דרום צי צפון. זי שטייט איצטער אויפן שיידוועג פון לעבן. און זי וויינט—נישט פון בענקשאפט נאָך איר מוטערלאנד. די דאָזיקע קליינע בלומען-קלייבערין, די דאָזיקע קליינע העלדין וויינט דערפאר, וואָס זי איז אזוי מיד, וואָס זי פילט, אז זי וועט נישט באווייזן צוצוקומען צו דעם וועג, וועלכן זי וויל בא-שיטן מיט די בלומען אירע. זי וויינט, ווייל זי קלערט, אז זי איז שוין געקומען צו שפעט.

דאן לויפן פלוצלינג עטלעכע מענטשן פארביי און בא-מערקן זי נישט. זי אָבער הערט, ווי איינער פון זיי רופט-אויס:

— אויב די דאַמבע וועט פאַלן, איז די קוזניע פאַרלוירן;

— און אויך די מיל, און די ווערקשטאַטן און די וואוינונגען פון די שמידן, רופט זיך אָן אַ צווייטער.

געשטאַרקט פון פרישן מוט שטייט זי אויף פון שטיין און לאָזט זיך אַוועק נאָך זיי.

— — — — — — — — — — — — — —

די מיל און די קוזניע פון עקעבי זענען געשטאַנען אויף א שמאָלן ערדשפּיץ, ארום וועלכן ס'האָט געברויזט דער טייכשטראָם ביערקושעי, זיינע וואַסערן זענען געפאַלן פון דער הויך, שוימענדיק ווייס, און האָבן מיט א געוואַלטיקער קראַפט געיאָגט צום שמאָלן ערדשפּיץ. צו שיצן די פעלדער און גערטנער איז דאָרט אמאָל אויפגעבויט געוואָרן א מעכטיקע דאַמבע; זי איז אָבער שוין איצט געווען אַלט, צעפוילט. אין עקעבי זענען דעמאָלסט די קאַוואַלערן געווען די באַלעבאַטים. און אין דער צייט פון זייער ממשלה האָט מען טאַקע געטאַנצט און געהוליעט, אָבער קיינער האָט גאָרנישט געטראַכט נאָכצוזען, סארא חורבן דער ב'ענענדיקער פראָסט און די צייט האָבן אָנגעמאַכט אין דער אַלטער שטיינערנער דאַמבע.

ס'איז אָנגעקומען דער פרילינג, און די דאַמבע האָט אָנגעהויבן נאָכצולאָזן אונטערן דרוק פונם מעכטיקן פרילינגשטראָם.

דער וואַסערפאַל נעבן עקעבי— דאָס זענען ריזיקע גראַניטשטיינער, פון וועלכע עס יאָגט דער שטראָם ביערקושעי. די פאַליעס שליידערן זיך מיט א גוואַלטיקן אימפעט, שטויסן זיך העפטיק צוזאַמען, וואַרפן זיך מיטן ווייסן שוים אויף די פעלזן, שליידערן זיך איבער א הויכן שטיין, וואָס אין מיטן שטראָם און איבער די ארומשווימענדיקע קלעצער, פאַלן ארונטער איינע אונטער דער אנדערער, הויבן זיך ווידער אויף אין ווילדן כעס און לויפן און יאָגן אַלץ ווייטער און ווייטער, שוימענדיק, צישענדיק און ליאַרעמענדיק.

די דאָזיקע ווילדע, צעיושעטע פאַליעס, באַרוישטע פון פרילינגסלופט, שיכורע פון דער צוריקגעוואונענער פרייהייט,

גייען איצט אויף שטורם קעגן דער אלטער שטיינערענער מויער. זיי קומען־אָן רצחנדיק און מיטרייסנדיק אלץ אויף זייער וועג, און שטורמען ארויף אין דער הויך אויף דער טויער און ווארפן זיך באלד צוריק אראָפּ, וואָיענדיק און קוויטשענדיק ווי זיי וואָלטן זיך דאָרט צעקלאַפּט זייערע ווייס־לאָקיגע קעפּ.

ס׳בושעוועט דאָ א שרעקלעכער שטורם, די אייזקריעס דינען פאר די פאליעס אלס שויץ־שילדן, די קלעצער — אלס ברעך־אייזנס, און דאָס אלץ טראסקעט, שליידערט, רייסט און פליקט און ברויזט קעגן דער אלטער מויער, ביז וואנען...

יאָ, פּונקט ווי ס׳וואָלט עמיצער צו זיי א געשריי־געטון: „פּאַר־זיכט!“ די פאַליעס אנטלויפן צוריק, און א רגע נאָכדעם פאלט א ריזיקער שטיין, וואָס איז ארויסגעריסן געוואָרן פון דער דאַמבע, מיט א גוואלטיקן רעש אין די טיפענישן פונם שטראָם.

ס׳זעט־אויס, ווי די פאליעס וואָלטן אליין דערשטוינט געוואָרן; זיי בלייבן א ווײַלע רואיק, באראטן זיך... נאָכדעם ברויזן זיי ווידער אויף אין התלהבותדיקער פרייד און־אויפסניי צו דער ארבעט! ווידער גייט די אטאקע מיט פרישער ענערגיע, די פאליעס רייסן זיך אלץ ווייטער פאָרווערטס, און באוואָ־פנטע מיט קלעצער און אייזקריעס, שטורמען זיי מיט אומ־געצוימטן ברען, מיט הפקרדיקער אומברחמנותדיקייט, מיט צעיושעטער ווילדקייט; משוגע פון צעשטערונגס־תאוה, גרייטן זיי צו דעם חורבן פון דער אלטער דאַמבע.

— זאָל נאָר די דאַמבע פאלן — זאָגן די פאליעס — זאָל נאָר די דאמבע פאלן, וועט שוין דאן קומען די ריי אויף דער קוזניע און אויף דער מיל.

איצט איז דער טאָג פון פרייהייט!.. אויס מיט די מענטשן און מיט זייערע ווערק; זיי האָבן אונז פארשווארצט מיט זייערע קוילן, פארשטויבט מיט זייער מעל, זיי האָבן אויף אונז ארויפגעלייגט דעם יאָך פון ארבעט פונקט ווי אויף אָקסן, געצוואונגען זיך צו דרייען אין א קרייז, פארשלאָסן אונז אין א תפיסה, פארשפּארט דעם וועג מיט דאַמבעס, געצוואונגען צו

שלעפּן די שווערע רעדער פון דער מיל, צו טראָגן די גראָבע קלעצער. אָבער איצט וועלן מיר צוריק געווינען אונזער פרייהייט!

דער טאָג פון פרייהייט איז געקומען! הערט, איר פּאַליעס פונם שטראָם ביערקזשעי, הערט איר ברידער און שוועסטער פון זומפּן און סאַזשלקעס, פון בארג-שטראָמלעך און וואלד-קוועלעכלעך! גייט אויך אין אונזערע שפּורן! קומט צוזאָגן אין ביערקזשעי, קומט מיט פרישע כּוחות, דונערנדיק און רעוועדיק, גרייט צו צעברעכן די דורות-אַלטע פארשקלאַפונג. העי, זאָל פאַלן די פעסטונג פון טיראַניי! טויט און חורבן פאַר עקעבי!

און זיי קומען, די געהאָרכזאמע פּאַליעס. איינע נאָך די אנדערע קומען זיי צולויפן און ווארפן זיך אַראָפּ פונם וואסער-פאַל, כּדי אַ שליידער-טון מיטן קאָפּ אין דאַמבע, כּדי מיט-צוהעלפן דער זאַך פון פארניכטונג. בארוישט פון דער צוריק-געוואונענער פרילינג-פרייהייט, שטארקע, מוטיקע, פאַרייניקטע, קומען זיי און שווינקען-אונטער אַ שטיין נאָך אַ שטיין, אַן ערדשיכט נאָך אַן ערדשיכט פון דער נאָכגיביקער שטראָם-ברעכנדיקער דאַמבע.

אָבער פארוואָס דערלאָזן עס די מענטשן, אַז די ווילדע פּאַליעס זאָלן אזוי פריי בושעווען, און שטעלן נישט קיין שום ווידערשטאנד? צי איז שוין גאנץ עקעבי אויסגעשטאָרבן?

אָ ניין, דאָרטן זענען פאַראַן מענטשן, אַ צעטומלטער הילפלאָזער המון. חושך איז די נאַכט, זיי קאָנען זיך איינע די אנדערע נישט זען, זיי זעען נישט וואו צו גיין. דער וואַ-סערפאַל ברויזט אומגעהייער. די אייזקרייעס פּלאצן מיט אַ שרעקלעכן דונער, דער טראסק פון די צוזאמענשטויסנדיקע קלעצער פארהילכט די לופט, און די מענטשן קאָנען נישט הערן זייער אייגענע שטים. דער גייסט פון וואַנזין, וואָס יאָגט די רעוועדיקע פּאַליעס, האָט אויך באהערשט די מוחות פון די מענטשן, זיי האָבן פארלוירן דעם שכל און די פעאיקייט צו טראַכטן.

די פאבריק-גלאָקן קלינגען אויף אלארם. „אָ, זאָל הערן דער, וואָס האָט אויערן צו הערן! מיר זענען שוין נאָענט צום אונטערגאנג, מיר, וועלכע וואוינען דאָ נעבן דער עקעביער קוזניע! דער שטראָם שטורמט אויף אונז! די דאמבע טרייסלט זיך און גיט-נאָך, די מיל איז אין געפאר, די קוזניע איז באדראָט, און אויך אונזערע אָרעמע הייזלעך, וועלכע מיר האָבן, נישט געקוקט אויף זייער עלנטקייט, אזוי שטארק ליב, שטייען פאר א שרעקלעכער סכנה".

די פאליעס מיינען, אז דאָס גלאָק-קלינגען רופט צו-זאמען זייערע חברים, ווייל ס'באווייזט זיך נישט קיין איין מענטש. אין די וועלדער און איבער די זומפן ווערט א מהומה: „שיקט הילף, שיקט הילף!" רופן די גלעקער, און די פאליעס ענטפערן מיט א העפטיקן ברויזן:

— נאָך דורות-לאנגער פארשקלאפונג האָבן מיר זיך ענד-לעך באפרייט!

— איילט אייך, ברידער און שוועסטער! קומט צו הילף, קומט צו הילף! לאָמיר קעמפן, לאָמיר שטורמען, פאר אונזער פריי הייט, פאַר אונזער פרייהייט!"

די דונערנדיקע וואסער-מאסע און די צעהוידעטע פאב-ריקסגלאָקן זינגען דאָס שוואנענליד וועגן רום און פראכט פון עקעבי.

און דערווייל לויפט איין שלוח נאָכן אנדערן צום עקע-ביער פאלאץ, צו די הערן קאוואלערן.

צי זענען זיי דען איצטער אויפגעלייגט א טראכט צו טון וועגן דער קוזניע און וועגן דער מיל? אין די גרויסע סאלאָנען פון עקעבי זענען איצט הונדערטער געסט פאר-זאמלט. די בעזים-הענדלערין ווארט אין קיך. דער שפאנענ-דיקער מאָמענט פון איבערראשונג איז געקומען. דער שאמ-פאניער ברויזט אין די גלעזער, דער פאטראָן יוליוס הויבט זיך אויף צו האלטן דעם טאָסט פארן חתן. די אלטע אוואנ-טורניקעס פון עקעבי פרייען זיך שוין פאָראויס פון דעם

סקאַנדאַל, וואָס וועט זיך דאָ אומגעריכט אראָפּלאָזן איבער דער חשובער פֿאַרזאַמלונג.

אין דרויסן וואַנדערט די יונגע גרעפֿין דאָנאַ אין דער פֿינסטערניש איבערן אייז פֿון דער לעיוועז. זי האָט זיך אוועקגעלאָזט אויף אַ לעבנס-געפֿערלעכער נסיעה, בלויז כּדי צו ברענגען יעסטאַ בערלינגן איר וואָרנונג. דאָרט אונטן ביים וואַסערכאַ׳ שטורמען די צעיושעטע פּאָליעס קעגן דער מאַכט פֿון עקעבי, אָבער אין זיינע גרויסע, פּראַכטפֿולע סאַלאָנען הערשט בלויז פֿרייד און אַ שפּאַנענדיק וואַרטן, די וואַקסענע ליכט שטראַלן, און דער ווייַן פֿליסט אין שטראָמען. דאָרט אינעווייניק טוט קיינער נישט אַ טראַכט וועגן דעם, וואָס ס׳טוט זיך איצט אין דרויסן, אין דער פֿינסטערער, שטורמישער פֿרילינג-נאַכט.

אָט איז שוין דער לעצטער אויגנבליק. יעסטאַ הויבט זיך אויף און גייט אַרויס אין קיך נאָך זיין כּלה. ער מוז אָבער אַדורכגיין איבערן פּאָדערהייזל, וואָס זיינע גרויסע טירן זענען איצט אויפֿגעפּראַלט. ער בלייבט שטיין. ער טוט אַ קוק אַרויס אין דער קויל-שוואַרצער נאַכט... און ער דערהערט, ער דערהערט!...

ער דערהערט דאָס קלינגען פֿון די אַליאַרם-גלעקער און דאָס גוואַלטיקע רוישן פֿונם וואַסערפֿאַל, ער דערהערט דאָס דונערן פֿונם פּלאַצנדיקן אייז, דעם פּאַרטויבנדיקן רעש פֿון די צוזאַמענגעשטויסענע קלעצער, דאָס ברויזנדיקע, שפּאָטישע, זיגעריש-יובלדיקע פֿרייהייטס-געזאַנג פֿון די צעבונטעוועטע פּאָליעס.

דאַן לויפֿט ער אַרויס אין דער פֿינסטערניש, פֿאַרגעסנדיק וועגן אַלץ און אַלעמ׳ן. זאָלן די געסט אין זאַל שטיין מיט די אויפֿגעהויבענע גלעזער און וואַרטן, אפֿילו ביז טאָג; איצטער קימערט ער זיך נישט מער וועגן זיי. די כּלה קאָן שוין דאָרט אויך וואַרטן. דער טאָסט קאָן אָפּשטאַרבן אויף די ליפּן פֿונם פּאַטראָן יוליוס! די תּנאים-רינגלעך וועלן שוין היינט נישט אויסגעטוישט ווערן, דער אומדערוואַרטעטער סקאַנ-

דאָל וועט זיך די נאכט נישט אראָפּלאָזן איבער דער חשובער פארזאמלונג.

ווי איז איצט צו אייך, איר בונטארישע פאַליעס, איצטער קומט ערשט די שעה פון קאמף! איצטער זעט, אז איר זאָלט אייך ווירקלעך אויסקויפן אייער פרייהייט! אייער מאכט־לאָזער שונא, דער צעטומלטער המון, האָט שוין באקומען אַן אָנפירער, וועלכער וועט אָרגאניזירן אייערע קעגנער, ווארום איצט איז יעסטאַ בערלינג אראָפּגעקומען צום וואסערפאל, און פרישער מוט ווערט איצט אויפסניי אָנגעצונדן אין דער־שראָקענע הערצער, איצטער קלעטערן די פארטיידיקער ארויף אויף דער מויער, און ערשט איצט הייבט זיך אָן דער גוואל־טיקער קאמף!

הערט אָקאָרשט, ווי ער קאָמאנדעוועט מיט די מענטשן! ווי ער באפעלט און טיילט יעדן צו זיין ארבעט:

— ליכט מוזן מיר האָבן, קודם־כל ליכט! דאָ קלעקט נישט דעם מילנערס האָרן־לאמטערן. שלעפּט צונויף אהער די קופּע טרוקענע ריטלעך, וואָס ליגט אָט־אָ דאָרט, לייגט זיי אוועק דאָ ביים קאנט פון מויער און צינדט זיי אונטער! דאָס וועט זיין אַן אַרבעט פאר פרויען און קינדער. שנעל, איילט אייך, לייגט־אָן אַ גרויסן שייטערהויפן פון צווייגן און צינדט אונטער! שנעל! שנעל! דאָס וועט אונז אי צולייכטן ביי דער ארבעט און אי מען וועט דאָס ליכט זען אויף א וויטן מהלך און מ׳וועט קומען צו הילף, און למען השם, לאָזט נישט דאָס פייער אויסלעשן! ברענגט שטרוי, ברענגט צווייגן, זאָלן העלע פלאמען פלאטערן קעגן הימל!

און דאָ קומט נאָר אהער, איר דערוואקסענע מאנס־לייט, דאָ איז פאראן אן ארבעט פאר אייערטוועגן. דאָ האָט איר קלעצער, דאָ האָט איר ברעטער, קלאפּט שנעל צונויף א רעטונגס־דאמבע! מיר וועלן זי אראָפּלאָזן אין וואסער פאר דער צעבראָכענער וואנט. שנעל, שנעל צו דער ארבעט, מאכט זי פעסט און זיכער! גרייט־אָן שטיינער און זעק מיט זאמד, כדי מען זאָל זי קאָנען אראָפּשטופּן ביז צום גרונט! שנעל

הייבט די העק, קלאפט מיט די העמערס, עסט זיך אריין מיט די עגבערס אין פרישע בעלקעס, שניידט מיט די זעגן אין טרוקענע ברעטער!

און וואו זענען עפעס די יונגלעך? אהער, אהער איר, וואסערוברה׳ניקעס! שאפט אייך דיענגער, שאפט אייך שופל-באָסאקעס און קומט אהער צום קאמף! לויפט שנעל ארויף אויף דער דאמבע, יונגאטשעס, ס׳שאדט נישט, וואָס די זידיקע פאליעס וועלן אייך באגיסן, באשפריצן מיט ווייסן שוים! שטופט-אָפּ, שוואכט-אָפּ, שלאָגט-אָפּ די אטאקעס, וואָס צעברעכן די וואנט! שטויסט-אָפּ די קלעדער אין אייז קריעס, און אויב ס׳איז נישטאָ קיין אנדערע עצה, טאָ לייגט אייך אוועק אויף דר׳ערד און האלט-צו מיט די הענט די שטיינער וואָס רייסן זיך אָפּ! מיט ציין און נעגל זאָלט איר זיי צוהאלטן! קעמפט מוטיק, איר יונגאטשעס, לא-יוצלחס, לאָבוזעס, ליידאקעס! מיר מוזן קעמפן פאר יעדן פיצל ערד!

און יעסטא שטעלט זיך אליין אויך אוועק אויפן סאמע קאנט פון דער דאמבע, הגם ער ווערט דאָרט פון קאָפּ ביז די פיס באשפריצט מיט שוים, דער באָדן ציטערט אונטער אים, די פאליעס דונערן און געוואלטעווען, אָבער זיין ווילד הארץ פרייט זיך פון דער געפאר, פונם אומרו, פונם קאמף. ער לאכט, ער וויצלט זיך פאר די יונגלעך וואָס רינגלען אים ארום דאָרט אויף דער דאמבע; כ׳לעבן, א פרייליכערע נאכט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט!

די רעטונגס-ארבעט גייט שנעל פאָרוועדטס, דאָס פייער פון די שייטער-הויפנס בושעוועט אין דער הויך, די פונקען קנאקן, די העק פון די סטאָליארעס קלינגען אין די בעלקעס און די אלטע דאמבע האלט זיך נאָך אלץ. דערווייל זענען אויך די איבעריקע קאוואלערן און די הונדערטער געסט ארויס-געקומען צום וואסערפאַל. מענטשן קומען צולויפן פון נאָענט און ווייט, און אלע ארבעטן. ביי די פייערן, ביי דער רעטונגס-דאמבע, ביי די זעק מיט זאמד, און אויך אויף דער נאָכ-

גיביקער, ציטערנדיקער דאמבע, אראָפּשטופּנדיק פון דאָרט די אייזקריעס און קלעצער.

און אָט איז שוין די רעטונגס-דאמבע פארטיק. איצטער, ווען מען זי אראָפּלאָזן צום אלטן אונטערגעשווענקטן שטראָם-צעברעכער.

— האלט גרייט די שטיינער און די זעק מיט זאמד און די שיפל-באָסאקעס און די שטריק, כדי דער שטראָם זאָל דאָס נישט אוועקשלעפּן! גיט אכטונג, דער זיג מוז געהערן צום מענטשן! שמידט צוריק איין די צובענטעוועטע פאליעס אין די קייטן פון שקלאַפעריי!

אָבער פּלוצלינג, אין סאמע דעצידירנדיקן אויגנבליק, דערזעט יעסטאַ א פרויען-געשטאלט, אויף א שטיין נעבן ברעג. די פלאמען פונם שייטער-הויפן באלייכטן זי, זי זיצט און גאפט אויף די פאליעס. ער האָט זי נישט געקאָנט זען אזוי בולט דורך דעם נעפּל, אָבער זיינע בליקן ציען זיך כסדר צו איר. ער פילט, אז די דאָזיקע פרוי האָט עפּעס א שייכות צו אים.

זי זיצט אזוי נאָענט פונם ברעג, אז די פאליעס באנעצן איר די פיס, און די שוים באשפריצט זי; זי מוז שוין זיין אדורכגענעצט. זי איז שווארץ געקליידעט, מיט א שווארצן שאל איבערן קאָפּ. זי זיצט איינגעהויקערט, האלט די גאָמבע אָנ-געשפּארט אויף די הענט, און גאַפט אומאויפהערלעך צו אים, ווי ער שטייט דאָרט ביים שטראָם-צעברעכער. ער פילט, ווי די דאָזיקע גאפנדיקע אויגן ציען און לאָקן צו זיך, הגם ער קאָן זיי פון דערווייטנס נישט זען אזוי קלאָר. ער איז שוין איצטער נישט אימשטאנד צו טראכטן וועגן עפּעס אנדערש ווי נאָר וועגן דער פרוי, וועלכע זיצט דאָרט ביים ברעג פון די ווייסע פאליעס.

— דאָס איז זיכער דאָס וואסער-מיידל פון דער לעיווען, וואָס איז דאָ ארויסגעקומען פונם טייך, כדי מיך ארייננצולאָקן אין איר נעץ און ברענגען מיך אין אן אומגליק, טראַכט ער, זי זיצט דאָרט און לאָקט... ניין, ס'איז קיין פלאן

נישט צולאָזן זי אזוי, איך מוז זי אוועקיאָגן פון דאנען.

פלוצלינג דאכט זיך אים, אז די פאליעס מיט זייערע ווייסע קעפ זענען טאקע די חילות פון דעם שווארצן וואסער-מיידל. דאָס העצט זי זיי אונטער צום קאמף, דאָס פירט זי זיי צום שטורם קעגן אים!

— איך מוז זי דורכאויס אוועקיאָגן פון דאנען! זאָגט ער צו זיך אליין.

ער כאפט א שיפל באָסאק, לויפט אראָפ אויף דער יבשה און איילט זיך גלייך צו דער פרוי צו.

ער פארלאָזט זיין פאָסטן אויפן שטראָם-צעברעכער, כדי אוועקצויאָגן דאָס וואסערמיידל. ער איז איצטער אין זיין אויפגעהעצטקייט זיכער, אז די טומאה האָט פון די טיפענישן פונם שאול תחתיה ארויסגעשיקט איר שלוח צו קעמפן קעגן אים. ער האָט נישט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט אים, ער האָט נאָר געפילט אן אומבאזיגבארן דראנג אוועקצויאָגן דאָס שווארצע מיידל פונם שטיין, וואָסביים ברעג פון ביערקזשעי.

אך, יעסטאַ, פארוואָס איז איצט וואַקאָנט דיין אָנפירער-פאָסטן, גראָד איצטער, אין דעם דעצידירנדיקן אויגנבליק? אָט שלעפט אלאנגע ריי מענטשן די דאמבע, זיי שטעלן זיך מיט איר אוועק ביים קאנט פונם אלטן שטראָם-צעברעכער. זיי האָבן דאָרט אָנגעזאמלט די שטיינער און די זעק מיט זאמד, גרייט אראָפצולאָזן די רעטונגס-דאמבע און זי צו צוהאלטן אונטערן וואסער, זיי ווארטן און האָרכן זיך איין. וואו איז אָבער דער באפעלער? וואָס הערט מען נישט די שטים, וואָס זאָל באפעלן און הערשן איבער דער גאנצער רעטונגס-מאנשאפט?

אך... יעסטאַ בערלינג איז איצט אויף דער יאגד נאָך דעם וואסערמיידל; מען הערט נישט זיין שטים, זיינע באפעלן פירן נישט מער קיינעם.

מען מוז די נויט-דאמבע אראָפלאָזן אָן אים. די פאליעס טראָגן זיך אָפ, די דאמבע פאלט אראָפ אין דער טיפעניש, און מען שיקט נאָך די שטיינער מיט די זעק זאמד. נאָר ווי אזוי איז דאס ווערק אויסגעפירט געוואָרן אָן דעם אָנפירער?

קיין שום פּאָרזיכט, קיין שום אָרדנונג. די פאַליעס לויפן ווי־דער צו, זיי ווארפן זיך מיט פרישער ווילדקייט אויף דער נייער צוים, זיי קאָלערן אוועק די זעק מיט זאמד, רייסן איבער די שטריק, שטופּן אוועק די שטיינער. און... ס׳געלינגט זיי, ס׳געלינגט זיי!... שפּאָטנדיק און יובלענדיק הויבן זיי אויף דעם גאנצן אָנגעשטאָפּטענעם ערדוואַל אויף זייערע שטארקע פּלייצעס, רייסן און פליקן אים, און אָט באקומען זיי די מאכט איבער אים. אוועק מיט דעם דאָזיקן נעבעכדיקן פארטיידיקונגס־ווערק, אראָפּ דערמיט אין וואסער אריין! און היידא! צוריק צו דער אלטער נאָכגיביקער, הילפסלאָזער שטיין־דאמבע!

און יעסטאַ יאָגט דערווייל דאָס שווארצע וואסערמיידל. זי האָט געזען, ווי ער איז אָנגעקומען אקעגן איר, דראָענדיק מיטן שיפל־באָסאק. זי האָט זיך דערשראָקן. ס׳האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אריינווארפן אין וואסער, נאָר זי האָט זיך איבערראַלייגט און אנטלאָפן צו דער יבשה־צו.

— וואסערמיידל! פארשאָלטענע טומאָה! שרייט יעסטאַ און פאָכעט מיטן באָסאַק. זי אנטלויפט אין די קוסטעס, אָבער נישט קאָנענדיק זיך דורכרייסן, בלייבט זי שטיין.

דאן ווארפט יעסטאַ אוועק דעם באָסאַק און נעמט זי אָן פארן אקסל.

— איר זענט עפּעס היינט זייער שפּעט אין דרויסן, גרעפין עליזאבעט! זאָגט ער.

— לאָזט מיך צורו, הער בערלינג, — ענטפערט זי — איך מוז אהיימגיין!

ער האָרכט זי תיכף, און קערט זיך אָפּ פון איר.

אָבער אזוי ווי זי איז נישט בלויז א פּאָרנעמע דאמע, נאָר אויך א גוטהארציקע פרוי, וועלכע קאָן נישט פארטראָגן דעם געדאנק, אז זי האָט עמיצן געטריבן צו פארצווייפלונג, אזוי ווי זי איז אויך א חנעוודיקע בלומען־קלויבערין, וועלכע האָט תמיד געענוג רויזן אין איר קוישל, צו קאָנען באצירן אפילו דעם וויסטעסטן וועג, האָט זי טאקע באלד חרטה, גייט־צו צו אים, און נעמט אים אָן פאר דער האנט.

— איך בין געקומען...— זאָגט זי שטאמלענדיק,— איך בין געקומען צו אייך... אָ, הער בערלינג, איר האָט עס זיכער נאָך נישט געטון!?... אך, זאָגט, אז איר האָט עס נישט געטון!... איך האָב זיך אזוי דערשראָקן, בשעת איר זענט מיר נאָכגעלאָפן מיטן באָסאַק, אָבער טאקע אייך האָב איך געוואָלט טרעפן! איך האָב אייך געוואָלט בעטן, אז איר זאָלט נישט טראכטן וועגן דעם, וואָס איך האָב אייך לעצטנס געזאָגט, און אז איר זאָלט קומען צו אונז ווי געוויינלעך.

— אָבער פרוי גרעפין, ווי אזוי זענט איר דאָ אהערגעקומען?

זי האָט זיך נערוועז צעלאכט.

— איך האָב געוואוסט, אז איך וועל קומען צו שפעט, נאָר איך האָב פאר קיינעם נישט געוואָלט זאָגן, אז איך גיי דאָ אהער, און איבעריקנס, איר פארשטייט דאָך, אז מען קאָן היינט נישט פאָרן איבערן אייז.

— פרוי גרעפין, איר זענט הייסט עס, געגאנגען צו-פוס?

— יאָ, געוויס אָבער, הער בערלינג, זאָגט מיר שוין, איך בעט אייך, האָט איר טאקע שוין תנאים געשריבן? איר פארשטייט: איך וואָלט אזוי געוואָלט, אז עס זאָל נישט זיין אזוי! ווארום ס'וואָלט געווען, זעט איר, זייער נישט יושרדיק, און איך פיל, ווי איך וואָלט געווען שולדיק אין דעם אלעם. איר האָט נישט געדארפט לייגן אזוי פיל אכט אויף מיינעם אַ וואָרט. איך בין דאָך דאָ אַ פרעמדע, און כ'בין נישט אזוי גוט באקאנט מיט די מנהגים פון דעם לאנד. ס'איז אזוי אומעטיק אין באַרג, זינט איר קומט נישט צו אונז, הער בערלינג!

יעסטאַ בערלינג שטייט צווישן די נאַסע אָלשינע-צווייגן אויף דעם זומפיקן באָדן, אָבער ס'דאכט זיך אים, ווי עמיצער וואָלט אים באשאָטן מיט גאנצע הויפנס רויזן. ער שפריידט צווישן רויזן ביז אריבער די קני, זיי שיינען פאר אים אין דער פינסטערניש, ער זופט גיריק זייער ריח.

— צי האָט איר עס שוין געטאָן? חזרט זי איבער איר פראגע.

ער פילט, אז ער מוז איר תיכף ענטפערן און מאכן א סוף צו איר פּחד, הגם אין זיך פרייט ער זיך שטארק פון איר מורא. אַך, ווי ווארעם און ליכטיק ס'ווערט אים אין דער נשמה, בשעת ער טראכט, אז צוליב אים האָט זי דאָס אזוי ווייט געוואַנדערט אין דער פינסטערניש און געוואָרן נאס און דורכגעפרוירן! און סארא שרעקלעכער פּחד עס פייניקט זי איצטער, און ווי ווייענדיק ס'קלינגט איר שטים, — אלץ צוליב אים!

— ניין, זאָגט ער לסוף — איך האָב נאָך די תּנאים נישט געשריבן.

זי נעמט אים באַכאמאָל אָן פאר דער האנט און גלעט אים.

— ס'פרייט מיך אזוי שטארק, זאָגט זי, און איר ברוסט וואָס איז ביז-אהער פארקלעמט געווען פון צער, ציטערט-אויף פון ספּאַזמעס.

דאן האָט שוין דער פּאָעט געגנוג בלומען אויף זיין וועג. די גאנצע חוצפּהדיקייט, בייזקייט און שנאה פון זיין הארץ צעגייט ווי שניי אונטער דער זון.

— ווי גוט איר זענט, ווי גוט! זאָגט ער.

נישט ווייט פון זיי גייען די פאליעס צום שטורעם- קעגן רום און פראַכט פון עקעבי. די מענטשן האָבן שוין נישט קיין אָנפירער, קיינער גיט זיי נישט צו קיין מוט און האָפנונג, איצטער פאלט-איין דער שטראָם-צעברעכער מיט א שרעקלעכן דונער, די פאליעס ווארפן זיך איבער אים, און לויפן, שוין זיכערע אין זייער נצחון, קעגן דעם ערד-שפּיץ, אויף וועלכן ס'שטייען די מיל און די קוזניע.

קיינער ארבעט שוין נישט מער, כדי זיך אנטקעגנ- צושטעלן די פאליעס, קיינער טראכט שוין איצט נישט וועגן עפּעס אנדערש, ווי נאָר צו ראטעווען זיך אליין און זיין ביסל אָרעמקייט. און די צוויי יונגע מענטשן קומט עס אזוי נאטיר- לעך פאָר, אז יעסטאַ זאָל זי איצט באגלייטן אהיים. ער קאָן

דאָך נישט איבערלאָזן די יונגע פרוי איינע אליין אין דער פינסטערער נאכט, ער קאָן דאָך זי נישט לאָזן נאָכאמאָל איינע אליין וואנדערן איבערן אייז וואָס האלט שוין ביים איינברעכן. זיי טוען צומאָל נישט אטראכט אפילו, אז מען דארף אים האָבן דאָרט ביי דער קוזניע, זיי זענען אזוי גליקלעך, וואָס זיי זענען ווידער געוואָרן גוטע פריינט!

ס'איז דאָך אזוי לייכט צו גלויבן, אז אין די צוויי יונגע הערצער האָט אויפגעבליט די ליבע, נאָר ווער קאָן עס וויסן? די לעגענדע פון דער הערלעכסטער איבערלעבונג פון די דאָזיקע צוויי מענטשן האָט צו מיר דערגרייכט בלויז אין צעבראָכענע און צעוואָרפענע שערבעלעך. איך ווייס דאָך גאָר-נישט, וואָס איז פאָרגעקומען אין זייערע נשמות, וואָס קאָן איך דען זאָגן וועגן די מאָטיוון פון זייערע האנדלונגען? איך ווייס בלויז דאָס, אז אין דער דאָזיקער נאכט האָט א יונגע שיינע פרוי רידיקידט מיט איר געזונט, מיט איר לעבן, מיט איר כבוד, מיט איר רעפּוטאַציע, — כדי ארויפצופירן אן אָרעמען פארבלאָנדזשעטן מענטשן אויפן דרך-הישר.

איך ווייס בלויז, אַז אין דער דאָזיקער נאכט האָט יעסטאַ בערלינג געלאָזט פאַלן דעם כבוד און פראַכט פון דעם ליבן מקום-מקלט זיינעם, פון דעם שיינעם גוט עקעבי, כדי מיטצוגיין מיט איר, וועלכע האָט צוליב אים גובר געווען אין זיך די מורא פאַרן טויט, די מורא פאר דער שטראָף.

איך בין זיי אָפטמאָל אין מיינע געדאַנקען נאָכגעגאנגען, בעת זייער שפּאַציר איבערן אייז אין דער דאָזיקער שרעקלע-כער נאַכט, וואָס האָט זיך אָבער פאר זיי אזוי גוט געענדיקט. איך גלויב, אז ס'איז אין זייערע נשמות נישט געווען עפּעס אַזוינס, וואָס זיי וואָלטן געוואָלט פארבאָרגן און פארטרייבן פון זיך, בשעת זיי האָבן געוואנדערט איבערן אייז און זיך זאָרגלאָז און פריילעך דערציילט וועגן אַלעם, וואָס איז געשען פאר דער צייט פון זייער ברוגז.

ער איז שוין ווידער געווען איר שקלאַף, איר פּאַזש, וואָס ליגט ביי אירע פיס, און זי — זיין ריטערלעכע דאַמע.

זיי זעגען איבער-פריילעך, איבער-גליקלעך. קיינער פון זיי רעדט אָבער נישט אַרויס אַ וואָרט, וואָס זאָל באַדייטן ליבע.

לאַכנדיק שפּרייזן זיי אין וואַסער ביז די קנעכל. זיי לאַכן, — אַלץ איינס, צי זיי געפינען דעם וועג, צי זיי פאַר-לירן אים, בשעת זיי פאַלן, בשעת זיי שטעלן זיך צוריק אויף אויף די פיס, רק זיי לאַכן פון פרייד.

דאָס געבענטשטע לעבן איז שוין ווידער פאַר זיי א לוסטיקע שפּילעריי, און זיי זענען קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך שלעכט אויפגעפירט און זיך געקריגט. אַך, ווי גוט דאָס איז זיך איבערצובעטן און אָנצוהויבן דאָס שפּיל אויפסניי!

ס'האָבן אָבער באַלד אָנגעהויבן ארומצוגיין קלאַנגען, און מיט דער צייט איז די מעשה וועגן דער גרעפינס נאַכ-טישן אויספלוג דערגאַנגען אויך צו אַננאַ שערנהעק.

— אפנים אז דער רבונו של עולם האָט נישט בלויז איין פייל צו זיין בויגן! האָט זי צו זיך אַליין געזאָגט. איך וועל דעריבער מוזן איינשלעפערן מיין הארץ און פארבלייבן דאָרט, וואו מען נויטיקט זיך אין מיר. אויך אָן מיין הילף וועט גאָט אין הימל קאָנען מאכן א לייט פון יעסטאַ בערלינגן.